הענעך דלוזשניעווסקי

# כתבים

## פון יענדזשעיוּוו • לאדזש • פאריז

פּאַריז תשל״ו 1976

## דאָס בוך ווידמע איך

מיין פאָטער, דעם גערער חסיד, ר׳ וואָלף לייב דלוזש־נאָווסקי ז״ל, אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ, צוזאַמען מיט זיינע צוויי טעכטער; שרה־גיטעלע, מיט אירע בני־בית; דבורה־שיינדעלע מיט אירע בני־בית; ווי אויך מיין מוטער, די צדקת, חיה בת שמואל־זיינוול, אשת וואָלף לייב דלוזשנאָווסקי, וועלכע רוט אויפן בית־עולם אין תל־אביב.

***

מיין פרוי זיסעלע (געבוירן הערצבערג), וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט ממשיך צו זיין מיין איבערגע־ריסענע אַרבעט;

***

אַ יישר־כוח מיינע אומצאָליקע שפענדער — אויפריכ־טיקע דאַנקען.

# א י נ ה אַ ל ט

## 1. פון מיין אונטערגעגאַנגענער היים



## 2. פון די ווידערשטאַנד־יאָרן



## 3. זכרונות פון נעכטן און פון היינט

## 4. ישראל — אונזער היימלאַנד

## 5. פאַריזער שולן און בתי־מדרשים

## יענדזשעיוו — מיין געבוירן-שטעטל

פארוואָגלט אין דער גרויסער, ברייטער וועלט, נאָך יאָרן ראַנגלען זיך פאַרן אייגענעם קיום און פאַר יידישקייט, האָט זיך הענעך נאָך אַמאָל דערמאָנט אין זיין געבוירן־שטעטל יענדזשעיוו. דאָרט, אינעם שטעטל, אין קעלצער קאַנט, האָט ער דאָך געשטעלט זיינע ערשטע, נישט־זיכערע טריט אין לעבן. אַלץ איז פאַר אים איצט געווען איינגעהילט אין א ראָמאַנטישן שלייער. עס געדענקט זיך אים דער טאָג, אין יאָר 1905, ווען דער נאטשאלניק סלאוואָצקי מיט זיינע גרויסע פריצישע וואָנסעס, האָט געפירט די פייערלעשער פון שטעטל אין א מאניפעסטאציע, מיט פענער, מיט מוזיק, מיט לאָזונגען, פאַרן טריאומף פון רעוואָלוציאָנערן אויפ־שטאנד, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט איבער דער גאַנצער רוסישער אימפע־ריע.

גאַנץ באַגינען איז עס געווען, ווען די הענער האָבן געקרייעט, ווען די קלויסטער־גלאָקן האָבן זיך צעקלונגען, די מאַסע האָט זיך געצויגן איבער די פארשלאָפענע געסלעך, מיט אויסגעשרייען פאַר דער פריי־הייט. ס׳האָט זיך געפילט א מין נייע יום־טובדיקייט, מיטגעריסן אלט און יונג. אין חדר איז שוין הענעך אין דעם טאָג נישט געגאנגען. אלע געוועלבער זענען געווען פארמאכט, ווען ס׳האָבן געהילכט די לידער וועגן דער פרייהייט איבערן שטעטל.

די צווייטע געשעעניש, וואָס איז פאַרבליבן אין הענעכס זכרון, איז די חתונה פון זיין עלטסטער שוועסטער שרה גיטעלע. דאָס גאנצע שטעטל האָט זיך משמח געווען.

באַלד נאָך דער חתונה פון זיין שוועסטער, האָט דער פאָטער צו־נויפגערופן זיין גאַנץ בני בית און זיי געזאָגט, בזה הלשון:

— אויפגעבויט א הויז, ס׳הייסט חתונה געמאכט שרה־גיטעלען,

איז מיר ענג געוואָרן אין שטעטל... צופיל געוועלבלעך און וויניק קונים... נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת מיטן רבין, בין איך געקומען צו דער מסקנה — מיר זאָלן צוזאַמענעמען דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט, די קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין, און איבערציען זיך אין כרך לאָדזש... לאָדזש איז אַ גרויסע שטאָט, און גאָט ב״ה איז אַ פאָטער, ער וועט אונז ח״ו נישט פאַרלאָזן.

די מוטער העניכס האָט פונדעסטוועגן געגאָסן מיט טרערן — אריבערפעקלען זיך אין א פרעמדער שטאָט, איבערלאָזן דאָ די גאַנצע משפּחה, קרובים, שוועסטער, ברידער. אַ שטיק לעבן אָפּגעלעבט אין שטעטל, געבוירן און דערצויגן קינדער. די שטוב איז געווען צערודערט. מען האָט זיך שוין געפּאַקט אין וועג אריין.

אַממערסטן צופרידן איז געווען דער קליינער הענעך. מען וועט נישט מער דאַרפן גיין אין חדר. ער וועט אַכטונג געבן אויף זיין קלענערן ברודער שמואל־זיינוועלע, וואָס איז געווען שלאָף, ער האָט געמאָזלט. בכן ער וועט נישט דאַרפן צושטעלן קיין תירוצים דעם פאָטער זיינעם, פאַר־וואָס ער פאַרפעלט גאַנצע טעג אין חדר. אָבער ס'האָט אים אויך באַנג געטון, וואָס ער וועט זיך אָפּרייסן פון דער חברה יינגלעך, מיט וועלכע ער האָט קאָמאַנדעוועט. זיי האָבן אים גערופן ״קאָמאַנדאַנט״ פונקט ווי דעם נאַטשאַלניק סלאָוואַצקי פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע פון שטעטל. דער ברודער שמואל־זיינוועלע, איז נעבעך, געווען זייער קראַנק, האָט געפלאָמט אין היץ, איז דערנאָך אויסגעגאַנגען. פון דעמאָלט אָן איז אַ גרויסער טרויער געהאָנגען איבער דער גאַנצער משפּחה.

דאָס איבערציען און איינאָרדענען זיך אין לאָדזש איז אויך נישט געווען אזוי לייכט. די משפּחה האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ נייער דירה, אויף דער דלוגע גאַס. דאָרט האָט דער טאַטע אויפגעמאַכט א געוועלב, און די מוטער, אַן ענערגישע, איז געוואָרן די גאַנצע געשעפט־פירערן, האָט ביסלעכווייז פאַרגעסן דעם גרויסן אומגליק מיט איר קינד. זי האָט זיך גאַנץ גוט אַן עצה געטון, ווען איר מאַן איז דעמאָלט אַוועק דינען צו פאָניען און זי האָט אַליין געפירט די געשעפטן. דער פאָטער איז געווען אַ פעאיקער מענטש, האָט געהאַט פיל באַקאַנטשאַפט צווישן זיינע חסידים אין לאָדזש, אזוי, אַז פּרנסה איז געווען. די קינדער האָבן זיך אין דער

גרויסער שטאָט אויסגעמענטשלט, געלערנט זיך. איינמאָל זאָגט די מאַמע בזה הלשון צום פּאָטער:

— דו ווייסט, וואָלף־לייבוש, עס מאַכן זיך ביי אונז נייע דאגות, אָבער דאָס מאָל, גאָט צו דאַנקען, פריילעכע.

— למשל — פרעגט דער פּאָטער — לאָמיך הערן.

— אונזער צווייטע טאָכטער, דבורה־שיינדעלע, איז שוין אַ גאַנצע פריילין, קיין עין הרע. זי איז נושא־חן געוועזן ביים שכנס אַ זון. ער רופט זיך וועלוול טריבאָוניק. און דערפאַר, מיין איך, דאַרף מען שוין אַ טראַכט טון וועגן אַ שטיקל נדן פאַר איר.

— אדרבא — זאָגט דער פּאָטער — ביסט אַ מאַמע, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. אמן!

— אָבער מיטן זאָגן: אמן, וועט נאָך גאָרנישט אַרויסקומען...

די צייט איז נישט געשטאַנען אויף קיין אָרט. דער פּאָטער האָט זיך פּאַרנומען מיט מאַגיסטראַט־ענינים. זיין פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט איז געוואַקסן. ער איז געווען פאַרוואָרפן מיט חתונה־פּאַפּירן, מעטריקעס און אַנדערע יורידישע עסקים, ווי אויך מיט גילדעס. דאָס איז געווען אַ ספּעציעלער מין פּאַטענט. איינמאָל האָט פּאַסירט אַ מאָדנע געשיכטע: ער איז אַוועק אין מאַגיסטראַט מיט אַ גרויסער סומע געלט, טאַקע וועגן אויסלייזן גילדעס. קיין טאַשן־ציער האָבן אין לאָדזש נישט געפעלט, האָט מען ביי אים דעם טייסטער אַרויסגעצויגן. ער איז אַהיימ־געקומען אַ פאַרצווייפלטער. אָבער די מוטער האָט אים געטרייסט:

— גאָט איז אַ פּאָטער. ער וועט צוריקגעבן טאָפּלט...

און אַזוי איז טאַקע געווען. די פּרנסה איז אַוועק, נישט צו פאַר־זינדיקן. ער האָט מיט דער צייט איבערגענומען עטלעכע הייזער, ווי אַן אַדמיניסטראַטאָר, דאָס הייסט אַ „זשאָנדצע". דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש צווישן זיינע חסידים. גוטע פריינט זענען אים געקומען גראַ־טולירן. מען האָט געטרונקען לחיים. עס איז געווען אַן אמתע שמחה. די מוטער הענעכס האָט נישט פאַרפעלט צו לאָזן אַ טרער פון פרייד. אויף דער שמחה איז אויך אַראָפּגעקומען דער שכן פון וויז־אווי, די פאַ־מיליע טריבאָוניק. ביי דער געלעגנהייט האָט מען שוין אויך געכאַפּט אַ שמועס מכוח דבורה־שיינדעלעס סימפּאַטיע.

הענעך האָט זיך שטיל צוגעהערט, אָבער ער האָט נישט אַלץ גע־

קענט אויפכאַפּן פונעם שמועס. ער האָט געוווּסט, אַז די מוטער זאַמלט אַ קניפּל פאַר דער טאָכטערס נדן אין דער שטאָט־קאַסע. דאָס געוועלב, וואָס די מוטער האָט געפירט באַזונדער, איז נישט שלעכט אַוועק. זי איז געווען זייער באַליבט ביי אירע קליענטן. אַביסל האָט אויך דער מאַן צוגעהאָלפן. וואָס שייך די שטוב־באַלעבאַטישקייט, איז די טאָכטער, דאָס כלה־מיידל, דבורה־שיינדעלע, געווען א גרויסע בריהטע. זי האָט אַלץ אין הויז פאַרזאָרגט. האָט אפילו געזאָרגט אַז אירע ברידער זאָלן נישט פאַר־פעלן דאָס לערנען. זי האָט זיך אויך פאַרנומען מיטן ייִנגסטן שוועסטערל, אסתרל, וואָס אַלע אין שטוב האָבן זי זייער ליב געהאַט. אַמאָל האָט זיך געמאַכט אַזאַ מעשה מיטן ייִנגערן ברודער הענעך: ער האָט נישט אַרויס־געוויזן אַזאַ פלייסיקייט אין לערנען, האָט געגומען אהיימברענגען פאַר־שידענע ביכלעך. ווען דאָס איז אָנגעקומען צום פאָטער, האָט ער באַקומען דעם אמתן פסק־דין. אָבער די מוטער פלעגט תמיד פאַרגלעטן:

— לאָז צורו דאָס קינד, ווערסט זען, וואָלף־לייבושי, מיר וועלן פון הענעכן נאָך האָבן נחת. וועט ער נישט אויסוואַקסן קיין גרויסער בן־תורה, ווי אונזער זעליקל, אָבער ער וועט, מיט גאָטס הילף, זיין אַן ערלעכער ייִד.

דער פאָטער איז געבליבן אומצופרידן, זיינע לעפצן האָבן עפּעס גע־מורמלט. מער זאָרגן איז געווען מיטן עלטערן זון, זעליק. ער איז טאַקע געווען א בן־תורה, די עלטערן האָבן זיך געגרויסט מיט אים. ער איז אויך געווען אָנגעזען אין גערער שטיבל. אָבער עפּעס איז דעם פאָטער נישט געפעלן, וואָס זעליק לערנט נאָר אין ליטווישן בית המדרש ביי דישקינען און נישט ביי די גערער חסידים. דישקינס בית המדרש, האָט ער געוווּסט, איז אונטער דער השפעה פון סלאָנימער רבינס חסידים, און אַז אַ סך בחורים וואָס לערנען דאָרט, פאָרן סוף כל סוף אַוועק אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. און אַזוי איז טאַקע געווען.

אַ גרויסע מהומה איז געווען אין הויז זעליקס אַנטרינען. ער איז אַוועק, אפילו נישט געזעגענענדיק זיך. דאָס איז געווען אין אַ זומערדיקן פרייטיק, ווען דער פאָטער מיט די בנים פלעגן גיין אין מרחץ, לכבוד שבת. דער פאָטער איז געווען אויסער זיך, פול מיט עגמת־נפש. די מוטער האָט עס באַלד דערפילט און אים אַ פרעג געטון:

— וואָס איז געשען, וואָלף־לייבושי?

דער מאַן האָט גאָרנישט געענטפערט. האָט זי פאַרבראָכן די הענט און אָנגעהויבן צו קלאָגן. די קינדער, הערנדיק די מוטער וויינען, זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן. דאָס איז געווען הענעך, וואָס האָט אַנטפלעקט דאָס אַנטרינען פון זעליקן. זעליק האָט געוויינלעך ווייניק גערעדט, אָבער דאָס מאָל האָט ער געגעבן עפּעס אָנצוהערן וועגן אַ נסיעה, כאָטש געגנוי האָט מען נישט געוווּסט. זעליקס אַ חבר פון דישקינס בית מדרש איז געקומען צו אים און זיי האָבן עפּעס שטיל געשמועסט צווישן זיך וועגן אַן ענין. דער קלענערער הענעך, האָט עפּעס אויפגעכאַפּט.

הקיצור, אין דעם דאָזיקן שבת האָט מען שוין קיין זמירות ביים טיש נישט געזונגען. דער פאָטער האָט נאָר שטיל אונטערגעקרעכצט. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— חיהלע טייערע, עס איז שבת קודש...

יעדעס קינד אין זיין ווינקל האָט געפּילט דעם פאַרשטערטן שבת. און באַלד, צו דער פולער וואָך, אזוי ווי מען האָט ליכט אָנגעצונדן, איז געקומען אַ שליח און האָט צוויסן געגעבן די עלטערן, אַז זעליק איז אַוועק אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. די מוטער האָט געגאָסן מיט טרערן, אָבער דאָס זענען גיכער געווען טרערן פון פרייד, וואָס איר זון איז אַוועק לערנען, כאָטש דאָס האַרץ האָט איר ווי געטון, וואָס איר קינד וואַלגערט זיך אין דער פרעמד. ווייל בסך הכל איז דאָס בחורל אַלט געווען 14 יאָר, ווען ער האָט זיך געלאָזט אין דער ברייטער וועלט אַריין. זי האָט דעם מאַן געטרייסט:

— וואָס ווילסטו, ער איז דאָך געפאָרן לערנען תורה.

דערנאָך איז שוין אָנגעקומען אַ בריוול פון זעליקן, טאַקע מיט דעם זעלבן שליח. די מוטער האָט אים, דעם שליח, געוואָלט אויסזידלען, ער איז דאָך אָבער געקומען מבשר זיין אַ גוטע בשורה. פאַרקערט, זי האָט דעם שליח זייער גוט אויפגענומען. ביי דער געלעגנהייט האָט דער פאָטער זיך דורכגעשמועסט מיטן יונגערמאַן, און ער איז געוויר געוואָרן, ווו, אַ שטייגער, זעליק האָט גענומען געלט אויף רייזע־הוצאות? די מוטער איז גלייך צוגעגאַנגען צו דער שאַנק עפּעס אַרויסנעמען, און פלוצים איז איר קלאָר געוואָרן, פון וואַנען זעליק האָט געהאַט געלט אויף רייזע־הוצאות. און זי האָט גענומען טענהען, אַז נאָר ער, דער שליח, איז געווען דער אונטערפירער פון זעליקס אַנטרינען...

— מײַן קינד — האָט זי געזאָגט — װאָלט קײנמאָל נישט געהאַט אַזעלכע אײנפאַלן...

פון דעמאָלט אָן האָט זיך דער שליח מער נישט באַװיזן. דער פאָטער האָט עטלעכע מאָל געלײענט דאָס בריװל פון זעליקן: „איך בעט מיר מוחל זײַן פאַר אַלע מײַנע חטאים, װאָס איך בין באַגאַנגען"... די מוטער האָט זיך שטאַרק צעװײנט. אָבער דער פאָטער האָט זיך אָנגערופן:

— נישט געזאָרגט. אויף יום טוב װעט זעליק זײַן מיט אונדז און ער װעט װידער באַשײַנען אונדזער טיש.

װען נישט זעליקס פאַרשװינדן, װאָלט אין דעם הויז אַלץ געגאַנגען כשורה. אָבער מיט דער צײַט האָט מען זיך צו אַלעם צוגעװוינט. אויך דעם קלענערן, הענעכן, איז לײַכטער געװען אויפן האַרצן, כאָטש די עלטערן האָבן פאַראיבל געהאַט אויף אים, פאַרװאָס ער לערנט נישט מיט אַזאַ חשק, װי זײַן ברודער. דער פאָטער האָט זיך אויך דערװוּסט, אַז גאָר אַנדערע זאַכן ליגן אים אין קאָפּ. דאָס ײנגל האָט געלערנט אין דער ײדישער טעכנישער שולע אויף שרעדניע גאַס. איז דער פאָטער געװיער געװאָרן, אַז אַ לערער װעט קומען אין שטוב אים צוהעלפן צו די לעקציעס. װען דער לערער איז געקומען אין שטוב אַרײַן, איז גראָד דער פאָטער אָנגעקומען פון גערער שטיבל, און געזאָגט צום לערער, אַז קײנמאָל װעט זײַן זון נישט באַטרעטן די שװעל פון דער שולע, װאָרום די שולע איז גורם צו גױאישקײט. ס'איז אויסגעבראָכן אַן אמתער סקאַנדאַל אין שטוב. מער האָט הענעך אין דער דאָזיקער שולע נישט געקאָנט חלומען אָנגענומען צו װערן.

אויך דאָס גײן אויף אָװנט-קורסן איז אים אָנגעקומען שװער צוליב זײַן פאָטער. ער האָט די לעקציעס נישט געקענט מאַכן װי ס'באַדאַרף צו זײַן. צו יענער צײַט האָבן זײַנע עלטערן געטוישט די דירה — משנה מקום, משנה מזל. מיטן פאָטער האָט ער מער נישט געפירט קײן װיכוחים.

אַזאַ איז געװען דאָס לעבן פון דער משפּחה נאָכן אויסװאַנדערן פון קלײנעם שטעטל יענדזשעיװ, נאָך דער חתונה פון זײער עלטסטער טאָכטער שרה-גיטעלע. דאָס אײַנלעבן זיך אין דער גרויסער שטאָט מיטן שטענדיקן הו-האַ, איז אויך נישט געװען אַזוי לײַכט. זײ האָבן זיך אָבער ביסלעכװײַז דעראָבערט אַ שטיקל פּאָזיציע, זענען געװען אָנגעזען אין

זייער סביבה, אויך די קינדער האָבן זיך ביסלעכווייז דערשלאָגן צו אַ מדרגה. די שטאָט לאָדזש איז געווען דער שטוים פֿאַראויס פֿאַר עפּעס בעסערס און שענערס אין לעבן. כאָטש דער פֿאָטער, אין זיין פֿרומקייט, איז געווען אַ שטער פֿאַר זיי. ער אַליין איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט באַזיצט עטלעכע שפּראַכן, אין וואָרט און שריפֿט. מ׳קען זאָגן — אַ פּאָלי־גלאָט, און דערצו — אַ גערער חסיד. אָבער ער האָט געטענהט:

— אויסלערנען זיך שפּראַכן, גוט, אָבער דאָס דאַרף נישט פֿירן צו גויאישקייט.

דאָס יינגסטע קינד אין דער משפּחה, אסתרל, זי איינע האָט גע־האַט פּריווילעגיעס. מען האָט זי איינגעשריבן אין דער שולע ביי די הער־צנס, אויף דער שרעדניע גאַס. דאָס איז דער פֿאָטער אַליין געגאַנגען מיט איר. נישט אַזוי ווי הענעך, וואָס האָט געוואָלט לערנען אין דער טעכ־נישער שולע. און טאָמער האָט הענעך געלאָזט פֿאַלן אַ וואָרט, פֿאַרוואָס אסתרל לערנט זיך אין אַ גויאישער שולע, איז דער פֿאָטער אַרויס פֿון די כלים:

— הערצנס שולע איז שוין איינמאָל אַ שולע! קודם איז עס אַ יידישע שולע. חוץ דעם — האָט ער געטענהט — וועל איך אפשר בקרוב דאַרפֿן אַ געהילף צו פֿירן די ביכער פֿון די הייזער.

ווארום ער איז שוין געווען הויז־פֿאַרוואַלטער פֿון אַ סך גרויסע הייזער, און דאָס מיידל וועט מיט דער צייט אים העלפֿן אין דער אַר־בעט. דערויף איז די מוטער אויך מסכים געווען.

**
*

עס איז געווען אַ וווּנדערלעכער פֿרייטיק נאָכמיטאָג. די זון האָט זיך געגנויגט צום מערב, און יידן האָבן זיך געגרייט צו באַגעגענען דעם היי־ליקן שבת. דעמאָלט האָט פּאַסירט אַ צופֿאַל מיט הענעכס יינגסט שוועס־טערל. די מוטער האָט צוגעגרייט דעם שבת, נישט צו פֿאַרשפּעטיקן ח״ו ליכט־בענטשן. ווען זי האָט געהאַלטן אין מיטן צוגרייטן דעם טשאָלנט, רופֿט זי פּלוצים איר יינגסט מיידל אסתרל:

— קום, אסתרל, וועסטו מיר די נאָדל איינפֿעדעמען. איך באַדאַרף דאָס מעגעלע אויספּאַרטיקן.

אסתרל האָט געגומען די נאָדל מיטן פאָדים, און די מוטער שטייט און וואַרט. אסתרל נעצט איין דעם פאָדעם, נעמט אים איינפעדעמען, אָבער די מוטער איז איילִיק. ס׳איז שוין באַלד שבת קודש. רופט די מו־טער נאָך אַמאָל:

— גיב שוין גיכער די איינגעפעדעמטע נאָדל.

ענטפערט אסתרל מיט געוויין:

— איך זוך די נאָדל...

— ווו האָסטו געלייגט די נאָדל? — שרייט די מוטער מיט שרעק.

— איך האָב זי געהאַלטן אויף די ליפּן.

— אויב אַזוי, האָסטו געטון יענע חכמה. האָסט דאָך זי געקענט. חס ושלום, אַראָפּשלינגען...

דאָס קינד האָט מער נישט באַדאָרפן, נאָר צו הערן דאָס וואָרט „אַראָפּשלינגען". תיכף שרייט זי אויס:

— מאַמעשי, עס שטעכט מיר אין האַלדז...

דאָ ווערט גלייך אַ בהלה. די מוטער כאַפּט ס׳קינד און לויפט אין איין אָטעם צום דאָקטער. גראָד אין דער רגע איז דער מאַן מיט די בנים צוריקגעקומען פון מרחץ, און דער פאָטער פרעגט:

— וואָס איז געשען?

— דאָס קינד האָט אַראָפּגעשלונגען אַ נאָדל... — שרייט זי מיט שרעק.

עס איז געוואָרן אַ צוזאַמענגעלויף. יעדער איינער גיט אַן אַנדערע עצה. דער פאָטער האָט קיין סך צייט נישט פאַרלוירן. גלייך געלאָפן צום פּראָפעסאָר סאָלאָווייטשיק, אַ רוסישער ייד, וואָס איז געווען באַרימט אין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן. ער האָט געוווינט נאָענט פון זייער הויז, כמעט בשכנות, אויף דער קאָנסטאַנטינער גאַס. בנעימות, פלאַנמעסיק, האָט זיך דער פּראָפעסאָר גענומען באַטראַכטן דאָס קינד. וואָרום אַזעלכע זאַכן גע־שעען נישט יעדן טאָג. קודם האָט ער אויסגעפרעגט דאָס קינד:

— דערצייל דעם דאָקטער אַלץ, ווי אַזוי ס׳האָט זיך דיר געגומען דוכטן, אַז דו האָסט אַראָפּגעשלונגען די נאָדל.

דער פאָטער, צוזאַמענגעבראָכן, זיצט אין אַ ווינקל און פּרעפּלט עפּעס מיט די ליפּן. די מוטער, אין וואַרט־זאַל, האַלט אין איין קלאָגן,

ברעכט זיך די הענט. זי קען זיך נישט שענקען, פאַרוואָס זי האָט אסתרלען געגעבן איינצופּעדעמען די נאָדל, און נישט דבורה־שיינדעלען.

— טאַטעניו אין הימל, ראַטעווע מיין קינד...

און ווי גאָט וואָלט דערהערט איר געבעט, טוט זיך אַ מאַך אויף די טיר און דאָקטער סאָלאָווייטשיק דערשיינט מיטן קינד ביי דער האַנט.

— טייערע פרוי — זאָגט ער — אייער קינד האָט קיינמאָל קיין נאָדל נישט אַראָפּגעשלונגען... עס איז אַן האַלוציניאַציע, באַגלייט מיט מורא. גייט אַהיים געזונטערהייט און האָט אַ גוטן שבת.

אַזאַ פרייד, אַז טרערן זענען דער מוטער געקומען אין די אויגן. זי ווענדעט זיך צום מאַן:

— וואָלף־לייבושי, ס'איז נאָך צייט ליכט צו צינדן? דבורה־שיינדל האָט כאָטש צייט געהאַט דעם טשאָלנט צום בעקער צו שיקן?...

אויף דער גאַס האָבן געוואַרט קינד־און־קייט אויף דער גוטער בשורה. די מוטער האָט באַשלאָסן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען זי וועט פאָרן אויף קוראַציע קיין בוסק, צוליב איר רעוומאַטיזם, אָפּצושטאָטן אַ וויזיט ביים בוסקער רב ר'מאָטעלע, וואָס פלעגט איר תמיד געבן גוטע סגולות. און אויך דער פאָטער האָט געבענטשט גומל שבת ביים דאַווענען. אין חסידים־שטיבל האָבן אים אַלע צוגעוווּנטשן, ביי אַ לחיים, אַז דאָס מיידעלע זאָל לאַנג לעבן און אַז ער זאָל האָבן פון איר אַ סך נחת. אָנשטאָט אַ פאַרשטערטן שבת, איז ביי הענעכס עלטערן געווען אַ פריילעכער און לוסטיקער שבת, וואָס מען איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

עס איז אויך געקומען אַ בחורל פון דישקינס בית מדרש און איבערגעגעבן אַ גרוס פון זייער יינגל זעליק, וואָס האָט געלערנט אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. עס איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַ בשורה, אַז דער סלאָבאָדקער רבי איז צו־גאַסט אין לאָדזש און אַז שבת קודש וועט דער רבי אָפּריכטן טיש.

— איך האָב מורא, אַז דער טאַטע וועט נישט וועלן גיין צום רבינס טיש — איז די מוטער געווען אומרואיק — ער איז דאָך גאָר אַ גערער חסיד...

אָבער דער פאָטער איז דאָסמאָל נאָכגעקומען זיין ווייבס בקשה און איר צוליב געטאָן. פרייטיק־צו־נאַכטס זענען אַלע געווען מלא שמחה,

גייענדיק צום סלאָבאָדקער רבינס טיש, אָפּצוגעבן שלום דעם הייליקן צדיק. קיינער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ גרויסן עולם. עס איז געווען אַ שטופּעניש, אַ דרענגעניש, מען איז געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ אין בית מדרש, אַז זעליקס פּאָטער איז אוממעגלעך געווען צו דער־שפּאַרן זיך צום רבינס טיש. פּלוצים האָט זיך געהערט אַ מורמלעניש פון עולם:

— דער רבי פאַרנעמט שוין דעם כסא הכבוד.

עס איז געוואָרן שטיל, און מיטאַמאָל הערט מען אַ רוף בקול רם פון רבינס אַ שמש:

— דער פּאָטער פון זעליקן, דעם בחור פון סלאָבאָדקער ישיבה, ווערט געבעטן צום רבינס טיש.

דער עולם האָט תיכף געמאַכט אַ וואַרע, דורכצולאָזן דעם פּאָטער. עס איז נישט קיין קלייניקייט ביי חסידים, אויסצופירן דעם רבינס בקשה. דאָס האָט אים שטאַרק געהויבן אין די אויגן פונעם עולם. און אָט הערט מען דעם רבינס קול, אין אַ טיפער דביקות, קלינגט שטאַרק:

— סקאָצל קומט, זעליקס פּאָטער...

און ער דערלאַנגט אים די האַנט מיט אַ ברייטן שלום עליכם:

— אַן עילוי וואַקסט ער, דיין בחור זעליק־אשר.

דאָס אַליץ האָט דער קליינער הענעך געהערט, פאַרשטופּט צווישן עולם, צווישן דעם רבינס לייב־מענטשן, וואָס האָבן דאָס יינגל נישט צוגעלאָזן צום טיש. אָבער הענעך האָט זיך פאַרט דורכגעשפּאַרט. דער רבי האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט, אין זיין גאַנצן הדרת־פּנימדיקן פּראַכט. אַלעמענס בליקן זענען געווען געווענדעט צום רבין מיט גרויס יראת הכבוד. ער זאָגט: שלום־עליכם, און דער גאַנצער עולם ענטפערט: עליכם שלום. עס איז געווען אַ געפיל, ווי מלאכים וואָלטן ממש גע־שוועבט איבערן בית מדרש. זיי האָבן געשעפּט אַ סך נחת פון הייליקן רבין, פאַרגייענדיק זיך אין ניגונים.

ווען דער פּאָטער, מיט הענעכן ביי אַ הענטל, איז אַרויס פון בית מדרש, איז שוין געווען נאָך חצות. ר׳וואָלף־לייבס הויזגעזינד האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד, ביי זייער באַטרעטן די שוועל פונעם הויז. די מוטער איז געווען מלא שמחה, וואָס זיי האָבן דערלעבט נחת פון זייער זון.

אויך וועגן הענעכס דרכים האָבן די עלטערן געזאָרגט, אַז ער זאָל גיין אין אַ יידישן וועג. און די מוטער האָט דעם פאָטער פאַרזיכערט:

— מיר וועלן אי״ה פון הענעכן אויך האָבן נחת. נישט אַלע יידן קענען זיין בני־תורה.

אזוי איז דאָס לעבן פון דער משפחה געגאַנגען, ביז עס איז גע־קומען די וועלט־קאַטאַסטראָפע פון יאָר 1914. די עלטערן האָבן ביז דעמאָלט געוווינט אויף קאָנסטאַנטינער גאַס. דער טאָג פון מלחמה־אויס־ברוך איז אויסגעפאַלן אין אַ שבת תשעה־באב. דעם זעלבן טאָג איז אויך געקומען אַ טעלעגראַמע פון זעליקן, מ׳זאָל אים שיקן אויף רייזע־הוצאות, אַהיימצוקומען, ווארעם אַלע ישיבה־בחורים זענען שוין אַוועק אַהיים, אויס מורא, מ׳זאָל זיי נישט מאָביליזירן צו פאַניען. עס איז געווען שבת און מ׳האָט געמוזט וואַרטן ביז מאָנטיק, איבערצושיקן זעליקן דאָס געלט. די שמחה, אַז זעליק קומט אַהיים, איז אין הויז געווען זייער גרויס, נאָר, ווי געוויינלעך, באַגלייט מיט דער מוטערס טרערן. זי האָט שוין געוואַרט די מינוט, צוריקצוזען איר זון אין הויז.

אזוי ווי די מלחמה האָט זיך פאַרצויגן, האָט די מוטער פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אויך די טאָכטער שרהטשע, מיט איר מאַן און קינד, ברענגען קיין לאָדזש. זיי זענען דאָרט, אין טאָמאַשאָוו, געבליבן אָן פּרנסה. טאָמאַ־שאָוו איז געווען אַ פאַבריק־שטאָט, און איצט, מלחמה־צייט, איז דאָרט גע־ווען אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. דער פאָטער איז געקומען מיט אַ פאַר־טיקן פּלאַן — אַזוי ווי דער שכן פון אייזן־געוועלב ציט זיך אַרויס, און אזוי ווי דער פאָטער איז געווען דער הויז־פאַרוואַלטער, זאָל מען תיכף איבערנעמען דאָס געשעפט מיט דער דירה, און די קינדער זאָלן זיין מיט אַלעמען אין לאָדזש.

עס איז אָבער נישט געווען אַזוי לייכט דורכצופירן. אַרום לאָדזש זענען שוין פאָרגעקומען פאַרביטערטע שלאַכטן. די דייטשן האָבן אָנגע־גריפן און דער רוסישער קאָזאַקן־פּאָלק האָט פאַרלאָזן די שטאָט.

לאָדזש האָט נישט פאַרמאָגט קיין שום פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע, אָבער דער פּאָלק קאָזאַקן, וואָס האָט זיך געפונען אין גאַרניזאָן, האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. יעדן אָוונט, נאָך חצות, אין דער האַלבער נאַכט, האָבן לאַסט־וועגענער געפירט געהרגעטע סאָלדאַטן איבער דער שטאָט, דורך דער קאָנסטאַנטינער גאַס. קיין מענטש האָט דעמאָלט נישט

געטאַרט זיך ווייזן אויף דער גאַס. די פּאָלקס־מיליץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן — צווישן זיי אויך אַ סך יידן — האָבן באַוואַכט די שטאָט. אַזוי האָט זיך די באַלאַגערונג פון לאָדזש געצויגן אַן ערך פיר וואָכן. אַ טייל פון קאָזאַקן־פּאָלק איז געלונגען דורכצורייסן זיך ביז וואַרשע, און לאָדזש איז באַזעצט געוואָרן דורכן קייסער ווילהעלמס טרופּן. אָבער די מלחמה איז ווייטער געגאַנגען. ערשט אין 1916 איז וואַרשע געפאַלן.

מען קען זאָגן, אַז יידן האָבן גאָר אויפגעלעבט, מיטן אַריינקומען פון די דייטשן קיין לאָדזש, נאָכן פּטור ווערן פון די רוסישע דעספּאָטן. וואָרעם די נייע געזעצן פון די דייטשן זענען לכתחילה געווען גאַנץ מילדע, בפרט, אַז די שטאָט האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל איינגעבוירענע דייטשן. אַלץ האָט ווידער גענומען פּולסירן, דער האַנדל האָט געבליט און יידן האָבן געמאַכט געשעפטן.

די מוטער הענעכס האָט געפּאָלגט דעם פאָטערס פּלענער. אין איין וואָך איז דאָס אייזן־געשעפט פון שכן געווען אין איר באַזיץ. די עלטסטע טאָכטער שרה־גיטעלע מיט איר בני־בית זענען געקומען צופאָרן און געלעבט צוזאַמען מיט די עלטערן. דאָס אייזן־געשעפט, איז, לויט דער מוטערס פּלאַן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געשעפט פון פּוטער, קעז, וואָס די פּויערים פון אַרום לאָדזש האָבן צוגעשטעלט. מ׳האָט געבראַכט די סחורה אויך פון קאָנסטאַנטין און פון די אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך. עס איז געווען פּרנסה בריווח. געוווינט האָבן די צוויי משפּחות באַזונדער, מיט דער צייט זענען צוגעקומען נאָך אייניקלעך. עס זענען געפּראַוועט געוואָרן שמחות.

שרהטשע מיט איר בני־בית האָבן חרטה געקריגן פון שותּפות. אַזוי ווי דער פאָטער האָט זיך נישט געמישט אין געשעפט, בלויז די מוטער, האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז דאָס געשעפט זאָל בלויז זיי אַליין געהערן. עס זענען אויסגעבראָכן סכסוכים. סוף כל סוף האָט מען זיך אויסגעגלייכט, לויטן פּסק־דין פון פאָטער: אַז די קינדער בלייבן די באַלעבאַטים פון געשעפט.

די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן נייע פאַראָרדענונגען וועגן דער הויז־פאַרוואַלטונג, און דאָ איז אַנטשטאַנען אַ שטיקל סומאַטאָכע. קודם־כל האָבן די הויז־ביכער געמוזט געפירט ווערן אין דער דייטשער שפּראַך, ווי אויך איבערזעצן די פריערדיקע ביכער פון רוסיש אויף דייטש. האָט

עמיצער נישט אויסגעפּילט דאָס געזעץ לויטן טערמין, האָט אים געדראָט אַ גרויסע שטראָף. ביים הויז־פאַרוואַלטער וואָלף־לייב איז קיין מהומה נישט געווען. ער האָט באַהערשט גוט די דייטשע שפּראַך. איז מען אצינד געקומען פון אַלע זייטן צו וואָלף־לייבן נאָך עצות, ווארום ער איז דאָך אָנגעגאַנגען אין שטאָט ווי אַ שטיקל פּאָליגלאָט. אויך אין הויז ביי זיינע קינדער איז דערלויבט געוואָרן צו לערנען דייטש, אפילו זיין בן־תורה זעליקל. דאָס האָט הענעכן דערמאָנט אַ פּיינלעכן פּאַקט, מיט זיין ווילן לערנען זיך אין דער טעכנישער שולע אויף שרעדניע גאַס, און דאָס פאַרשעמען דעם לערער. די טענות פון פאָטער זענען געווען:

— ווען אַ נייער הערשער פון לאַנד גיט אַרויס נייע געזעצן, זענען זיי גובר אַ סך פּרינציפּן. דערפאַר דאַרפט איר, מיינע ליבע קינדער, און מיר אַלע צוזאַמען, פאַרקאַטשען די אַרבל און נעמען זיך צו דער לערע.

די הויז־ביכער זענען טאַקע צוגעשטעלט געוואָרן צו דער צייט און הענעך האָט אין דעם פאַל טריאומפירט. די מוטער האָט אים גענור־מען אונטער אירע פליגל און האָט אים געזאָגט:

— זיי רואיק, מיין ליבער מאַן, וועסט זען, הענעך וועט, מערטשעם, אויסוואַקסן אַ גוטער ייד און מיר וועלן האָבן פון אים נחת.

דאָס יינגל הענעך האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויס חשק צו בילדונג און אויך צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער האָט שוין געהאַט אַרום זיך אַ גרופּע יונגע לייט, מיט אַ דראַנג צו בילדונג און וויסנשאַפט. זיי האָבן צוזאַמענגערופן אַן אסיפה און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ יוגנט־פאַראיין אין לאָדזש. דער פאַראיין וועט טראָגן אַ נאָמען, וואָס זאָל סימבאָליזירן ארץ־ישראל, „אור ציון". די אינאַגוראַציע איז פאָר־געקומען אויף דער צעגליאַנע גאַס, ביים חבר ליפּשיץ, דער ביי אַלעמען באַליבטן העברעאישן לערער.

דער טאָג פון חינוך איז אויסגעפאַלן אין אסתר־תענית פון יאָר 1915. ס'איז שוין געווען דאָס צווייטע יאָר מלחמה. דאָס איז געווען אַ נייע תקופה אין יונגן לעבן פון הענעכן. דער פאַראיין „אור ציון" האָט אַרויסגערופן גרויס סימפּאַטיע ביי דער לאָדזשער יוגנט. קיין אַרבעט און פליכטן האָבן נישט געפעלט. יעדער חבר האָט אויסגעפירט זיין אויפ־גאַבע מיט התלהבות. אָבער אין דער היים ביי הענעכן איז מען ווידער

געוועז אומצופרידן, דער עיקר איז די מאַמע געוועז אומצופרידן, פאַרוואָס דער טאַטע האָט מיך ניט אַוועקגעשיקט. דער עיקר איז די מאַמע געוועז אומצופרידן, פאַרוואָס העגעך פטרט צו שנעל אָפּ דאָס תּפילין־לייגן און דאָס דאַווענען:

— טאָמער קוק איך אַוועק, דאַוונסטו בכלל נישט. דער טאַטע וועט האָבן דערפון גרויס עגמת נפש.

— אָבער — האָט זיך העגעך פאַרטיידיקט — אין דער גזעזעל־שאַפט „אור ציון" פאַרנעמען מיר זיך מיטן ציוניסטישן אידעאַל, און דאָס איז פונקט אַזוי וויכטיק ווי בעטן צום רבונו של עולם...

פרייטיק צו־נאַכט, ביים טיש, האָט דער פאָטער טאַקע באַמערקט, אַז ביים זמירות זינגען, איז העגעכס קאָפּ און געדאַנק ערגעץ אַנדערש. און דאָס איז אמת געוועז, עס איז געוועז אין די טעג, ווען עס איז געקו־מען אַ חבר פון וואַרשע האַלטן אַ רעפעראַט, און העגעך איז באַשטימט געוואָרן צו פירן דעם פאַרזיץ. באַלד נאָכן בענטשן האָט דער פאָטער פאַר־לאַנגט ער זאָל זיך זעצן לערנען מיט אים אַ בלאַט גמרא. גראָד אין דעם אָוונט איז עס אויסגעפאַלן דער רעפעראַט, און דאָס האַרץ ביים ייִנגל האָט אויפגעציטערט. ער האָט זיך דעריבער זייטיק אַרויסגעשאַרט פון שטוב און איז נעלם געוואָרן.

צומאָרגנס, שבת, ביים דאַוונען שחרית, אין גערער שטיבל, האָט דער פאָטער ביים זינגען אל אדון, ווידער באַמערקט אַז די טענער פון זיין תּכשיט העגעך זענען פאַלשע, אַז דער קאָפּ ליגט אים מער נישט ביים דאַווענען. שבת צונאַכטס, באַלד נאָך הבדלה, האָט זיך געמאַכט היימלעך אין הויז. עס זענען געפּראַוועט געוואָרן די תּנאים פון זיין יונ־גערער שוועסטער דבורה־שיינדעלע. פאַמיליע און פריינט זענען געקו־מען באַשיינען די שמחה. חתן־כלה האָבן זיך געשיקט הייסע בליקן, פון דער ווייטן, ווייל פרויען און מענער זענען געזעסן אָפּגעזונדערט, ווי דער שטייגער איז ביי חסידים. אַ גערער בעל־מנגן האָט געזונגען מיט התלהבות און העוויות. דער גאַנצער עולם האָט אונטערגעכאַפּט. ביים טיש האָט מען אין דער צייט געשריבן די תּנאים. פלוצים האָט זיך ר׳שמשה מורה הוראה געטון אַ שטעל אויף. אַ טיפע שטילקייט האָט אַרומגענו־מען דעם גאַנצן עולם, ער האָט גענומען לייענען די תּנאים און אויך ווען עס איז באַשטימט דער זמן חתונה. ביים פאַרענדיקן, האָט זיך דער־הערט אַ ברעכן פון טעלער און דער גאַנצער עולם האָט הילכיק אויס־

געשריגן: „מזל־טוב!". עס האָט זיך דערביי געהערט דאָס צניעותדיקע געוויין פון די מחותנתטעס.

אַצינד האָט מען גענומען טועם זיין און געניסן פון די פיינסטע מאכלים. ס'איז געווען פון כל טוב. עס זינגט דער עולם די שיינע געראַר ניגונים, לכבוד דבורה־שיינדלען און וועלוולען, דאָס יונגע פּאָרל. עס האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך חצות. ביסלעכווייז איז זיך דער עולם פאַ־נאַנדערגעגאַנגען, אָנווינטשנדיק די מחותנים אין אַ גליקלעכער שעה צו פירן דאָס פּאָרפאָלק אונטער דער חופּה.

צומאָרגנס האָט זיך אין הויז אומגעקערט די וואָכעדיקייט. דער פאָטער, ווי געוויינלעך, קומט פון דאַווענען גאַנץ באַגינען, און גלייך נאָכן פרישטיק, רופט ער אַריין אין זיין חדר מיוחד דעם יונגערן זון, הע־נעכן. הענעך האָט פאַראויסגעפילט, אַז עפּעס וועט דאָ פּאַסירן.

— זיי וויסן, מיין קינד — זאָגט אים דער פאָטער — אַז אויף להבא וועל איך מער נישט פאַרליידן דיינע נייע דרכים...

עלעהיי די מוטער האָט תמיד געזוכט צו פאַרמיידן דעם פאָטערס פסק דין, האָט זי דאָסמאָל זיך נישט געקענט אַריינמישן און עפּעס פועלן. הענעך האָט אָבער געפונען אַן אויסוועג. ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיטן חבר דובטשען פון דער געזעלשאַפט „אור ציון", וואָס איז אויך אויסגעשטאַנען פון זיינע עלטערן, און זיי האָבן באַשטימט אַ פּלאַן פון פּראַקטישע מעשים. זיי וועלן פאַרלאָזן די היים זייערע און לאָזן זיך אין דער גרויסער וועלט אַריין. כדי צו דערגרייכן זייער ציל, וועלן זיי פאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. מען פאָדערט יונגטלעכע צו לייכטער אַרבעט, לויט ווי די דייטשן האָבן צוגעזאָגט. קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען. זיי זענען נאָך טאַקע געווען מינדעריאָריק, אָבער פיזיש גענוג פאַרמירט. אין דער אַרבעטס־ביוראָ האָבן זיי אויך דאָרט נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן. זיי זענען אַוועק צופרידענע און באַשלאָסן צומאָרגנס צו טרעפן זיך אויפן קאַלישער באַנהויף.

אָבער די ערשטע נסיעה פון הענעכן און דובטשען אין דער גרויסער וועלט אַריין איז נישט געווען אזוי פשוט. ס'איז געווען אַן אָפּנאַרע־ריי. די דייטשן האָבן די יוגנטלעכע פאַרפירט אין שיצן־גרובן, הינטער די ערשטע פייער־ליניעס ביי סקערניעוויץ, נאָענט פון וואַרשע. זיי האָבן שוין דאָרט אין לאַגער געטראָפן יוגנטלעכע פון זייער עלטער, פאַרליי־

זיקטע, הונגעריקע, זיי האָבן געליטן פון דיזענטעריע, פון שלשול. דאָס האָט אויף זיי אָנגעוואָרפן אַ גרויסע מורא. דאָס געוויסן האָט זיי אַצינד שטאַרק געפּייניקט, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן די היים. ער האָט זיך געפילט פאַרשולדיקט, העניעך, פאַר זיין מוטער, וואָס האָט פאַראויסגעפילט אַלע אומגליקן פאַר איר קינד. זי האָט געהאַלטן אין איין וויינען, די מוטער.

ס'איז אָבער געווען פאַרפאַלן. גרויסע לאַסט־וועגענער האָבן גע־וואַרט און זיי אָפּגעפירט אויף אַ ליידיק פעלד. דאָרט זענען געווען אויפ־געשטעלט הילצערנע באַראַקן. נאָך אַ שעה אָפּרוען, האָט מען זיי אָפּגע־פירט עטלעכע קילאָמעטער, און דאָ האָבן זיי זיך געפונען גאַנץ נאָענט צום פראָנט. זיי האָבן שוין געהערט נאָענט די שיסערייען פון האַרמאַטן. פלוצים האָבן זיי דערהערט אַ קאָמאַנדע פון אַ מיליטער־מאַן. ער האָט פאַר זיי פאָרגעלייענט די באַדינגונגען פון דעם אַרבעטס־לאַגער. פון דאָרט האָבן זיי אָפּמאַרשירט אין רייען, מען האָט זיי געפירט צו דער קיך. זיי האָבן באַקומען מיליטערישע קענדלעך, מיט באַשטעק, און ווידער אין דער ריי, נאָכן עסן. זיי האָבן באַקומען אַ גערדיכטע זופּ, אַ שטיקל חזיר־פליש. די זופּ האָט זיך געגעסן גאַנץ געשמאַק, אָבער דערנאָך האָבן זיי אַלע דערפילט בויכווייטיק. זיי האָבן זיך געפילט אָפּגענאַרט. נישט ווי מען האָט זיי צוגעזאָגט — לייכטע אַרבעט. זיי האָבן געמוזט גראָבן אָקאָפּעס. אָפט זענען די האַרמאַטן־קוילן געפלויגן איבערן קאָפּ. העניעך און דובטשע האָבן זיך אָנגעקוקט און טרערן האָבן געפינקלט אין זייערע אויגן. ביינאַכט, אין באַראַק, זענען זיי פון צרות לאַנג נישט איינגעשלאָפן.

דובטשע האָט זיך איבערגעוועקט דער ערשטער, און ער פרעגט העניעכן:

— פאַרוואָס האָסטו אַזוי געוויינט אין שלאָף?

— וואָס פאַלט דיר איין, אַז כ'האָב געוויינט אין שלאָף?

— מיר וואָלטן באַדאַרפט מאַכן פּליטה פון דאַנען, באַגינען אָפּציען פון די פאַרשאָלטענע דייטשע רשעים.

און טאַקע אין גרויען באַגינען, האָבן זיך ביידע יינגלעך אַרויסגע־שלייכט פון באַראַק. די הערצער האָבן ביי זיי געקלאַפּט, ווי ביי גזלנים. זיי האָבן נאָר מורא געהאַט די וואַך זאָל זיי נישט כאַפּן. אויפן וועג האָבן זיי באַגעגנט אַ סקערביעוויצער בחורל, וואָס האָט זיי געוויזן דעם וועג,

צוריק קיין לאָדזש. עס איז נאָך אַלץ געווען אַ געפּאַר, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשע זשאַנדאַרמען, וועלכע זענען געווען אויסגעשטעלט אויף אַלע שייד־וועגן. די שאָסייען זענען געווען באַלייגט מיט דייטש מיליטער, וואָס האָט געצויגן אין דער ריכטונג פון וואַרשע. זיי האָבן זיך געגרייט צו שטורעמען און פאַרטרייבן די רוסן פון דאָרט. ביידע יינגלעך האָבן אין משך פון עטלעכע טעג און נעכט געוואַנדערט איבער זייטיקע סטעזשקעס און פעלדער. זיי האָבן אויך אָנגעטראָפן אַ יידישן דאָרפס־מענטש, וואָס האָט זיי אויפגענומען אויף זיין וואָגן.

דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַן אָפּנאַרעריי, אַזוי ווי די דייטשן קענען. געטריבן האָט ביידע יינגלעך די בענקשאַפט נאָך זייערע היימען. זיי האָבן זיך דערמאָנט אין דעם פאַראיין „אור ציון״, אין די חברים.

ווען הענעך איז צוגעקומען צו דער דלוגע גאַס, איז דער ערשטער, וואָס האָט זיך דערפרייט מיט אים, געווען ר׳ זיינוול שוסטער.

— שלום עליכם! — האָט ר׳ זיינוול אויסגעשריגן צו הענעכן.

— וואָס מאַכסטו? מען האָט דערציילט, אַז ביסט אַנטלאָפן פון דער היים.

— זאָגט מיר ר׳ זיינוול — האָט הענעך אַביסל אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ — איר האָט געזען עמיצן פון מיין היים?

— געזען, אוודאי געזען. דיין מוטער האָט געקלאָגט, נאָכגעפרעגט זיך ביי מענטשן, ווו דו ביסט ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן.

ווי דאָס האַרץ וואָלט איר אָבער געזאָגט, דער מוטער הענעכס, איז זי אים אַנטקעגנגעקומען אויפן ראָג קאָנסטאַנטינער ביי ראָג דלוגע. הענעך האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, די טרערן האָבן אים גע־שטיקט. זי האָט אים אַ כאַפּ געטון ביי אַ האַנט און געזאָגט דורך טרערן:

— עס איז היינט דער חופה־טאָג פון דיין שוועסטער דבורה־שיינ־דעלע.

הענעך האָט געוויינט און ס'האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן:

— מיין חבר דובטשע האָט מיך פאַרפירט... מער וועל איך נישט...

און די טרערן האָבן אים געשטיקט, נישט אַרויסצוברענגען מער אַ וואָרט. און אַזוי שווייגנדיק, זענען זיי אָנגעקומען אין הויז אריין. דער ערשטער איז געקומען דער פאָטער, אָפּגעבן אים שלום. דער פאָ־טער האָט כמעט גאָרנישט גערעדט, נאָר איין וואָרט האָט ער געלאָזן פאַלן:

— איך האָף, אַז וועסט זיך פון איצט אָן פירן ווי דיין פאָטער ווינטשט.

דאָס גאַנצע בני־בית האָט הענעכן אַרומגערינגלט. אַלע האָבן זיך געגרייט צו דער שמחה, לכבוד זיין שוועסטערס חתונה. אין זאַל איז געזעסן די כלה, אַרומגערינגלט פון פריינט און משפּחה. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין שוועסטער, אַ ביסל אַ פאַרשעמטער, און די כלה האָט אויסגעשריגן:

— אוי, אַן אומגעריכטער גאַסט! — און האָט זיך געוואָרפן אויף זיין האַלדז — איך בין גליקלעך, וואָס ביסט געקומען אויף מיין חתונה.

פלוצים האָט זיך געהערט אַן אויפשפּיל פון די כלי־זמרים, פון פידלען, לכבוד דער כלה. אַלע געסט זענען אויפגעשטאַנען. מען האָט אָנגעצונדן די חופּה־ליכטלעך.ביידע מחותנתטעס האָבן גענומען דאָס אונטערפירן, ווי עס פירט זיך ביי חסידישע חתונות, אַז מען גייט אַנטקעגן דעם חתן. דער חתן איז אונטערגעפירט געוואָרן פון די מחותנים, אונטער דער חופּה. דער מאַרשעליק זינגט צום גראַם, לכבוד חתן־כלה. דער גאַנצער עולם גייט נאָך, באַגלייט דאָס פּאָרפאָלק צו חופּה וקדושין, דבורה־שיינדעלע מיט וועלוולען. דער רב לייענט פאַר די כתובה, נאָכן זאָגן דעם „הרי את". די גלאָז ווערט צעבראָכן ביי זייערע פיס און דער גאַנצער עולם שרייט אויס: „מזל טוב!".

נאָך דער חופּה האָט דער עולם זיך געלאָזט ווווילגיין. מען טרינקט לחיים, מען ווינטשט דעם יונגן פּאָרל אַ סך מזל און גליק, די עלטערן — אַז זיי זאָלן דערלעבן נחת פון זייערע קינדער. די כלי־זמר שפּילן אויף און דער מאַרשעליק אימפּראָוויזירט, פול מיט הומאָר. מען עסט, מען טרינקט, מען געניסט פון די גוטע מאכלים. די נאַכט איז שוין לאַנג צוגעפאַלן, און די חסידים שטעלן זיך דאַווענען מנחה־מעריב.

די חתונה האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך חצות. די כלי־זמר שפּילן אויף אַ לעצט שטיקל, דער עולם ווערט שיטערער.

צומאָרגנס נאָך דער חתונה איז יעדער איינער ווי פאַרשיכורט. די שטוב־לייט העלפן אַוועקרוימען פון די טישן, שטעלן יעדע זאַך צוריק אויפן אָרט. חוץ דעם, אָוונט צייט האָט מען ווידער באַדאַרפט צוגרייטן די שבע־ברכות פאַר אַ מנין יידן; און אַזוי — זיבן טעג נאָכאַנאַנד. ווידער ווונטשן און ברכות, און מיט אָט די ברכות און ווונטשן

האָט זיך פאַרענדיקט אַ הערלעכע תקופה אין לעבן פון מיין שוועסטער דבורה־שיינדעלע.

**
*

מ'האָט זיך אומגעקערט צום טאָג־טעגלעכן לעבן אין וואָלף־לייבס משפחה. ווידער דאָס זעלבע — דאָס ייִנגערע בחורל העניעך. וואָס וועט זיין דער תכלית זיינער? דער פאָטער האָט אים שאַרף געמוסרט פאַרן אַוועקפאָרן פון דער היים. און העניעכן האָט עס ווידער געצויגן צו זיין חבר דובטשע, דורכצושמועסן זיך וואָס עס בלייבט ווייטער צו טאָן.

— איך האָב אַ פּלאַן — זאָגט דובטשע — אַזוי ווי די דייטשע אַרבעטס־ביוראָען פאָדערן בעלי־מלאכות קיין דייטשלאַנד, וועלן מיר זיך פאַרשרייבן.

— איך האָב געטראַכט דאָס זעלבע — זאָגט העניעך — צי וועלן זיי אונז אָבער וועלן אָננעמען, אָן אַ פאַך?

— איך האָב שוין וועגן דעם אויך געטראַכט. מיר דאַרפן זיך טאַקע נעמען לערנען אַ פאַך.

— וואָס פאַראַ פאַך?

— איך מיין — זאָגט דובטשע — מיר זאָלן זיך לערנען שלאָסעריי.

— און איך — זאָגט העניעך — וועל זיך לערנען עלעקטריציטעט ביי מיין שוועסטערס אַ חבר. לאַנג קען איך אין דער היים נישט איינזיצן. איך וויל פאַרלאָזן לאָדזש אויף תמיד.

— עס ווענדט זיך אָבער ווי אַזוי וועלן זיין די באַדינגונגען אין דייטשלאַנד. מיר האָבן שוין אַביסעלע דערפאַרונג פון די דייטשע צוזאָגן...

— דאָס וועלן מיר זען, ווען מיר וועלן זיין אויפן אָרט. עס בלייבט נאָך אַ חודש ביז צום אָפּפאָרן, לויטן באַאַמטן אין דער ביוראָ. לאָמיר נעמען צוגרייטן אונזערע עלטערן וועגן געדאַנק אַוועקצופאָרן. מיר דאַרפן זיך אויסלערנען צו נעמען אַ פייל אין דער האַנט.

און ביידע חברים האָבן זיך געזעגנט פול מיט האָפענונגען.

**
*

ווי געזאָגט, איז העניעכס פאָטער געווען פאַרוואַלטער פון עטלעכע הייזער אין לאָדזש. אין 1914, ווען די דייטשע חיילות האָבן, כמעט אָן ווידערשטאַנד, פאַרנומען לאָדזש, האָבן זיי תיכף גענומען גערמאַ־

ניזירן די שטאָט. לאָדזש איז דעמאָלט געווען באַנאַנט פון דער דייטשער גרענעץ, אָבער די שטאָט איז זייט לאַנגע יאָרן באַזעצט געווען פון אַ סך דייטשן, באַשעפטיקטע אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. חוץ דעם האָט לאָדזש נישט געהאַט קיין שום פאַרטיידיקונג־ליניע. די דייטשן האָבן באַלד ביים אַריינקומען גענומען איינפירן זייערע געזעצן, און די ערשטע קרבנות זענען געווען די הויז פאַרוואַלטערס, די „זשאַנדצעס״. פון איצט אָן האָבן די הויז־ביכער באַדאַרפט זיין איבערזעצט אין דייטש.

אין אַ פרייטיק איז הענעכס פאָטער גערופן געוואָרן אויף דער פאָליציי, פונקט אין דער צייט, ווען אַ גערער חסיד גרייט זיך צום הייליקן שבת. דער פאָטער האָט דעריבער די איינלאַדונג פון דער פאָליציי נישט גענומען זייער ערנסט. אין הויז איז שוין אַלץ געווען ריין און ציכטיק, דער שבת־טיש איז שוין געווען געדעקט און די מוטער האָט זיך געגרייט צו ליכט־בענטשן. דער פאָטער איז צוריקגעקומען פון קבלת שבת, דער טאַטע מיט די בנים האָבן זיך גענומען זאָגן שלום עליכם, דער פאָטער האָט אָנגעגאָסן דעם כוס מיט וויין, און גרייט זיך צו מאַכן קידוש.

פלוצים הערט זיך אַ זעץ אין דער טיר, באַגלייט מיט אַן אויסגעשריי: — אַופמאַכען! פאָליציי!

דאָס האָט געמאַכט אויפציטערן דאָס גאַנצע הויזגעזינד. ווי נאָר די טיר איז אויפגעמאַכט געוואָרן, איז אַריין אַ דייטשער אָפיציר, באַגלייט מיט עטלעכע פאָליציי־אַגענטן און תיכף פאַראָרדנט דעם טאַטן איבערצורייסן די תפילות, מיטצוגיין מיט אים אין פאָליציי־צירקל, מיט די הויז־ביכער. אָבער דער ייד האָט זיינע תפילות נישט איבערגעריסן. דאָ איז דער גזלנישער אָפיציר געוואָרן דערצאָרנט, אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און אויסגעשריגן:

— זאָפאָרט מיטקאָמען!...

ס׳גאַנצע הויזגעזינד האָט אויסגעבראָכן אין אַ געיאָמער. הינטער די פענצטער איז זיך דער גאַנצער הויף יידן צוזאַמענגעלאָפן. דער אָפיציר האָט באַפוילן וואָלף־לייבן מיטצוגיין מיט די אַגענטן. די מוטער האָט זיך אַ וואָרף געטון צו איר מאַן מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין, אַז ס׳איז פקוח־נפש.

דער שבת־טיש איז שוין געווען אַ צעשטערטער. אָבער מיט אַ שעה שפּעטער איז וואָלף־לייב צוריקגעקומען בשלום, די פאָליציי האָט דאָרט

קאָנטראָלירט די ביכער פון הויז און געפונען אַלץ אין אָרדענונג. צו־מאָרגנס ביים דאַווענען, אויף זאַוואַדזקע, אין געריער שטיבל, האָט ר׳ וואָלף־לייב געבענטשט גומל.

דובשטע, הענעכס חבר, האָט צומאָרגנס געטראָפן זיך מיט אים, און הענעך האָט אים דערציילט:

— מיין מוטער הערט נישט אויף צו וויינען. מיין פאָטער וויל נישט הערן, כ׳זאָל ווידער אַוועק פון דער היים. עס איז מיר נישטאָ וואָס מקנא צו זיין. און ווי זעט אויס ביי דיר?

— ביי מיר אין הויז איז דאָס זעלבע. איך וואָלט שוין געוואָלט זיצן אויף דער באַן און גאָרנישט טראַכטן וועגן דעם. לויטן חבר פון אונזער פאַראיין „אור ציון״, וועלן מיר זיין אַרום דרייסיק, צו לאָזן זיך אין וועג אַריין אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. מיר פאָרן דאָסמאָל נישט ווי שוואַרצע אַרבעטער, נאָר ווי בעלי־מלאכות.

— דורך אַזאַ קורצער צייט האָבן אַלע באַוויזן אויסצולערנען זיך מלאכות?

— יידישע יונגעלייט וועלן זיך שוין אַן עצה געבן. ס׳וועט נישט זיין ווי דעמאָלט, ווען מיר זענען געשטאַנען אויף די שאָסייען, אין די גרויסע פרעסט, מיט שווערע האַמערס אין די הענט, און די אויפ־זעער האָבן געשריגן: ווידער אַרבעט! ווידער שאַפן! ווידער הייבן דעם האַמער הויך! און ווי זיי האָבן געזונגען:

כאָטש דו זעסט, אַז גייסט צו גרונד...

גראַבע, גראַבע, מוזט דאָ בלייבן.

— מיר האָפן, אַז דאָרט, אין דייטשלאַנד, וועלן מיר נישט אַזויליידן.

— איך האָב עס אויך אין זינען געהאַט, ליבער דובטשע. מיר וועלן אפשר דאָרט ווערן אמתע „מעטאַמאָרפאָזן״, אין דעם ציוויליזירטן דייטשלאַנד, דאָס לאַנד פון געטע, היינע און פון קאַרל מאַרקס...

זייט די דייטשן האָבן אָקופּירט לאָדזש, האָט זיך דווקא דאָס יידי־שע געזעלשאַפטלעכע לעבן זייער שיין אַנטוויקלט. פאַרשיידענע פאַר־טייען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער וויכטיקער טעטיקייט. אויך די נאַציאָנאַלע יידישע פאַרטייען זענען זיך צעוואַקסן, מיט קלובן, ביבליאָטעקן. ווער שמועסט נאָך צווישן די פּראָלעטאַרישע פאַרטייען — בונד, פועלי ציון, אומאָפּהענגיקע; דער געזאַנג־פאַראיין „הזמיר״, מיט

זיינע דיריגענטן גלאַדשטיין, שניאור, אַפּטייקער. אַ גאַנץ באַדייטנדיק אָרט האָבן פאַרנומען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען, אונטער דער השגחה פון בונד און פועלי ציון. יידן האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן, כאָטש די מערסטע יידן אין לאָדזש, אין באַלוט דער עיקר, האָבן געליטן הונגער און נויט. די הכנסת־אורחים האָט פיל געהאָלפן די נויטבאַדערפטיקע.

דאָך האָבן פיל יוגנטלעכע באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין דער וועלט אַריין, קיין דייטשלאַנד, אין דעם „ציוויליזירטן לאַנד" פון געטע און שי־לער. די עלטערן זענען נישט געווען צופרידן, האָבן זיך געשראָקן די קינדער אַוועקצולאָזן אין דער פרעמד. דאָס איז דעמאָלט געווען דער פּסיכאָז ביי דער יידישער יוגנט אין לאָדזש.

פריער האָבן די דייטשן גענומען פיל יוגנטלעכע אויף אַרבעט אין די געביטן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, אין דער געגנט פון ביאַליסטאָק, אין יאָר 1915. דאָרט זענען די אייזנבאַנען געווען צעשעדיקט, ווי אויך די שאָסייען. מיט זייערע טעכנישע מיטלען, האָבן די יעקעס באַוויזן באמת וווּנדער. עס זענען געווען לאַגערן אין אָסט־פּרייסן, אין אָסטראָ־לענקאַ, אין טויערן. דאָרט איז געווען אַ לאַגער פון עסנוואַרג פאַר דער אַרמיי אויפן מזרח־פראָנט, קעגן די רוסן. אָבער דאָס ברויט איז געווען פאַרשימלט. זיי האָבן דאָס ברויט נישט געקענט עסן, האָבן זיי אַוועקגע־וואָרפן. די יעקעס האָבן געשריגן:

— איר דומע הייזל־קעפּף, עס איזט דאָך קריג...

מען האָט צוגעהונגערט, ביז מען איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. די באַן איז געפאָרן לאַנגזאַם אויף די שינעס, וואָס זענען נאָר וואָס געלייגט געוואָרן. די אַרבעט איז געווען נישט קיין לייכטע, און די וואַכן האָבן געהאַלטן אין איין שרייען:

— שנעלער אַרבעטן! אופגייטס!

איינער, אַ לאָדזשער יאַט, חבר מעכל פון אפרים־לאַזערס חדר, דאָס הייסט, פון בונד, האָט דעם דייטשן פאַר־אַרבעטער אַריינגעזאָגט אין טאַטנס טאַטן אַריין. דער יעקע האָט אים געוואָלט באַשטראָפן, האָבן זיך אַלע לאָדזשער סאָלידאַריזירט מיט מעכלען, געוואָרפן די אַרבעט. דער קאָמאַנדאַנט האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט דאָ נישט אַרויס דער זיגער, האָט מען באַלד פאַרטוישט דעם דייטשן פאַר־אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג. דאָס אַלץ האָבן זיי זיך דערמאָנט.

— אַצינד, טייערער דובטשע, איז געקומען דער מאָמענט פון אונזער אָפּפאָרן קיין דייטשלאַנד. מיר וועלן זיך טרעפן אויף דער קאַ־לישער באַן־סטאַציע, אַרום 10 אַזייגער אין דער פרי.

צו דער באַשטימטער צייט זענען זיי געקומען צום צוג. יעדער איינער איז באַגלייט געווען פון זיין מוטער. זיי האָבן נישט אויפגע־הערט צו וויינען, די מאַמעס, אַנגעזאָגט מ׳זאָל שרייבן אַ בריוול און נישט פאַרגעסן דאָס ביסל יידישקייט. אויך הענעך האָט צוגעזאָגט זיין מוטער, אַז ער וועט בלייבן אַ ייד עד יום מותו. דובטשען האָבן געשטיקט טרערן.

ענדלעך איז דער צוג אַוועק. די לעצטע בליקן זענען געווען צו די מוטערס, וואָס זענען געבליבן שטיין אויפן ליידיקן פּעראָן. ווייט אָפּגעפאָרן פון לאָדזש, האָט דובטשע זיך נאָך אַלץ נישט געקענט באַ־רואיקן. הענעך האָט אים געטרייסט; און די באַן האָט זיי געטראָגן אַלץ ווייטער, ביז זיי זענען שוין געווען אויף דער דייטשער ערד. עס זענען פאַרבייגעפלויגן רוישיקע וואקזאלן, שטעט. די נאַכט איז שנעל צוגעפאַלן, און אַלץ האָט זיך איינגעהילט אין אַ געדיכטער פינצטערניש.

צומאָרגנס, מיטן זון־אויפשיינען, איז דאָס געמיט אַביסל לייכטער געוואָרן. די מיטפאָרער פון וואַגאָן האָבן זיך גענומען צו דער אכילה, און אונזערע העלדן האָבן זיך גענומען צום צדה־לדרך, וואָס די יעקעס האָבן זיי מיטגעגעבן אויפן לאַנגן וועג. ס׳האָט אָבער געפעלט אַביסל וואַרעמס. דאָס לעצטע געזעגענען זיך איז זיי נאָך אַלץ געלעגן אין געמיט. איינער האָט דערציילט, וואָס ער וועט אַלץ נישט אויפטאָן אין דייטשלאַנד:

— איך וועל מיט די יעקעס — זאָגט ער — לערנען בלק. זיי מיינען, אַז איך בין זייער פּרייער, אונז צו פאַרשיקן אין אַמוניציע־פאַ־בריקן. דאָ האָבן זיי אַ גרויסן טעות.

און ער האָלט אין איין רעדן וועגן זיינע גרויסע אויפטועך, וואָס ער וועט אויפטון אין דייטשלאַנד. מאַנכע הערן זיך צו מיט גרויס ערנסט. דורך דער צייט לויפן די שטעט, די וואקזאלן, מיט געוואַלדי־קער שנעלקייט. איין שטאָט האָט זיי שטאַרק פאַראינטערעסירט, און הענעך וועקט איבער זיין חבר דובטשע.

— וואָס איז? — פרעגט ער פאַרוואונדערט.

— זע, וואָס פּראַ שיינע לאַנדשאַפטן. אַ שטאָט — אַ וווּנדער.

דער צוג פאָרט דורך דער מיט שטאָט. הייזער, בריקן, סקווערן, וועלדלעך. שוין די צווייטע נאַכט, ווי זיי פאַרברענגען צוזאַמען אין וואַגאָן, און מען זעט נישט קיין סוף. לויט דעם קאָנטראָלער אויף דער באַן, דערנענטערן זיי זיך ביז דער שטאָט פראַנקפורט אָם מיין. מען הערט שוין טאַקע ברעמזן די רעדער. ענדלעך — אָנגעקומען.

אויפן באַנהויף איז אַ טומל. ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי מוזן צוערשט וועקסלען די באַן. דאָס איז אַן ערך זעקס־זיבן קילאָמעטער פון דער שטאָט. עס קומט עפּעס אַן אויפזעער און קלערט זיי אויף דעם גאַנצן פּראָגראַם:

— מיר פאָרן ביז קריפטל־אַם־מיין. דאָרט וועט איר איינקוואַר־טירט ווערן. איר וועט זיך אָפּרוען אַ טאָג־צוויי און דאַן אויפנעמען אייער אַרבעט אין העכסט־אַם־מיין, צוצופאָרן מיט דער באַן אַ מינוט צען. איך באַגריס אייך אין נאָמען פון דער דירעקציע און אין מיין נאָמען, און איך האָף, אַז איר וועט זיין אָנשטענדיק...

אַלע האָבן שטיל אויסגעהערט, נאָר איינער, דער פריערדיקער באַרימער האָט גלייך געענטפערט:

— מיר האָפן אַז איר וועט זיין אויך אָנשטענדיק צו אונז...

די ווערטער האָבן אַביסל אויפגעהייטערט די חברה. אַזוי זענען זיי בשלום אָנגעקומען קיין קריפטל־אַם־מיין. מען האָט זיי איינקוואַר־טירט, ווי דער אויפזעער האָט זיי אויפגעקלערט. יעדער פאַרנעמט זיין געלעגער, זיין שאַנק. מען הייבט זיך אָן אַרומצוקוקן, זיך באַקענען מיט דער סביבה. ביי אייניקע פון זיי איז דער הומאָר נישט געהויבן, אָבער ביי די אַנדערע, וואָס האָבן שוין געפילט דעם טעם, וואָס הייסט דינען ביים דייטש, זענען נישט זייער אַנטוישט. עס האָט געקענט זיין ערגער. יעדער איינער האָט זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט אין דעם קוואַר־טיר־הויז, אָדער — קאַזאַרמע, אויסגערוט זיך אויף זייערע קויקעס. אָבער דער באַרעדעווודיקער בחור פאַלט פּלוצים אַריין, נאָך אַ שפּאַציר אין שטעטל:

— ווו איר זאָלט נישט גיין און שטיין, קוקט מען אייך נאָך, אויגן, וואָס שפּיאָנירן, ווי מיר וואָלטן געווען געפאַנגענע.

— ווער האָט דיר געבעטן לויפן אין שטעטל אַריין?

— מיר זענען געקומען אַהער פרייוויליק אַרבעטן אין דייטשלאַנד.

— אָבער צוויי יאָטן זענען דאָך אַנטלאָפן פון צוג, זאָלן זיי אונז היטן. מיך אַרט עס נישט.

דער עולם איז שוין אַביסל באַרואיקט. זיי האָבן ווידער אַ באַזוך פון דעם אויפזעער.

— אַ גוטן אָבענד, מיינע פריינד. איך וועל אייך פאַרלייענען זעמטלעכע מעלדונגען: מאָרגן, 7 אין דער פרי מוזט איר אַלע קומען צו דער באַן, כדי צו פאָרן נאָך העכסט, צו דער אַרבעט. קיינער באַדאַרף גאַרנישט מיטנעמען מיט זיך. דער באַטריב שטעלט צו אייער דיספּאָזיציע אַלץ, וואָס איר באַדאַרפט. עס איז פאַראַן אַ קאַנטינע, ווו איר וועט עסן.

די בשורה האָט אַרויסגערופן פרייד און באומרואיקונג. דאָס אַלץ איז געווען צו וווּיל, אַז עס זאָל זיין וואָר. די נאַכט נישט דערשלאָפן, איז יעדער באַרוישט מיט געפילן און מחשבות. וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן? פאַרוואָגלטע אין דייטשלאַנד, דאָס לאַנד פון אַזעלכע גרויסע גייסטער, ווי געטע, היינע, מאַרקס. איינס איז זיכער, זיי, דאָס יונגוואַרג, האָט דעפיניטיוו איבערגעריסן מיטן נעכטן, מיטן פאַרלאָזן די אַלטע היים אין פּוילן. קיינמאָל האָבן זיי אָבער נישט אויפגעגעבן די שיינע אידייען, וואָס זיי האָבן געטראָגן מיט זיך פון די יידישע מאַסן־צענטערן אין דער היים. ביי העגעכן איז עס געווען — די גאָלדענע קייט, וואָס ער האָט געלערנט ביים גרויסן י. ל. פרץ. ער האָט זיך געזאָגט, אַז אַלע נסיונות דאַרפן מיר גובר זיין און ווייטער טראָגן מיט זיך דעם יידישן גייסט פאַרן ווויל פון אונזער פאָלק און אונזער אַלטניילאַנד.

מיט דער אַרבעט, האָבן זיי גענומען שמידן זייער אייגענעם גורל און זייער גאַנג אין לעבן.

די נאַכט איז שנעל אַוועק מיט די אַלע שיינע חלומות. העגעך איז אויפגעשטאַנען פריש און מונטער, כדי צו זיין פּינקטלעך 7 אַזייגער ביי דער באַן. דער אויפזעער האָט שוין דאָרט געוואַרט אויף זיי. ווייזט אויס, אַז דער חבר איז גערעכט געווען, אַז זיי ווערן געהיטן פון אַן אומבאַקאַנטער השגחה. עס איז געווען אמת, אַז די רייזע דויערט נישט מער ווי סך־הכל 6 מינוט, די פאַבריק איז נישט ווייט פון דער באַן. דאָס גאַנצע שטעטל איז כמעט איין פאַבריק פון די באַרימטע „קרופּ־ווערקע" פון כעמישער אויסאַרבעטונג. בעת דער מלחמה האָבן די דאָזיקע פאַבריקן געהאַט אין זייערע הענט דעם גאַנצן פּאָטענציאַל פון טויט־מכשירים פאַר די פראָנטן, די גיפטיקע גאַזן.

אין די דאָזיקע גיפט־פאַבריקן האָט אונז דער אויפזעער אַריינגעפירט. אַריין אין טויער פון דער פאַבריק, האָט מען אונז צעטיילט אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. ביי זיי האָט עס געהייסן, אַז יעדער פון אונז ווערט געשיקט צו זיין פאַך. אָבער אין דער אמתן זענען זיי אַלע געווען אין גיפט־רוימען. הענעך און זיין חבר דובטשע זענען געקומען אַהער אַלס עלעקטראָ־מעכאַניקער. מען האָט זיי באַקליידט פון קאָפּ ביז פיס, אָבער ביים אויסטאָן די מלבושים, זענען זיי זיך צעפאַלן ווי שפּינוועבס. דאָס איז געווען אונזער ערשטער סיורפּריז, נאָכן ערשטן טאָג אַרבעט.

אין אָוונט זענען זיי זיך ווידער צוזאַמענגעקומען אין דער שטענדיקער רעזידענץ, אין קריפּטל. דער הומאָר ביי דער חברה איז געווען געפאַלן. זייער פיזישער צושטאַנד האָט אַרויסגערופן מיטגעפיל. אַלע האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע מתים. כאָטש ביים ענדיקן די אַרבעט האָט יעדער איינער זיך געמוזט גוט אָרומרייניקן אין דער דוש־האַלע, צוליב היגיענישע טעמים. אָבער נאָך אַ טאָג אַרבעט, האָט יעדער איינער געטראָגן אין זיך דעם גיפט פון די געפערלעכע כעמישע שטאָפן.

דעם דאָזיקן אָוונט האָט מען קיינעם נישט באַדאַרפט דערמאָנען צו גיין שלאָפן. די מער רירעוודיקע האָבן געטענהט, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן, כדי באַצייטנס זיך צו ראַטעווען פון דאַנען. אָבער צו קיין טאָלק זענען זיי נישט געקומען. די צווייטע נאַכט אין קוואַרטיר־הויז קריפּטל א. מ. האָט אויסגעזען ווי אַ שלאַכטפעלד, אין אַ פינצטערער נאַכט, נאָך אַן הריגה. עס האָבן זיך געהערט די קרעכצערייען און שטילע געוויינען פון די געלעגערס.

באַלד באַגינען איז דער אויפזעער ווידער געקומען זיי וועקן, כדי צו גיין טרינקען קו־מילך, ווי די יעקעס האָבן עס גערופן.

— דאָס טרינקען קו־מילך — האָט ער געזאָגט — איז נויטווענדיק פאַר אייך אַלעמען. דאָס זענען פאַרשריפטן פון די פאַבריק־דאָקטוירים.

זיי האָבן גלייך פאַרשטאַנען מיט וואָס אַזעלכע פאַרשריפטן שמעקן. און איינער פון זיי, דער פלאַפּלער, ווי מ׳האָט אים גערופן, האָט זיך אויפגעכאַפּט:

— איך וועל לערנען מיט די יעקעס בלק. זאָלן זיי נישט מיינען, אַז מיר וועלן זיך לאָזן פירן ווי שעפּסן צו דער שחיטה. זיי האָבן אונז ווידער אָפּגענאַרט, אַז מיר וועלן אַרבעטן ביי אונזערע פאַכן. און געשיקט האָבן זיי אונז צו די גיפט־פאַבריקן. מיר האָבן גוט געזען נעכטן, ווי מען האָט

אױעקגעפֿירט אױף די טראַגעס פֿאַרגיפֿטעטע. װער װײסט װיפֿל יונגע לעבנס זײ האָבן שױן אַזױ פֿאַרסמט...

באַלד נאָכן מילך־טרינקען זענען זײ װידער געפֿירט געװאָרן צו דער באַן, און דאָרט האָט הענעך געלאָזן פֿאַלן אַ װאָרט, אַז מען דאַרף זיך צו־גוױפֿרעדן און זען עפּעס צו טאָן. אין דער פֿאַבריק האָבן זײ דאָסמאָל באַ־מערקט עטלעכע קעטשלעך פֿון דער גיכער הילף. זײ האָבן אָפּגעפֿירט די פֿאַרגיפֿטעטע פֿון די נאַכט־שיכטן. אַלע זענען געװוען צערודערט. אָבער די פֿאַבריק־היטער האָבן עס גלײך באַמערקט, און האָבן זײ אָפּגעפֿירט אין אַנדערע באַטריבן. אָבער דערמיט האָט זיך עס גאָרנישט געענדיקט. דאָ האָט זיך דער קאַמף אָנגעהױבן.

תּיכּף נאָך דער אַרבעט אין קריפּטל, זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ פּאָר חברים, אַרומצורעדן די ערנסטע לאַגע װאָס שײך די פֿאַרגיפֿטונגען. יעדער אײנער קומט צום זעלבן אױספֿיר, אַז די פֿאַבריקן אין העכסט א. מ. זענען פּאַקטיש טױט־פֿאַבריקן. קודם מוז געשאַפֿן װערן אַ קאָמיטעט פֿון דער גרופּע אין אַ צאָל פֿון 23 פּערזאָן. צװײ זענען אַנטרינען און מען רעכנט זײ בײַשט מער. עס קומט צוגײן אַ חבר און גיט איבער, אַז דרײַ אַרבעטער זענען נישט אַהײמגעקומען, צװישן זײ — דער פֿלאַפֿלער. האָט מען זײ שױן געפֿירט, פֿאַרסמטע, ערגעץ װו אין אַ שפּיטאָל?

מען האָט זײ געדראָט מיט כּלערלײ שטראָפֿן, זײ האָבן אָבער געקעמפֿט האַרטנעקיק. דער קאַמף איז פֿאַרגעקומען אין די באַטריבן גופֿא. הענעך איז אפֿילו אָפּגעפֿירט געװאָרן אין שפּיטאָל, װײל אױך אים האָט די פֿאַרגיפֿטונג דורכגעדרונגען די קלײדער. װען ער האָט זיך נאָך עטלעכע טעג צוריק־געקערט אין פֿאַבריק, האָט זײ דער בירגערמײסטער פֿון שטעטל, אַלײן אַ „פּאַציפֿיסט", צו װיסן געגעבן, אַז די פּאָליצײ האָט אַ פֿאַראָרדענונג צו אַרעסטירן דעם קאָמיטעט, און אײנער פֿון זײ גופֿא האָט זײ פֿאַראַטן. איז תּיכּף באַשלאָסן געװאָרן, אַז װער עס קאָן, זאָל מאַכן פּליטה.

* *
*

אַזױ זענען הענעך מיט זײן חבר דובטשע אָנגעקומען קײן בערלין. דאָרט האָט שױן עקזיסטירט אַ י. ל. פּרץ־פֿאַראײן, און מען האָט זײ אױפֿ־גענומען זײער װאַרעם. זײ האָבן באַקומען אַרבעט בײ זײערע פֿאַכן. דובטשע איז אײנגיכן אַװעק אין אַן אַנדערער שטאָט, צו זײנס אַ קוזין. הענעכן האָט

דער פּאָרזיצער פון פּאַראיין, חבר זלמן רובאַשאָוו (דער שפּעטערדיקער נשיא פון ישראל, זלמן שזר), גערעדט:

— אַזוי ווי דו ביסט נאָך מינדעריאָריק, איז בעסער נישט צו ענדערן דעם נאָמען, ווארום אַלס רוסישער אונטערטאַן, וועט דיר דער שפּאַנישער קאָנסול געבן פּאַפּירן.

אַזוי איז טאַקע געווען. הענעך האָט אין בערלין צוריקגעפונען אַ סך חברים פון לאָדזש. אָבער איינמאָל זענען אין מיטן דער נאַכט געקומען צו הענעכן צוויי פּאָליציי־אַגענטן, אויסלעגיטימירט אים און אַוועקגעפירט אין תפיסה. 21 טעג איז הענעך געזעסן איינער אַליין אין אַ צעלע. שפּעטער האָט מען אים אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ צוריק קיין קריפּטל. דער „פּאַציפיסטישער" בירגערמייסטער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים. מען האָט אים אָבער געשיקט אין די תפיסות פון האַנאָווער, קאַסעל. דאָס געריכט האָט אים געמשפּט און פאַרמשפּט אַלס פאַראַט, צו שיקן אין געפאַנגענלאַגער אין וואָרמס אַם רהיין.

אַזוי איז הענעך געשטאַנען פאַרן קריגס־געריכט — אַזאַ שרעק האָבן זיי אָנגעוואָרפן אויף די שקלאַפן־אַרבעטער פון דער גיפט־פאַבריק. דער ריכטער וווענדעט זיך צום „פאַרברעכער":

— זי האַבן פאַראַטן דויטשלאַנד...

הענעך האָט זיך פאַר שרעק צעוויינט, איז געפאַלן. ער איז שוין געווען אויסגעמאַטערט פון די אויספאַרשונגען. ער איז נאָך קיין גאַנצע 18 יאָר נישט אַלט געווען. אַוועק פון דער היים כמעט אַ קינד. מער האָט ער דעם אכזריותדיקן ריכטער נישט געזען. דעם פּסק־דין האָט אים דער אַדוואָקאַט געבראַכט אין דער צעלע אַריין: פאַרמשפּט, געשיקט צו ווערן אין געפאַנגען־לאַגער פון וואָרמס אַם רהיין.

— ווען איר זענט נישט מינדעריעריק — האָט אים דער אַדוואָקאַט דערקלערט — וואָלט איר פאַרשיקט געוואָרן אויף שווערער אַרבעט. דאָרט איז ערגער ווי אין סיביר.

ווען הענעך איז געבראַכט געוואָרן אין וואָרמסער לאַגער, איז ער געווען איבערראַשט און צעשראָקן. דאָרט האָבן זיך געפונען איבער אַ האַלבער מיליאָן קריגס־געפאַנגענע, פראַנצויזן, ענגלענדער, רוסן. הענעכן האָבן זיי אַריינגעשליידערט אין אַ באַראַק צווישן די רוסן. דאָרט האָט ער אויך באַקאָנט אַ יידיש־רוסישן געפאַנגענעם, אַ געוויסער ריזשי, אַ טייערער

יאַט, אַביסל עלטער פון הענעכן. יענער האָט אים געטרייסט, געהאָלפן צו־פּאַסן זיך צו די שווערע באַדינגונגען פון ביטערן לאַגער־לעבן. ביז עס איז אין איינעם אַ טאָג אויסגעבראָכן אַ רעוואָלט צווישן די רוסישע גע־פאַנגענע. פון די באַראַקן האָט מען געהערט געשרייען:

— זאָל לעבן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע!

די געפאַנגענע רוסן האָבן זיך אויך גענומען אָפּרעכענען מיט זייערע אייגענע אָפיצירן, דערמאָרדעט עטלעכע, ווייל זיי זענען זיך מיט זיי נאָך פריער שלעכט, אכזריותדיק באַגאַנגען.

אַזוי איז הענעך באַפרייט געוואָרן פון דער דייטשער שקלאַפעריי. ער האָט באַקומען אַרבעט אין דער שטאָטישער טראַמוויי־געזעלשאַפט, די פּאָליציי האָט אַלץ פאַרלאַנגט, אַז ער מוז זיך מעלדן צוויי מאָל אין טאָג. כאָטש אַ רוסישער אונטערטאַן, האָט ער נאָך געהאַט אַ גליק, וואָס ער איז געבוירן אין פּוילן. אַז נישט וואָלט מען אים אָפּגעשיקט צוזאַמען מיט אַלע רוסן, אויפן פאַרלאַנג פון דער נייער קאָמוניסטישער רעגירונג אין מאָסקווע.

הענעך האָט איצט צייט געהאַט דורכצוטראַכטן אַלע זיינע חלומות, אידייען. ער האָט שפּאַצירט איבער דער שטאָט וואָרמס, איז אַוועק אויפן יידישן בית־עולם, ווו עס רוט דער גרויסער, הייליקער ייד רש״י, געבוירן אין 1040 און נפטר געוואָרן אין 1105. דאָס האָט אים צוריקגעפירט צו זיין אַלטן יידישן שטאַם, אַרויסגערופן אָן אַ שיער זכרונות פון חדר און אַ נאָסטאַלגיע צו דער אַלטער היים אין יענדזשעיווו און אין לאָדזש, ווו ער האָט געלאָזן זיין גאַנצע משפּחה. ווען ער איז איינמאָל אַהיימגעקומען צו זיך אין צימערל, האָט ער, צו זיין גרויסער איבעראַשונג, געפונען אַ בריוו און אַ פּעקל פון זיינע עלטערן. זיי בעטן אים ער זאָל קומען צופאָרן. עס איז נאָך דער מלחמה נישט אַזוי לייכט געווען צו פאָרן מיט די באַנען. ער האָט געבעטן אַ דערלויבעניש, און ער האָט זי אינגיכן באַקומען.

געזעגנט זיך מיט דער באַלעבאָסטע פון זיין צימער אין פעפליגהיים, דאָס איז אַ צען מינוט מיטן טראַמוויי פון וואָרמס, האָט ער זיך געלאָזן אַהיים, קיין לאָדזש. די רייזע האָט געדויערט שיינע טעג. עס זענען געווען נייע גרענעצן, וויזעס, פּאַפּירלעך, ביז ער האָט זיך דערקריגן צו זיין היימשטאָט.

**
*

און אָט איז ער ווידער אין די אָרעמס פון זיין מוטער, פאָטער, שוועס־טערן און ברודער. ער האָט מיטאַמאָל פאַרגעסן אין אַלע זיינע דורכגע־לעבטע צרות, זייט ער האָט זיי אַלעמען פאַרלאָזן. די פרייד איז געווען נישט צו באַשרייבן.

אָבער פּלוצים איז אים די פרייד פאַרשטערט געוואָרן. נאָך אַ פּאָר טעג זיין מיט דער משפּחה, האָט זיך געמאָלדן די דייטשע וואַך און געזאָגט, אַז מען זוכט אים. ווייל זיין פאָטער, ווי אַ הויז־פאַרוואַלטער, האָט אים איינגעמאָלדן, און אַזוי אַרום האָבן די יעקעס, וואָס זענען נאָך געווען אין לאָדזש, אים אַנטדעקט. די פּאָליציי האָט אים געפירט איבער די לאָדזשער גאַסן, ווי אַ פאַרברעכער, און דאַן — פון איין תפיסה אין דער אַנדערער. אָבער זיין פאָטער האָט זיך אויסגעקענט אין די יורידישע דרייד־לעך, און ער האָט אים אינגיכן באַפרייט.

זייט דעמאָלט האָט הענעך מער נישט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט. עס האָט אים געטראָגן אין דער וועלט אַריין. און גאָר אינגיכן האָט ער ווידער פאַרלאָזן זיין היים. דאָס מאָל — מיט גרויס האַרצוויטיק, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז דאָס איז שוין דאָס לעצטע מאָל, ווי ער זעט זיי.

דאָס צוריקפאָרן קיין דייטשלאַנד, איז נישט געווען ווי תמיד. אויף דער באַן האָט ער געזען, ווי אויף די פּנימער פון די מענטשן ליגט אויס־געגאָסן שרעק, ווי ערב גרויסע געשעענישן. מען האָט שוין געפילט אין דער לופט, אַז דייטשלאַנד פון ווילהעלם ברעכט זיך צוזאַמען. עס איז גע־ווען אַ יאָר נאָכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אין אָקטאָבער 1917. און שוין שמועסט מען אין די בערלינער פאַבריקן, וווּ הענעך האָט געאַרבעט, אַז לאַנג וועט עס שוין נישט דויערן. אין בערלין גופא איז גע־ווען שטיל, שוין צו שטיל. מען האָט נאָר געהערט, אַז צווישן די מאַטראָסן אין האַמבורג קומען פאָר טומלעניש.

אין חודש נאָוועמבער 1918 האָט קייסער ווילהעלם אַבדיקירט און עס איז געשלאָסן געוואָרן אַ וואָפנשטילשטאַנד מיט די מערב־מאַכטן, פראַנקרייך, ענגלאַנד, אַמעריקע. דער מערב־פראָנט האָט זיך איינגעבראָכן. עס האָבן זיך געצויגן לאַנגע מאַניפעסטאַציעס איבער די גאַסן פון די גרויסע דייטשע שטעט. די לינקע פאַרטייען האָבן געפאָדערט די מאַכט, בראש מיט דער ספּאַרטאַקוס־באַוועגונג. אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען דער אַלטער

אַרבעטער־טוער, דעפּוטאַט, פון רייכסטאַג, קאַרל ליבקנעכט, און צוזאַמען מיט אים — ראָזאַ לוקסעמבורג. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די דייטשע הענקערס האָבן זיי דערמאָרדעט. מען האָט זייערע טויטע קערפּערס געפונען אין בערלינער קאַנאַל. די מאַכט האָט איבערגענומען די סאָציאַליסטישע שיידעמאַן־נאָסקע רעגירונג ; כאָטש עס זענען אין עטלעכע דייטשע „לענדער" אויסגעבראָכן אויפשטאַנדן, ווי אין בייערן, קיין האַפּט האָבן זיי נישט געהאַט. זייער לעבנס־דויער איז געווען אַ קורצער. דייטשלאַנד איז אין די נאָך־מלחמה־יאָרן כסדר געוואָרפן געוואָרן אין קאָנוואולסיעס.

צווישן די יידישע קרייזן זענען געווען פאַרשידענע שיטות. אַ שטיקל צייט האָט זיך געקאָכט און גערודערט אין די יידישע קלובן און אין דער באַרימטער „ראָמאַנישער קאַפע", ווו מען האָט געזען אַזעלכע וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, ווי זלמן רובאַשאָוו (זלמן שזר), מאַרק יאַרבלום, זלמן שניאור, פיל יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, שרייבער, עס האָט זיך געשאַפן אַ קרייזל פון יידישע אינטעליגענטן, אַרבעטער, אָבער לאַנג אין בערלין האָבן זיי נישט געהאַט בדעה צו פאַרבלייבן. אויך העגעך איז געווען צווישן זיי, און זיי האָבן באַשלאָסן צו ווענדן זיך צום פּראָוויזאָרישן פראַנצויזישן קאָנסולאַט נאָך אַ רייזע־דערלויבעניש קיין פראַנקרייך.

דער פראַנצויזישער קאָנסול האָט זיי זייער פריינטלעך אויפגענומען און האָט זיי געזאָגט :

— כדי צו באַקומען אַ וויזע, מוזט איר ברענגען אַ פּאַס פון פּוילישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט.

אַזאַ קאָמיטעט האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אין בערלין, כאָטש אין פּוילן גופא איז נאָך נישט געווען קאָנסטיטואירט קיין פּוילישע רעגירונג. מען האָט זיי געגעבן אַ פּאַס מיטן תנאי, זיי זאָלן זיך צושטעלן צום מיליטער אין פּאַריז, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען רעקרוטירונגביוראָען. איידער זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין, איז שוין געווען פרילינג.

***

געקומען קיין פּאַריז, האָבן זיך יידן געלאָזט זוכן, דאָס באַרימטע „פּלעצל". דאָרט טרעפט מען אַ ייד, מען פרעגט זיך נאָך, וואָס מען קען טאָן אין אַזאַ שטאָט ווי פּאַריז. צו די פּוילישע רעקרוטירונג־ביוראָען

זענען זיי, פאַרשטייט זיך, נישט געגאַנגען. זיי האָבן אַצינד געלעבט אינם לאַנד, וואָס איז אַרויס אַ זיגערין אין דער בלוטיקער מלחמה, אַ לאַנד, וואָס האָט פאַרלוירן אויף די שלאַכט־פעלדער פון ווערדען עטלעכע מיליאָן פון אירע זין, און דאָס לאַנד האָט זיך ווידער געגוויטיקט אין אַרבעטס־הענט.

דעם 1־טן מאי זענען אַלע אַוועק אויף דער מאַניפעסטאַציע אויפן פּלאַץ רעפּובליק. די דעמאָלטיקע פּואַנקאַרע־רעגירונג האָט אַרויסגעשיקט פּאָליציי, מיליטער קעגן די דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער. אָבער אויך זיי האָבן זיך פאַרברידערט מיט די מאַניפעסטאַנטן. האָט דער פּאַריזער מיליטער־קאָמענדאַנט, גענעראַל גורא, צוריקגעצויגן דאָס מיליטער און געשיקט די שוואַרצע סענעגאַלער טרופּן. דער פּלאַץ רעפּובליק איז פאַר־גאָסן געוואָרן מיט אַרבעטער־בלוט. דאָס איז געווען זייער ערשטער מאי אין פּאַריז אין 1919.

הענעכן האָט עס אינסטינקטיוו געפירט צו דער אַרבעטער־סביבה, פּונקט ווי אין זיין שטאָט לאָדזש. ער האָט דאָרט אויך געפונען אַ בחור פון זייער הויף אין לאָדזש, דעם חבר גאָלדבערג. איינער אַ חבר, דזשאַ־לאָווסקי, האָט אים פאַרשאַפן אַ פּלאַץ אַלס געהילפס־דירעקטאָר אין אַ יידיש־אַמעריקאַניש געשעפט פון מלחמה־זאַכן; ווייל די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט, קומענדיק העלפן דאָס לאַנד מיט געווער אין האַנט, צו באַזיגן די דייטשן, אָנגעבערענגט פון כל טוב. ס׳האָט געהייסן „אַמעריקאַנער סטאָק״, און יידן האָבן דערביי געמאַכט נישט קיין שלעכטע געשעפטן. הענעך האָט זיך אויך פלייסיק גענומען לערנען פראַנצויזיש. און אין גיכן האָט ער זיך אויך געקענט אַריינפּאַסן אין אַ פראַנצויזישער סביבה.

אין דעם טאָג, ווען הענעך האָט איבערגענומען זיין אַרבעט אין דער פאַרשטאָט איווורי, האָט אים חבר דזשאַלאָווסקי געראַטן צו ענדערן אַביסל זיין נאָמען פון הענעך אויף — הענרי. דער באַלעבאָס פון געשעפט איז געווען זייער צופרידן פון זיין פלייסיקער אַרבעט. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז יעדן שבת זאָל הענרי, צוזאַמען מיטן חבר פיליפּ (דזשאַלאָווסקי) קומען צו אים. דאָס געשעפט איז דאָך שבת טיי ווי געווען געשלאָסן. דער באַלעבאָס, גערופן האָט ער זיך שיינבערג, איז געווען אַ פרומער ייד.

די אַרבעט איז נישט געווען קיין שווערע. ער האָט אָבער אַרויס־געוויזן אַ סך איניציאַטיוו. דער באַלעבאָס האָט עס גוט באַמערקט און ער האָט אים איינמאָל פאָרגעלייגט צו מאַכן אַ רייזע אין דער פּראָווינץ.

ווארום אויך אין נאָרד־פראַנקרייך, אין רובע, האָט דער שיינבערג פאַר־מאָגט אַ גרויסן לאַגער פון פאַרשידענע סחורות, פון די „אַמעריקאַנער סטאָקן״. דער זון שיינבערגס האָט העניין פאַרגעלייגט ער זאָל אויף אַ געוויסע צייט איבערנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם סחורה־לאַגער. העניי האָט זיך אַרומגעטראָגן שטענדיק אין קעשענע מיט אַ ווערטער־ביכל, כדי צו פאַרפולקאָמען זיך אַלץ מער אין פראַנצויזיש, געלעבט אַ לענגערע צייט אין רובע, בלויז צווישן פראַנצויזן, און דאָס האָט אים פיל מער געהאָלפן זיך צו פאַרפולקאָמען אין דער שפּראַך.

צוריקגעקומען קיין פּאַריז, אין זיין האָטעל־צימער, האָבן זיי דאָרט נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויערן, הערנדיק רעדן העניין אין אַ קאָרעקטן פראַנצויזיש. ס׳איז געווען ערב דעם קריסטלעכן ניי־יאָר 1920. און דאָ באַקומט ער פלוצים אַ טעלעגראַמע פון זיינע עלטערן אין לאָדזש, ער זאָל תיכף ומיד פאָרן ביז דער פּוילישער גרענעץ און אָפּוואַרטן זיין ברודער. דאָס איז געווען זיין ברודער זעליק, דער ישיבה־בחור, וואָס האָט שוין געהאַט אַ היתר הוראה. ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן, אַז אויך זיין פרומער ברודער לאָזט זיך אין דער וועלט אַריין?

אַרויסבאַקומען אַ וויזע, האָט זיך העניי געלאָזן איבער גרענעצן, ביז קיין קאַטאָוויץ, אָפּצוואַרטן זיין ברודער. די באַנען זענען פול גע־ווען מיט פראַנצויזיש מיליטער, וואָס האָט באַזעצט, ווי באַקאַנט, די רהיין־געביטן, נאָכן ווערסאַילער שלום־אָפּמאַך, נאָכן צוזאַמענברוך פון קייסער ווילהעלם. געשלעפּט זיך צוויי טעג, איז העניי אָנגעקומען צו דער נייער פּוילישער גרענעץ. עס איז אָבער שווער געווען פאָרן ברודער דורכצושמוגלען זיך. האָט זיך העניי געווענדעט צו דער יידישער גע־מיינדע פון קאַטאָוויץ. תיכף האָבן זיי נאָכגעזוכט, צי אַזאַ בחור איז אָמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין תפיסה, וועלנדיק שוואַרצן די גרענעץ. אַזוי האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן. ער האָט געהאַט דערקלערט, אַז ער פאָרט צו זיין קוזין קיין בערלין. איז ער אפשר שוין אין בערלין? איז העניי גלייך אַהינגעפאָרן. ער איז אויך דאָרט נישט געווען, ביי זיין קוזין אין בערלין. ער האָט זיך אָבער דערוווסט, אַז אַן אָרטאָ־דאָקסישע אַכסניה נעמט אויף די אַלע בחורים, אַנטלאָפענע פון פּוילן. און דאָרט האָט ער געפונען זיין ברודער זעליק.

זייער צוזאַמענטרעף איז געווען אַ געמיש פון פרייד און געוויין,

נאָך אַזויפיל אָפּגעלאָפּענע יאָרן. קודם האָט ער באַשלאָסן, אַז ער מוז אַראָפּוואַרפן פון זיך זיינע אַלטע מלבושים פון אַ ישיבה־בחור. ער איז אַוועק מיט אים אין גרויסן טיץ־געשעפט פון בערלין. אַרויסקומענדיק פון דאָרט, איז זעליקן מער נישט געווען צו דערקענען. געקומען צום בערלינער קוזין אַהיים, האָט יענער נישט געגלויבט זיינע אויגן:

— וואָס מלבושים קענען מאַכן פון אַ מענטש!

אָפּגערוט זיך אַ שטיקל צייט אין בערלין, האָבן זיי זיך געגרייט צוריקפאָרן קיין פּאַריז, און צווויסן געטאָן די עלטערן אין לאָדזש דער־וועגן. עס האָט זיך אָבער פּלוצים אויפגעהויבן דער שטורעם אין בערלין גופא — די רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש פון 9־טן נאָוועמבער. איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן יעדער אַרויספאָר. די שטאָט איז געווען באַ־לאַגערט פון באַריקאַדן. מענטשן זענען געפאַלן אין די גאַסן. ביז ענד־לעך האָבן שיידעמאַן און נאָסקע גענומען די מאַכט אין זייערע הענט.

נאָך די מוראדיקע טעג האָבן העניע און זיין ברודער פאַרלאָזט די שטאָט, זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין קעלן, ביי זייערע פריינט נוטקע־וויטש. דאָרט האָבן זיי פאַרבראַכט די ערשטע טעג פּסח. זיי זענען צוריק אריינגעפאַלן אין אַ היימישער אַטמאָספער, אין אַ יום־טובדיקייט. אַזוי האָבן זיי ביסלעכווייז פאַרגעזעצט די רייזע קיין פּאַריז. און דאָ איז ווידער געשטאַנען אַ שטיין אין וועג — אַ וויזע פאַרן ברודער. האָבן זיי זיך געלאָזן דורך קרומע וועגן, אויסצומיידן די פראַנצויזישע גרענעץ־וואַך. זיי זענען נישט געווען די איינציקע. פיל יידן האָבן דעמאָלט געשמוגלט די גרענעץ אויף אַזאַ אופן.

אָבער אין פּאַריז איז ווידער שווער געווען — ווי אַזוי לעגאַליזירן דעם ברודער? איז, נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת, באַשלאָסן געוואָרן אַריינ־צופאָרן קיין בריסל, אין בעלגיע, ווו ס'וועט אפשר זיין לייכטער איינצו־אָרדענען זיך. דאָרט איז דעם ברודער זעליק געלונגען צו געפינען אַ יידישע סביבה ביים רב פון בריסל. דער רב האָט אים אויפגענומען מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט. זעליק האָט צוזאַמען מיטן רב'ס זון געלערנט, און זעליק האָט דאָרט אויך געפונען באַשעפטיקונג אַלס העברעאישער לערער. העניע איז נאָך פאַרבליבן אַ שטיקל צייט אין בריסל מיטן ברו־דער, ער האָט געאַרבעט ביי מאַראָקינערי. אָבער העניען האָט עס צוריק־

געצויגן קיין פּאַריז, צו זיינע חברים פון דער סינדיקאַלער באַוועגונג. דאָס איז שוין געווען אָנהייב 1921 יאָר.

אַזוי איז העגרי, נאָך אַ לאַנגן גלות אַפריכטן אין דייטשלאַנד, צווישן די רעוואָלוציאָנערע ברויזן פון דער ספּאַרטאַקוס־פּאַרטיי, מיט קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג, צוריקגעקומען קיין פּאַריז. דאָס האָט אים דערמאָנט אין גרויסן יידיש־דייטשן דיכטער היינריך היינע, וועלכער איז אַוועק אַפריכטן גלות אין פראַנקרייך, געיאָגט פון דער פּרייסישער פּעאָדאַלער מאַכט, אין יאָר 1831. דאָרט האָט ער געשאַפן זיין פּאָעמע, געווידמעט דעם פראַנצויזישן פאָלק, ווו ער וואָרנט קעגן דעם ווילדן דייטשן גענאָסיד־אינסטינקט, אַז — אפילו אין בויך פון זיין מוטער, איז דאָס קינד שוין אַ סאָלדאַטעסק. אַזאַ נביאות האָט היינע געזאָגט מיט איבער הונדערט יאָר פריער.

דאָס לאַנד, וואָס האָט פּראָקלאַמירט מענטשן־רעכט, איז פאַר די געיאָגטע יידן, נע־ונדניקעס, דעמאָלט געווען אַן אַזיל, אַנטלויפנדיק פון מזרח־איראָפּע. דאָ האָט העגרי צוביסלעך געגומען בויען זיין נייע היים. ער האָט אויך נישט פאַרגעסן זיינע צוזאָגן — זיין ברודער און פריינט ראָטשטיין אַריבערצונעמען קיין פראַנקרייך, אויף אַ לעגאַלן אופן. ער האָט זיי פאַרזאָרגט מיט אַרבעט אין דער אַטעליע, ווו ער איז געווען באַשעפטיקט אַלס מאַראָקיניער. אָבער זיין ברודער זעליק איז אַלץ שווער געווען זיך צו עמאַנציפּירן, פאַרלאָזן זיין וועלט פון תלמוד. ער איז פאַרבליבן אָפּגעשלאָסן אין זיין וועלטל. אויך האָבן זיך די עלטערן שטאַרק מצער געווען, וואָס ער האָט זיי נישט געשריבן קיין בריוול. ווייל אין דער זעלבער צייט האָבן די עלטערן פאַרלאַנגט, אַז די ברידער זאָלן אויך זייער ייגגסט שוועסטערל אסתר, אַריבערנעמען קיין פּאַריז.

מיטן פאַרלאָזן פון דער ייגגסטער טאָכטער די היים, איז זיי דאָרט אומעטיק געוואָרן. זיי האָבן שוין פאַרמאָגט דריי קינדער אין דער פרעמד. דאָס איז געווען אין יאָר 1923.

העגרי איז דעמאָלט געווען זייער אַקטיוו אין פּאָליטישן לעבן. אים איז אויסגעקומען, אַלס קאָמיטעט־מיטגליד פון זיין סינדיקאַט, אָנטיילצונעמען אין פאַרשידענע פאַבריק־אַקציעס. עס האָט פאַר אים אַ שיין געטאָן אַ שטיקל היים, מיטן האָבן לעבן זיך אַ ברודער און אַ שוועסטער.

און דאָ איז פאָרגעקומען אַזאַ מעשה: אסתרל האָט זיך באַ־

קענט מיט אַ בחור, וועלכער האָט אַנומלט געאַרבעט צוזאַמען מיט העברי אין בריסק. דאָס איז געווען אַ געוויסער משה אהרן באָרנשטיין. ער האָט זיך פאַרליבט אין אסתרן. און ווען אסתר איז נאָך אַ געוויסער צייט אַהיימ־געפאָרן קיין לאָדזש, האָט דער בחור צווויסן געגעבן זייַנע עלטערן און זיי געבעטן זיי זאָלן פאָרן קיין לאָדזש פון וואַרשע, ווו זיי האָבן געוווינט, זיך באַקענען מיט דער כלה און מיט אירע עלטערן. די כלה איז זיי געפעלן און אַזוי אַרום איז אינגיכן געשריבן געוואָרן תנאים, מיט מזל. דאָס איז געווען אָנהייב 1924. זיי האָבן אסתרן פאַרבעטן צו זיך קיין וואַרשע, און זי האָט זיך דאָרט באַקענט מיט דער גרויסער משפּחה פון די באָרנשטיינס, דרייַצן קינדער, קיין עין הרע. נאָכן אָפּפרייען זיך מיט די מחותנים אין וואַרשע, נאָכן אָפּפרייען זיך מיט די עלטערן אין דער היים אין לאָדזש, האָט זי זיך אומגעקערט קיין פּאַריז, ווארום משה אהרן האָט שטאַרק גע־בענקט נאָך איר. משה אהרן און איר ברודער העברי האָבן זי אָפּגעוואַרט.

אסתרל מיט איר באַשערטן האָבן שוין פאָרגעזען אַ באַשטימטע דאַטע פאַר זייער חתונה. ער האָט אין פּאַריז געהאַט אַ פעטער, אפרים באָרנשטיין, און דער פעטער האָט פיל געהאָלפן דאָס יונגע פּאָר פירן זיי מיט מזל צו דער חופּה. עס האָט אַלעמען זייער ווייַ געטון, וואָס אסתרלס עלטערן האָבן נישט געקענט קומען צו זייער טאָכטערס חתונה. בשעת דער חופּה האָבן אירע ברידער, יעדער איינער אין זיין ווינקל, שטיל פאַרגאָסן אַ טרער. די גאַנצע משפּחה האָט פריילעך פאַרבראַכט, נאָכן פיינעם מאָל־צייַט, וואָס משה אהרנס פעטער און מומע האָבן זייער ברייט צוגעגרייט, יידישלעך, אַזוי ווי אין דער אַלטער היים.

אַ דאַנק אסתרלען, האָבן ביידע ברידער זיך אָנגעהויבן פילן היימי־שער אין דער פרעמד. אין יענער צייט האָבן די קינדער אויך באַקומען אַ ידיעה פון די עלטערן, אַז זיי פאָרן זיך באַזעצן אין ארץ ישראל. זיי האָבן דערביי געהאַט די כונה, אַז מיט דער צייט וועלן אפשר אויך זייערע קינ־דער קומען קיין ארץ ישראל. אָבער צוליב פאַרשידענע טעמים, איז זייער פּראָיעקט נישט מקוים געוואָרן. די קינדער האָבן אָבער נישט פאַרגעסן צו העלפן זייערע טאַטע־מאַמע, לויט זייערע יכולתן.

צו דער צייט האָט זיך העברי באַקענט מיט אַ וווּיל מיידל פון אַ שיי־נער משפּחה. געשען איז עס אַזוי: ער איז איינמאָל געגאַנגען זען טשאַרלי טשאַפּלינס אַ פילם. דאָס איז געווען פרילינג־צייט. אַזוי געמיטלעך, איינער

אַליין, האָט העגרי פאַרלאָזט דעם סינעמאַ, איז געבליבן שטיין אין דרויסן, אויפן בולוואַר. איז פּלוצים אַראָפּגעפאַלן אַ רעגן און דער עולם, וואָס האָט געשטראָמט דורך די ברייטע טירן, האָט זיך אַ רגע פאַרהאַלטן אונטער די דעכלעך פון אַ מאַגאַזין. צוויי מיידלעך, אָנגעטאָן פרילינגדיק, האָבן זיך פאַרהאַלטן און העגרי האָט זיי פאָרגעלייגט זיך צו שטעלן אונטער זיין רעגן־שירעם. זיי האָבן זיך געוואַקלט, האָט ער זיי פאָרגעלייגט דעם שירעם אַהיימצוגיין, און האָט נאָך צוגעגעבן:

— נעמט, איך וועל קומען צו אייך אָפּנעמען...

זיי האָבן געלאַכט, געדאַנקט; און גראָד איז אָנגעקומען דער אויטאָבוס, זענען זיי גיך אַ לויף געטאָן און זענען אַוועק.

העגרי האָט זיי גוט געדענקט די צופעליקע באַקאַנטע. ווייל ער האָט זיי איינמאָל ווידער געזען שפּאַצירן. זיי האָבן זיך בלויז באַגריסט. וואָלט כאָטש איינע פון זיי געווען אַליין, אָן דער חברטע. איז איינמאָל פאָרגעקומען אַ קולטור־אונטערנעמונג. עס זענען אַרויסגעטרעטן די באַרימטע יידישע אַרטיסטן פון פוילן, מ. קיפּניס און די זינגערין זעליגפעלד. אויף אַזעלכע אָוונטן האָט העגרי און זיין ברודער קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו גיין. דער זאַל פון דער „סאָסיעטע סאַוואַנט" איז געווען איבערפולט. עס האָבן זיך דאָ באַגעגנט פריינד און לאַנדסלייט אויפן ספּעקטאַקל. און פלוצים צווישן דעם אויפגעהייטערטן עולם, האָט העגרי ווידער באַמערקט די צוויי פריילינס. דאָס האָט אים מיטאַמאָל באַרוישט. ער איז צו צו זיי, דאָסמאָל מיט מער זיכערקייט. ווייל ער איז ביז דעמאָלט נישט געווען זי־כער, צי זיי זענען יידישע מיידלעך. ער האָט זיי פאַרבעטן צו פאַרנעמען פלעצער, לעבן זיך, צוזאַמען מיט זיין ברודער. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט. אַזוי האָבן זיי זיך פאַרגעשטעלט: צוויי שוועסטער, און — צוויי ברי־דער. דאָס איז געווען אין מאַי 1925.

אַזאַ גליקלעכער, צופעליקער צוזאַמענטרעף אויף אַ קולטור־אָוונט; די מיידלעך און די יונגעלייט האָבן זיך אין דעם אָוונט זייער גוט אונטער־געהאַלטן. זיי האָבן אויסגעטוישט זייערע מיינונגען וועגן די אַרטיסטן. העגרי האָט זיך איינגעקוקט אין די מיידלעך, און ביי זיך האָט ער שוין אָפּגעמאַכט, וועלכע עס געפעלט אים בעסער. די יינגערע האָט אים זייער אימפּאָנירט.

אַרויסגייענדיק נאָכן קאָנצערט, האָבן זיי נאָך לאַנג שפּאַצירט איבער

די רוישיקע פּאַריזער בולוואַרן, ביז ס'איז געוואָרן שפּעט. זיי האָבן זיך געאײַלט, די מיידלעך, כאָטש צומאָרגנס איז געווען זונטיק, ווען מען אַר־בעט נישט. העני האָט זיי געבעטן, מ'זאָל זיך טרעפן, אָבער באַזונדער, נישט צוזאַמען. דאָס מיידל, די ייִנגערע, איז אים אַרײַן אין האַרץ. אַזוי האָט זיך עס אַלץ אָנגעהויבן צוליבן שירעם אין רעגן, וואָס העני האָט די מיידלעך אָנגעבאָטן. העני האָט אָבער פריער געוואָלט זיך באַ־קענען מיט זייערע עלטערן, צו זען, פון וואָס פאַרא סביבה די מיידלעך קומען.

דער ערשטער צוזאַמענטרעף איז פאָרגעקומען ביי זייער עלטסטער שוועסטער און שוואָגער. אויך זייער מוטער איז בייגעווען, ווארעם דער פאָטער זייערער איז גראָד נישט געזונט געווען. דאָסמאָל האָט שוין העני אַרויסגעוויזן אַביסל מער דרייסטקייט צום מיידל, ווי זי וואָלט שוין געווען זיין כלה. ער האָט איר געזאָגט, דעם מיידל:

— איר רופט זיך מאַניע, און מיין עלטערע שוועסטער רופט זיך אויך מאַניע.

זיי זענען געזעסן ביים טיש, אָנגעשטעלט מיט כיבוד, אין אַ געמיטלע־כער אַטמאָספער. ער האָט זייער געוואָלט קענען איר פאָטער און האָט זי געבעטן, אַז ער וויל גיין מיט איר צוזאַמען אין שפּיטאָל. אין אַ שבת נאָכ־מיטאָג זענען זיי אַוועק, און ער איז דעם פאָטער אירן זייער געפעלן. דער פאָטער האָט געבעטן, העני זאָל אָפטער אַרויפקומען צו זיי. העני האָט געהאַלטן וואָרט. דער פאָטער האָט זיך געבעסערט אין געזונט. ער האָט די טאָכטער מיט העניען צוגערופן צום בעט און זיי געזאָגט בזה הלשון:

— קינדער, איך גיב אייך מיינע האַרציקע ברכות, און איך ווינטש אייך איר זאָלט זיין גליקלעך.

אין איינעם אַן אָוונט זענען זיי אַלע, אויך העניס ברודער, געווען פאַרבעטן ביי מאַניעס שוועסטער. ביים טיש האָט מען שוין דאָסמאָל גע־רעדט וועגן ערנסטע ענינים, וועגן דער צוקונפט פון די קינדער. עס האָט אויסגעזען, אַז אין דער משפּחה האָט מען שוין פריער געהאַט אַרומגערעדט דאָס אַלץ. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז העני מיט מאַניען וועלן וווינען ביי די עלטערן, נאָכן פאַרבינדן זיך; און פאַר זעליקן מיט זיין מיידל וועט געדונגען ווערן אַ דירה באַזונדער.

אָבער דער גורל האָט אַביסל אַנדערש באַשטימט. ווייל דער פאָטער

זייערער האָט באַדאַרפט פּלוצים אָפּערירט צו ווערן. דאָס איז געווען שבועות־צייט אין יאָר 1925. די אָפּעראַציע איז, לײַדער, נישט געלונגען, ער איז געשטאָרבן, און דאָס האָט דער גאַנצער משפחה זייער שטאַרק געטראָפן. נאָך שבעה זיצן, איז זיך די גאַנצע משפחה צוזאַמענגעקומען, ביים טיש זענען אויך געזעסן ביידע חתנים, העניר און זעליק, און ס'איז אָפּגעשמועסט געוואָרן די זמן־חתונה. עס איז דערביי געקומען צו אַ שטיקל מיספאַרשטענדעניש, צום אויסטוישן אַ פּאָר שאַרפע ווערטער, און העניס כלה, מאַניע, האָט זיך געפילט זייער באַליידיקט. העניר האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, און ער האָט זיך אָנגערופן, אַז אין זיין קעגנוואָרט וויל ער נישט מ'זאָל באַליידיקן מאַניען, בפרט נאָך די ברכות פון פאָטער אויף זיין טויטן־בעט. דאָ האָט דער שוואָגער מאַניעס זיך געוואָרפן שלאָגן, און אויך זעליקס כלה האָט זיך אַריינגעמישט. העניר האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר און איז אַרויס. אָבער מאַניע איז אים באַלד נאָכגעלאָפן. זי האָט אים באַרואיקט. עס איז אויך געקומען צו אַן איבעררייס צווישן זעליקן און זיין מיידל.

העניר האָט גוט נאָכגעטראַכט — וואָס פאַראַ כוונות האָבן זיי געהאַט? און אַלץ איז אים קלאָר געוואָרן...

דעמאָלט האָבן העניר און מאַניע באַשלאָסן זיך צו פאַרזאָרגן מיט אַן אייגענער וווינונג. גראָד האָט זיך געמאַכט אַ פרייע וווינונג נישט ווייט פון זיין שוועסטער אסתרל. דאָס איז געווען נאָענט ביים ווענסענער וואַלד, נישט ווייט פון פּאַריז. עס זענען דאָרט געווען צוויי שטובן, מיט אַ קיך. דער פּראָבלעם איז אַצינד געווען אַריינצושטעלן אַ ביסל מעבל, מיט אַלעם נויטיקן אין אַ באַלעבאַטישקייט. ביידע יונגע מענטשן האָבן פלייסיק געאַרבעט, געקומען צו אַ פּאָר פראַנק און אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן ביסלעכווייז אין זייער אויסגעחלומטער אייגענער נעסט. דעמאָלט האָט מען באַשטימט די זמן־חתונה. חברים און פריינט האָבן מיטגעהאָלפן הייבן זייער מאָראַל, ווייל זיי האָבן נאָך אַלץ נישט געקענט פאַרגעסן די קריגעריי אין דער משפחה. מאַניעס מאַמע האָט זיך שטאַרק געזאָרגט פאַר די קינדער און אַלץ געטאָן צוצוגרייטן זייער חתונה. עס זענען אפילו געשיקט געוואָרן חתונה־קאַרטן צו העניס עלטערן קיין לאָדזש. זיי האָבן זיך שוין דאָרט געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

די חתונה־צערעמאָניע אין דער מערי איז פאָרגעקומען, אין אַ

גליקלעכער שעה, דעם 1־טן סעפטעמבער 1925, אין פּאַריז, אין 11־טן אַראָנדיסמאַן. חופּה וקדושין האָט זיי געגעבן דער ל׳וואָוויניק הרב קאַפּ־לאַן, ז״ל, דער פֿאָטער פֿון היינטיקן הרב הראשי יעקב קאַפּלאַן. דערנאָך איז דער עולם געקומען זיך פֿאַרווײַלן אויפֿן באַל אין די סאַלאָנען פֿון באָן־וואַלעט, בולוואַר די טאַמפּל, אין 3־טן אַראָנדיסמאַן. פֿאַרשטייט זיך, אַז די מוטער מאַניעס איז געווען צופֿרידן און האָט געשײַנט פֿון גליק אויף דער שמחה.

דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען נאָרמאַל, אָבער פֿון צײַט צו צײַט זענען געווען קליינע עגמת־נפֿשן, וואָס זענען נאָך אַלץ געווען אַן אָפּקלאַנג פֿון קליינעם אינצידענט ביי אירע עלטערן אין הויז. אַזוי איז צו דער גליקלעכער צײַט געבוירן געוואָרן ביי זיי אַ טאָכטער. מען האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן נאָך אַ באָבע פֿון פֿאָטערס צד — רחלע, אויף פֿראַנצויזיש — ראַשעל. געבוירן געוואָרן איז זי דעם 2־טן יוני 1926. דאָס קינד האָט זיך שיין אַנטוויקלט און די יונגע עלטערן האָבן געשעפּט נחת.

געווען שווערע צײַטן, עקאָנאָמיש איז זיי נישט אַזוי גוט געגאַנגען. ווען ס׳קינד איז אַלט געווען צוויי יאָר, האָבן זיי פֿאַרקויפֿט זייער וווינונג אין ווענסען און איבערגעצויגן זיך קיין פּאַריז. דאָס איז געווען אָנהייב זומער 1928. זיי האָבן געוווינט אויף רי דע קאַנעט, 5־טער אַראָנדיסמאַן. זיי האָבן געמוזט אַריבערציִען זיך פֿון ווענסען, ווײַל העניע האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס אַרטיזאַן, צוזאַמען מיט זײַן ברודער זעליק, מאַראָקינערי, אין אַ קליינער אַטעליע אויף רי פּרעדעריק סאַטאַן. פֿון דער דירה האָבן זיי געהאַט אַביסל געלט, צו קענען אײַנקויפֿן סחורה. זעליק האָט קיין געלט נישט פֿאַרמאָגט. הקיצור, דאָס שותפֿות פֿון ביידע ברידער איז נישט שלעכט אַוועק. זיי האָבן אָבער באַדאַרפֿט אַרבעטן זייער שווער, אָפֿט ביז שפּעט אין דער נאַכט. נישט איינמאָל האָט מאַניע געמוזט ברענגען העניען דאָס עסן אין דער אַטעליע אַריין, מיטן קינד אויף דער האַנט. מאַניע איז דערפֿון נישט איבעריק צופֿרידן געווען, ווײַל זי האָט גאַנצע טעג און אָוונטן געמוזט זײַן איינע אַליין מיטן קינד.

מיט דער צײַט האָט עס אָנגעהויבן פּיל בעסער צו גיין אין זייער אַרבעט. די ביידע ברידער האָבן זייער ערלעך צוזאַמענגעאַרבעט. די אַרבעט איז געגאַנגען נאָרמאַל. צו יענער צײַט האָבן זיי דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פֿון זייער פֿאָטער אין ארץ ישראל, אָנזאָגנדיק זיי דער

מוטערס טויט. ס'איז געווען אַ גרויסער טרויער פֿאַר זייערע קינדער אין פּאַריז. ביידע ברידער זענען גלייך אַוועק אין בית־מדרש זאָגן קדיש נאָך זייער מוטער חיה בת שמואל זיינוול. די ווערטער האָבן זיי געשטיקט אין האַלדז, פֿון די אויגן האָבן זיך געגאָסן הייסע טרערן.

אָבער די טעגלעכע פֿליכטן זייערע, די זאָרג פֿאַר זייערע משפּחות, האָבן ווייטער געטריבן. מען האָט אויך געמוזט דינגען אַ גרעסערע אַטע־ליע, אָנשטעלן אַרבעטער. דער פֿאָטער האָט געשריבן, אַז ער האָט געשטעלט אַ מצבה זייער גאָטזעליקער מוטער אין בני־ברק, און אַז ער פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד, כּדי אויסצופֿירן די צוואה פֿון דער מוטער ע"ה צוריקצוברענ־גען איר שוועסטערס טאָכטער רחל, וועלכע מיר האָבן דערצויגן, צוריק צו אירע שוועסטער און ברידער קיין פּוילן. צו דער זעלבער צייט שרייבט ער, אַז ער וועט קומען קיין פּאַריז. דאָס איז געווען באַלד נאָכן קריסט־לעכן ניי־יאָר, אין 1929.

די קינדער אין פּאַריז האָבן זיך געגרייט אויפֿצונעמען זייער פֿאָטער, כאָטש זיי האָבן געוווסט, אַז זייער פֿאָטער וועט אין פּאַריז נישט קענען בלייבן, צוליב זיין שטרענג־רעליגיעזן פֿירן זיך. אַ קליינינקייט, ר' וואָלף־לייב, דער געררער חסיד, אַ מקורב פֿון רבין כּל ימיו. אין די טעגלעכע זאָרגן, האָט מען עס פֿאַרגעסן. עס איז געשטאַנען דער פּראָבלעם פֿון דער אַטעליע מיט דער וווינונג צוזאַמען. עס האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: ווער זאָל איבערנעמען די וווינונג, זעליק, דער עלטערער ברודער, צי העניר דער ייִנגערער ? על פּי שׂכל האָט די וווינונג באַדאַרפֿט צו נעמען העניר מיט זיין פֿרוי און קינד, וואָרעם זיי האָבן פֿאַרקויפֿט זייער וווינונג אין ווענסען און געדונגען זיך אַ פֿינצטערע דירה אויף רי דע קאַנעט, כּדי צו האָבן אַביסל געלט פֿאַרן געשעפֿט.

אינצווישן איז דער פֿאָטער זייערער געקומען. זעליק איז געפֿאָרן אָפּוואַרטן אים אין מאַרסעיל, ווּהין ער איז געקומען מיט דער שיף פֿון ארץ ישׂראל. עס איז געווען אַ גרויסע פֿרייד ביי די קינדער צו באַגעגענען דעם פֿאָטער, געמישט מיט ביטערע טרערן, צוליבן פֿעלן פֿון זייער מוטער.

ווי געזאָגט, האָט על פּי שׂכל העניר באַדאַרפֿט איבערנעמען די נייע וווינונג. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אסתרלס מאַן, משה, וועל־כער האָט געהאַט אַן אינטערעס, אַז זעליק זאָל נעמען די דירה, מיטן ציל, אַז זיין שוועסטער רחל זאָל חתונה האָבן מיט זעליקן. אסתרל און העניס

פרוי מאַניע, האָבן זיך אַריינגעלייגט אין דעם ענין און געווירקט, אַז העברי זאָל מסכים זיין. אַזוי אַרום איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן זיין האָב־און־גוטס און דער כבוד פון זיין קליינער פאַמיליע. ווען ער וואָלט נישט מסכים געווען, וואָלט ער סיי ווי אַלץ פאַרשפּילט. די אַלע וויכוחים האָט דער פאָטער זייערער בייגעוווינט, און ער האָט זיך נישט געוואָלט מישן דערין און געזאָגט, אַז ער באַדאַרף צוריקפאָרן מיט זייער קוזינקע רחל קיין פוילן. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך געוווּנטשן צו פירן אונטער דער חופּה זיין זון, דעם בן־תורה, זעליקן, דעריבער וועט ער שוין צוואַרטן ביז נאָך דער חתונה.

דורך דער צייט האָבן העברי מיט מאַניען איבערגענומען די נייע דירה, אויף 14 רי די גרעניע סאַן לאַזאַר, אין 3־טן אַראָנדיסמאַן. באַלד נאָכדעם האָט זעליק חתונה געהאַט מיט רחלען, משה׳ס שוועסטער. נאָך דער חתונה איז זייער פאָטער אַוועק צום ברודער ישראל קיין מעץ אויף אַ פּאָר וואָכן. דערנאָך איז ער צוריקגעפאָרן קיין לאָדזש. אָבער נאָך אײדער ער האָט פאַרלאָזט פּאַריז, האָט ער נאָך בייגעוווינט די פּײַנלעכע צעשייּדונג פון דער שותּפות פון ביידע ברידער.

עס זאָגט זיך לייכט אָפּ צעשיידן דאָס שותפות פון ביידע ברידער — ווען מען האָרעוועט אָפּ אַ צייט צוזאַמען. איין פאַקט: באַלד נאָך דער חתונה פון זעליקן מיט רחלען, איז זעליק געקומען צו דער אַרבעט כמעט פאַרמיטאָג. דאָס הייסט, ער האָט די בשותּפותדיקע מי און אָנשטרענגונג פאַרנאַכלעסיקט. נו, האָט העברי געזאָגט, אַז ווייטער קען עס אַזוי נישט גיין.

— לאָמיר רעדן אָפענע דיבורים. צו וואָס צילסטו?

— מיר מוזן זיך צעשיידן — האָט אים זעליק געענטפערט קאַטעגאָריש.

הקיצור, עס איז נישט געווען וואָס צו טענהן. עס איז געוואָרן אויס שותּפות. און דאָ האָט מען געזען די היפּאָקריטישקייט, און תּמיד היינטן אַרום, מיט משה׳ס אַריינמישן זיך. משה איז אסתרלס מאַן. די מעשה איז געווען פּראָסט־פּשוט: ווען דער בוכהאַלטער האָט צוגעגרייט די ביכער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זעליק מיט זיין ווייב האָבן שוין, מיט משה׳ס הילף, געהאַט אויפגעשטעלט אַן אייגענע אַטעליע. אַלץ איז קלאָר געווען.

עס זאָגט זיך אַ שפּריכוואָרט: שותפות איז נאָר גוט צווישן מאַן און ווייב.

ביז דער חתונה פון זעליקן, איז אַלץ געווען שלום ושלוה. יעדער פון די שותפים האָט געהאַט זיין שליחות אין געשעפט. דאָס געשעפט האָט פּראָגרעסירט. די סוחרים האָבן זיי געגעבן קרעדיט, אָן באַגרענע־צונגען. זיי האָבן קיינמאָל נישט געקויפט קיין סחורה, מער ווי זייער געברויך. אויב ס'איז נישט געווען מעגלעך צו באַצאָלן קאַסע־געלט, האָבן זיי אויסגעמיטן צו באַלעסטיקן די צאָלונגען. אַזוי איז געגאַנגען דאָס געשעפט וואָס אַמאָל בעסער. אין איינעם אַ טאָג האָט העניר געזאָגט צו זיין פרוי חיה מרים ע"ה: אמת, מיר האָבן אַ שיינע וווינונג, פיין אויס־מעבלירט, אָבער זיי וויסן, אַז דאָס געשעפט האָט זיך גוט אַנטוויקלט. אפשר וואָלט געווען אַ סברה צו פאַרקויפן די וווינונג אין ווענסען, מיט אַלעם צוזאַמען, כדי מיר זאָלן קענען נעמען אַ וווינונג אין פאַריז גופא. און אפשר אויך אַ גרעסערע וווינונג? וועלן מיר דאָרט אויך קענען מאַכן די אַטעליע.

מאַניען איז דער פּלאַן שטאַרק געפעלן. זי איז אַרויפגעפאַלן אויף העניר און אים געקושט. תיכף איז געפונען געוואָרן אַ גוטער קונה, נאָך איידער עס איז געפונען געוואָרן אַ פּאַסיקע דירה אין שטאָט. האָבן זיי דערווייל גענומען אַ פּראָוויזאָרישע קליינע דירה אין 5־טן אַראָנדיסמאַן ביי דער משפחה קאַפּלאַן, די עלטערן פון היינטיקן הרב הראשי פון פראַנק־רייך, ר' יעקב קאַפּלאַן. זייער קינד איז שוין אַלט געווען אַנדערטהאַלבן יאָר. דאָס איז געווען סוף מערץ 1927. ביז זיי האָבן ענדלעך געפונען אַ פּאַסיקע דירה אין 3־טן אַראָנדיסמאַן. עס איז געווען אַ יאָר נאָכן אַוועק־גיין פון דער וועלט פון זיין מוטער. זי איז געשטאָרבן אין בני־ברק, ארץ ישראל, ווו די עלטערן האָבן געהאַט עולה געווען אין 1924, מיטן ציל, אַז אַלע קינדער זאָלן קומען צו זיי. אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט...

ווען די דירה איז שוין „מיט מזל" געווען געדונגען, האָבן די קינדער דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון תל אביב, אַז זייער פאָטער קומט קיין פאַריז. ביז דער פאָטער איז געקומען, האָט שוין די נייע וווינונג באַדאַרפט זיין גרייט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געלט פאַר דער דירה האָט געגעבן העניר, מיט דער הסכמה פון זיין פרוי מאַניע. זעליק האָט קיין געלט נישט געקענט אַריינלייגן, ווייל זיין געלט איז באַשטאַנען — אַ העלפט פון געשעפט.

און גראָד האָט מען זיך געגרייט צו דער חתונה פון זעליקן, און ער

האָט כסדר אַרויסגענומען פון באַנק טשעקן, ווייל ער האָט געמוזט זיך צוגרייטן צו דער חתונה זיינער, און עס זענען געווען פאַרשידענע הוצאות. אַזוי, אַז ער איז שולדיק געבליבן אין דער קאַסע פון זייער שותפות אַ סך געלט.

העברי האָט אים מיט פאַרגעניגן אויסגעבאָרגט פון דער קאַסע וויפל ער האָט נאָר באַדאַרפט, בפרט, אַז זעליק גייט שוין ענדלעך חתונה האָבן.

דער פאָטער איז מיט מזל געקומען צופאָרן. עס איז געווען אי אַ פרייד, אי אַ טרויער, וואָס די מוטער זייערע וועט נישט זיין אויף דער חתונה פון זון. אָבער אַ טרייסט איז דאָך געווען, אַז די קינדער האָבן זייער פאָטער מיט זיך.

דעמאָלט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז העברי מיט מאַניען ציען זיך אַריין אין זייער נייער וווינונג, און דאָס אַ דאַנק אסתרלען, ווארעם זי האָט זיכער געוווסט, וואָס איר מאַן איז אויסן, שטופּט, אַז זיין שוועסטער זאָל חתונה האָבן מיט זעליקן.ביידע זענען שוין נישט געווען אַזוי יונג, איבער די דרייסיק. הקיצור, נאָך דער חתונה איז מען ערשט געוווּיר געוואָרן, פאַרוואָס זעליק האָט געשלעפּט אַזויפיל געלט פון געשעפט. דאָס איז גע־ווען אַ גרויסע אַנטוישונג פאַר העברין און מאַניען.

אַ וואָך נאָך דער חתונה קומט זעליק אין געשעפט און מאַכט אַ סקאַנדאַל, אַז מ׳זאָל זיך צעשיידן. דעם סוד האָט ער נאָך נישט אויסגעזאָגט. אָבער אַ דאַנק דעם קוזין הערשעלע, וועלכער האָט על פּי צופאַל באַזוכט זעליקן, האָט ער געזען ביי אים אַן איינגעאָרדנטע אַטעליע... דעמאָלט האָט העברי געמוזט אָפּשטעלן די פאַבריקאַציע ווארעם זעליק האָט באַזוכט די זעלבע קליענטן, מיט די זעלבע מאָדעלן, פאַר ביליקערע פּרייזן, לויט ווי אסתרלס מאַן משה האָט זיי געראַטן. אַזוי איז אויסגעבראָכן דער קאָנפליקט. אַפילו דער פאָטער, וואָס האָט זיך געקענט אין בוך־פירונג, איז אויך געבליבן אַנטוישט פון אַזאַ האַנדלונג... אַזוי איז דאָס שותפות אונטערגעגאַנגען. אָבער זעליקס ביי געשעפט האָט לאַנג נישט אויסגעהאַלטן. דער פאָטער האָט געבעטן ביי העברין מען זאָל זעליקן ראַטעווען. און זיי האָבן געטאָן, ווי דער פאָטער האָט פאַרלאַנגט, אַבי נישט טראָגן קיין האַס אין דער משפּחה.

אין מאַי 1929 האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין לעבן פון העברי. יעדער ברודער האָט געפירט זיין אַטעליע באַזונדער. פאַר העברין און מאַ־

ניען, מיט אַ יונג קינד אויף די הענט, איז די לאַגע בישט געווען אַזאַ לייכטע, אָבער —ביידע פול מיט מוט און ענערגיע. אין דעם דערהאַלטן זיי אַ בריוו פון פאָטער אין לאָדזש, זיי זאָלן צוגיין צו זעליקן און געוויער ווערן וואָס ער מאַכט, ווייל ער שרייבט נישט קיין בריוול. מען זאָל פאַר־געסן אין אַלע ברוגזן. וואָס אַן אמת, האָבן זיי זיך נישט געקענט דעצידירן, ווייל דער כעס צווישן די ברידער איז נאָך געווען זייער גרויס. אָבער דעם פאָטערס פאַרלאַנג האָט גובר געווען. ווען דער ברודער זעליק האָט איינ־מאָל געטראָפן מאַניען אין גאַס, האָט ער איר געזאָגט:

— זאָג דיין מאַן, ער זאָל נישט גיין אין מאַגאַזין „רעאיני״ נאָכן טשעק, פון ענדע חודש, ווייל איך האָב אים שוין אָפּגענומען...

פונדעסטוועגן איז העניק געגאַנגען צו אים. אין זיין אַטעליע איז געווען פינצטער, חושך. זיי האָבן אים נישט געווונטשן, חלילה, קיין שלעכטס. ער האָט אָבער נישט פאַרלאַנגט, מען זאָל אים העלפן. איין זאַך האָט ער יאָ געבעטן, מען זאָל אים אַרויסהעלפן מיט אַ טשעק, וואָס ער האָט באַ־דאַרפט צאָלן אין באַנק, און דער טשעק זיינער איז געווען אָן דעקונג... אויסער דעם איז זעליקס ווייב אַוועק פון שטוב און אַ לענגערע צייט זע־נען זיי געווען צעשיידט. מענטשן האָבן זיך אַריינגעלייגט און האָבן דאָס פּאָרפאָלק צוריק צוזאַמענגעבראַכט.

אַזוי האָט יעדער איינער פון די ברידער געפירט זיין לעבן אויף זיין שטייגער. דערווייל איז העניס אַ שוועסטערן־טאָכטער געקומען צופאָרן מיט איר מאַן. מען האָט זיי גערופן די ווייסבלומס. ביידע צוזאַמען זענען אַלט געווען 38 יאָר, אָן שום דערפאַרונג אין לעבן. אין 1930 איז אויך געווען אַ קריזיס אין לאַנד, איבערהויפּט אין שטריקער־פאַך. אַזוי ווי ס׳ פּאָרפאָלק ווייסבלום האָט נישט געהאַט קיין אַרבעטס־רעכט, האָט מען זיי עקספּלואַטירט. הקיצור, מאַניע און העניק האָבן געהאַט אויסצושטיין פון זיי זייער פיל. אָבער מיט דער צייט האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל דירה, אין זעלבן הויז, וווּ העניק האָט געוווינט.

בכלל האָט זיך דער נייער יידישער ישוב אין פאַריז אין יענע יאָרן שווער געראַנגלט מיטן עול פּרנסה. עס זענען דעמאָלט אָנגעפלאָסן אַ סך יידן פון פּוילן, האַלב־לעגאַל, אומלעגאַל, און יעדער איינער האָט זיך ווי ס׳איז געמאַטערט און געלעבט. דאַקעגן זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט.

אין 1931 איז ביי העברין און מאַניען געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד, אַ מיידעלע, דעניז, די מוטער האָט עס געגעבן נאָך אַ יידישן נאָמען, דאָבאַ.

צו יענער צייט איז דער יידישער ישוב אין פּאַריז געוואַקסן, אויפן „פּלעצל", אויפן בעלוויל, אויפן מאָנמאַרטר, ווו יידן האָבן זיך באַזעצט אין קאָמפּאַקטע מאַסן. אין די יאָרן 1933־34 איז געווען אַ גרויסער קריי־זיס, אין די יידישע פאַכן איבערהויפּט האָט זיך עס שטאַרק אָפּגערופן. אין דעם יאָר האָבן העברי און מאַניע געלאָזן דאָס מאַראָקינערי־פאַך און געעפנט אַ קליין שפּייז־געוועלבל. דאָס איז אָבער געווען זייער גרעסטער פעלער אין לעבן. צוויי יאָר האָבן זיי זיך אָפּגעמאַטערט אין דעם געוועלבל, און לסוף איז זיי געלונגען עס צו פאַרקויפן. אין צווישן צייט האָט העברי געמוזט גיין אַרבעטן ביי יענעם. דאָס איז שוין געווען אין דעם יאָר פון די גרויסע שטרייקן און פון פאָלקס־פראָנט, אין 1936. לעאָן בלום איז געקומען צו דער מאַכט און עס האָבן זיך געוויזן גרויסע האָפענונגען פאַרן לאַנד, ווי אויך פאַר דער יידישער אימיגראַציע.

ביידע קינדערלעך זייערע, רחלע און דעניז, זענען דערווייל אונטער־געוואַקסן און טאַטע־מאַמע האָבן געהאַט גרויס נחת. זיי האָבן זיך אויך איבערגעצויגן אין אַ נייער, באַקוועמער דירה, און די קינדער האָבן מער נישט באַדאַרפט גיין שלאָפן צו דער באָבען. דעמאָלט איז געבוירן געוואָרן ביי זיי דער געדאַנק צו מאַכן אַ לוסט־רייזע קיין פוילן, זען זיך מיט דער משפחה, נאָך אַזויפיל יאָרן זיין אָפּגעריסן פון זיי. די רייזע איז באַשטימט געוואָרן אויפן חודש אויגוסט 1937. דאָס איז געווען דער ערשטער וואַקאַ־ציע־חודש, לויט די געזעצן פון לעאָן בלום פאַר די אַרבעטנדיקע, די א. ג. „וואַקאַנס פּעיע", באַצאָלטע וואַקאַנסן, אויפן חשבון פון פאַטראָן. אָבער ווען די צייט צו פאָרן איז געקומען, האָט מאַניע פאַרשוואַנגערט מיטן דריטן קינד, און עס איז געווען אַ סכנה פאַר איר צו לאָזן זיך אין אַזאַ ווייטער רייזע. איז העברי געפאָרן אַליין. אַ קנאַפּן חודש האָט ער פאַרבראַכט מיט זיין משפחה אין לאָדזש, און אין אַנדערע שטעט. ער האָט קיין גרויסן נחת נישט געהאַט פון דעם מיזערנעם לעבן אין פוילן, פון פאַרשידענע שיקאַנעס, וואָס די יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין פון די פּאָליאַקן. ער האָט געזען, אויף דער ווסכאַדניע גאַס אין לאָדזש, ווי אַ קליין יידיש יינגל האָט פאַרקויפט בייגל, אַ קינד פון אַן ערך 8 אָדער 9 יאָר. פּלוצים איז קאָפּויער געקומען אַ פּאָליציאַנט, מיט אַ פּנים פון אַן אמתן רוצח. ער איז

צו צום קינד מיט אַזאַ כעס, אָנגעכאַפּט אים ביי די פּיאהלעך און גענומען זיי רייסן און קאַפּען דאָס קינד. הענרי איז אַרויס מיט אַ געשריי. מענטשן האָבן אים אַרומגערינגלט, באַשיצט, ווייל דער פּאָליציאַנט וואָלט זיך אַוודאי געוואָרפן אויף אים אויך.

ער איז צוריקגעקומען קיין פּאַריז מיטן באַגער, אַרויסצוראַטעווען זיין משפחה פון פּוילן. דערפאַר אויך אפשר האָט זיך הענרי געוואָרפן, אַהיימקומענדיק, אין פּאָליטישן קאַמף בלב ובנפש, עלעהיי דאָס איז גע־ווען אין די קאָמוניסטישע רייען. ער האָט איצט געהאַט גרויסע פליכטן לגבי זיין פרוי און קינדער. זיין פרוי האָט זיך געריכט אין קימפּעט און ס'איז, מיט מזל, געבוירן געוואָרן דאָס דריטע קינד זייערס, אַ זון, דעם 9־טן פעברואַר 1938. די פריייד פון די עלטערן איז געווען זייער גרויס. עס איז אויך געוואָרן צו ענג און זיי האָבן געמוזט זוכן זיך אַ גרעסערע דירה.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז הענריס שוועסטערל, אסתר, האָט באַ־קוקט אַ לייטישע וווינונג צו פּאַרדינגען אין 3־טן אַראָנדיסמאַן. הענרי איז אַוועק צום בעל־הבית פון הויז און עס איז אים, טראָץ פאַרשידענע שוועריקייטן, געלונגען צו דינגען די דירה. דאָס איז געווען דעם 1־טן יולי 1938. פריינט און באַקאַנטע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אין מזל פון זייער ניי־געבוירן קינד. דאָס קינד האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן נאָך אַ קאָמוניסטישן אינטעלעקטואַל, פּאָל־וואיאַן.

ס'איז געווען אין דעם יאָר, ווען די פּאָליטישע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע האָט זיך פאַרשאַרפט; דאָס יאָר פון שענדלעכן מינכען־אָפּמאַך. הענרי האָט געאַרבעט אין זיין מאַראָקינערי־פאַבריקל, בשותפות מיט חברים, אָבער די אַלע שותפותן האָבן נישט געטויגט. האָבן זיי גענומען אַרבעטן פאַר־זיך, אויף אייגענעם חשבון. ביז עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן די פינצטערע נאַכט פון מלחמה.

## דאָס פאַרוואָגלטע ייִדישע מיידל פון וואַרשע

א נשמה־יתירהדיק וואַרשעווער מיידל; געהייסן האָט זי חיה־מרים, אָבער גערופן האָט מען זי אויך מאַניע; ס'איז געווען צוליב אַן אומגליק, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ קינד פּ אַ ר איר. דאָס קינד איז אַוועק פון דער וועלט פריצייטיק. דעמאָלט איז דער פאָטער מאַניעס אַוועק צום רבין נאָך אַן עצה. האָט דער רבי געזאָגט, מ'זאָל צוגעבן נאָך אַ נאָמען דעם אַנדערן קינד. און ווען מאַניע איז געבוירן געוואָרן, האָט מען זי דערפאַר גערופן חיה־מרים. דאָס מיידל איז געוואַקסן שיין און באַטעמט.

ווען מאַניע איז אונטערגעוואַקסן, האָט דער שיקזאַל געוואָלט, זי זאָל פאַרוואָגלט ווערן קיין פראַנקרייך; וואָרעם אין פּאַריז האָט פון פריער שוין געוווינט אירס אַן עלטערע שוועסטער. מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָט זי דער חתן געהאַט אַריבערגענומען קיין פּאַריז. דאָס איז געווען ערב דער מלחמה פון 1914, ווען די רוסן האָבן מאָביליזירט 21־יאָריקע יונגע־לייט. דעמאָלט איז מאַניעס שוועסטער לאה שוין געווען אַ כלה מיטן יונ־גערמאַן פּיִיוול טויבמאַן. דער בחור איז געווען אַ גוטער טאַפּעצירער. אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט גיין דינען פאָניען, האָט ער דעזערטירט, איז אַנטלאָפן קיין פּאַריז. אָבער זיין כלה האָט ער צוגעשווירן זי אַריבער־צונעמען, ווי נאָר ער וועט האָבן די מעגלעכקייט. דער פאָטער זייערער, אַ חסיד, איז ווידער אַוועק צום רבין נאָך אַן עצה, און דער רבי האָט גע־זאָגט: מסתמא איז אַזוי מן השמים.

מיט צען יאָר שפּעטער, אין 1923, איז מרים־מאַניע געפאָרן צו איר שוועסטער. זי האָט באַקומען אַן אַרויספאָדערונג פון שוואָגער, וואָס איז דאָ געוואָרן אַ רייכער טאַפּעצירער־פאַבריקאַנט. קיינער ביי דער משפחה פון ר' דוד בולווא האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי דער פּיִיוול טויבמאַן, אַ טאַפּעצירער־בעל־מלאכה, האָט זיך דאָרט אַזוי שנעל אַרויפ־

געאַרבעט. אין אַ קאַלטן יאַנואַר־טאָג איז מאַניע אַרויסגעפאָרן אויף אַ שליטן פון איר היים אין וואַרשע, באַגלייט פון אירע עלטערן. געפאָרן איז זי צוזאַמען מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע יוגנטלעכע פון בילדונגס־פאַראיין. עס זענען געווען קושן און טרערן.

אין פאַריז, אין אַ זוניקן פרימאָרגן, האָט די משפחה אָפּגעוואַרט מאַניען. ס׳איז געווען די פרייד זיך צו געפינען אין די אָרעמס פון איר עלטסטער שוועסטער לאה, מיט איר מאַן און אירע צוויי ייִנגלעך, וועלכע האָבן זי גערופן — טאַנטע. זי האָט נאָך געדענקט, ווי נעכטן וואָלט עס געווען, ווען די שוועסטער איז אַוועק צו איר חתן פייוול קיין פאַריז. עפּעס אַ קלייניקייט, אַוועקצושיקן אַ מיידל אין דער פרעמד! אָבער מאַניעס פאָטער האָט זיך קיינמאָל נישט געריררט אָן דעם רבינס עצה. דאָס איז געווען שוין לאַנג, אָנהייב 1914. חיה־מרים איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר. און אַצינד, אין פאַריז, איז זי שוין אַליין כמעט אַ כלה־מיידל. די בענקשאַפט נאָך וואַרשע האָט זי לאַנג נישט אָפּגעלאָזן. נאָך גוט, וואָס איר צווייטע שוועסטער, הינדל, איז געקומען מיט אַ יאָר פריער קיין פאַריז, און זי האָט זיך שוין דאָ אַביסל אויסגעגרינט. זי האָט מאַניען געטרייסט:

— איך פאַרשטיי דיך זייער גוט, ליבע שוועסטער. ס׳איז נישט לייכט צו פאַרגעסן די היים. אָבער אויך דאָ, אין פאַריז, זענען פאַראַן חברים און פריינד. איבערהויפּט — אין דער „קולטור־ליגע״. דאָרט קומען אויך אַזעלכע ווי מיר, עמיגראַנטן, אַנטלאָפן פון זייערע היימען.

— פאַראַן אַ ייִדישער קלוב אין פאַריז? — איז מאַניע געווען פאַרוואונדערט.

— יאָ, אַז וועסט זיך אָפּרוען, קומען צו זיך פון אַזאַ רייזע, וועלן מיר אַרויסגיין שפּאַצירן. כ׳וועל דיך פירן אויף די גרויסע בולוואַרן. לאָמיר האָפן, אַז אונזער ליבע שוועסטער חנה וועט געזונט ווערן, וועלן מיר זי אויך אַריבערנעמען.

מאַניע האָט זיך דערפילט אַביסל היימלעכער, נאָך די טרייסט־ווערטער פון איר שוועסטער הינדעלע:

— איך האָף, אַז אַלץ וואָס דו זאָגסט, איז נישט בלויז מיך צו טרייסטן. אָבער מיר טאָרן נישט פאַרגעסן די היים, די עלטערן, די קראַנקע שוועסטער.

די ערשטע צייט איז געווען שלום־בית צווישן די שוועסטער.

פלוצלונג איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה פון וואַרשע, אַז די קראַנקע שוועסטער חנה איז מער נישטאָ. . . דאָס האָט שטאַרק גע־טראָפן מאַניען, און זי איז לאַנג אַרומגעגאַנגען מיט אַ בענקשאַפט צו אירע עלטערן. די פּאַריזער משפּחה האָט שטאַרק געליטן דערפון, וואָס מאַניע רייסט זיך צוריקצופאָרן קיין וואַרשע. דער שוואָגער פעליקס האָט געפּרוווט ווירקן אויף איר. זעענדיק, אַז גאָרנישט וועט העלפן, איז פעליקס איינגעפאַלן אַ גאַר אַריגינעלער געדאַנק, און ער האָט איר געזאָגט:

— ווייסט וואָס, מאַניע, איך בין גרייט אַריבערצונעמען די על־טערן קיין פּאַריז.

הערנדיק אַזעלכע רייד, האָט זיך מאַניע פלוצים געטון אַ שטעל אויף, איז צוגעלאָפן צו איר שוועסטער לאה, געפאַלן איר אין די אָרעמס, פון גרויס גליק, וואָס זי וועט צוריקזען די עלטערן. ס'איז געווען אין די טעג, ווען אַלע דריי שוועסטער זענען געזעסן שבעה נאָך זייער שוועסטערל חנה. וואָרעם חנה האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לייב און לעבן צו העלפן זייער ברו־דער שמואל, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גרויסע אַרטיסטישע פעאיקייטן. ער האָט געהאַט אַ וואונדערלעכע באַריטאָן־שטימע. ער איז אַרומגעפאָרן מיט אַן אַרטיסטישער טרופּע איבער דער יידישער פּראָווינץ אין פוילן. אויפן וועג, שלעפנדיק זיך פון שטעטל צו שטעטל, האָט ער זיך אָנגעשטעקט מיט גאַלאָפּ־שווינדזוכט און איז אַוועקגעריסן געוואָרן ביי 21 יאָר; און חנה, וואָס האָט געוואָלט ראַטעווען איר ברודער, האָט געהאַט דעם זעלבן גורל.

דערפאַר איז פעליקס צוזאָג אַריבערצוברענגען די עלטערן קיין פּאַריז געווען אַ שטיקל טרייסט פאַר די דריי שוועסטערן. מען האָט אָבער באַדאַרפט צוגרייטן אַ שטיקל דירה פאַר די עלטערן. איצט — האָט מאַניע גערעדט צו דער שוועסטער — מוזן מיר אַלע צוזאַמען זאָרגן דערפאַר.

— מיר האָבן גאָרנישט צו זאָרגן — האָט געזאָגט לאה — זיי וועלן זיין ביי אונז ווי ביי זיך אין שטוב.

האָט זיך אָנגערופן די יינגערע שוועסטער הינדל, זי שיינט צו זיין לאָגישער:

— קודם־כל דאַרפסטו נישט פאַרגעסן, מיין טייערע לאה, אַז אונ־

זערע עלטערן היטן שטרענג אָפּ כשרות, אַזוי אַז פאַר זיי איז ביי דיר קיין אָרט נישטאָ.

— זיכער נישט — גיט צו מאַניע.

לאה פילט זיך אַביסעלע געטראָפן, אָבער זי זאָגט:

— אפשר זענט איר גערעכט. אָבער פעליקס און איך ווען אַלץ טאָן, אַז אונזערע עלטערן זאָלן זיין גליקלעך, צו זיין צוזאַמען מיט זייערע קינדער און אייניקלעך.

אַ שיינע פאַר טעג זענען אַוועק, און עס איז געקומען דער סיור־פּריז פון שוואָגער פעליקס, אַז נאָך שווערער מי איז אים ענדלעך געלונ־גען אַלץ צו דערליידיקן. מאַניע, הערנדיק עס פון איר שוואָגער, איז צו צו אים און באַדעקט מיט קושן. ער האָט זיך אַביסעלע זשעניִרט, פּע־ליקס, אויך זיין פרוי, לאה, און די אַנדערע שוועסטער, היגדל, האָבן זיך געפילט אַביסעלע זשעניִרט. פעליקס האָט באַמערקט די שטוינונג פון אַלעמען, טוט ער אַ זאָג:

— מיינע טייערע, מאָרגן אין דער פרי פאָרן מיר אָפּוואַרטן די עלטערן צום „גאַר די נאַר". איך האָב עס באַהאַלטן, געוואָלט איך מאַכן אַ סיורפּריז.

דאָס האָט די גאַנצע סצענע, פון מאַניעס קושן פעליקסן, אַביסל דערלייכטערט די געמיטער. אַלע האָבן זיך גענומען גרייטן אויף מאָרגן, צו פאָרן באַגעגענען די עלטערן צו דער באַן. אפילו די צוויי יינגעלעך לאהס האָבן אויך געוואָלט מיטפאָרן, אָבער דער פאָטער האָט זיי נישט געלאָזן. די קינדער דאַרפן גיין אין שולע.

צומאָרגנס זענען זיי אַלע שוין באַצייטנס, איידער די באַן קומט אָן, געווען פאַרזאַמלט אין האַל פון וואָקזאַל. עס זענען געווען טרערן פון פרייד ביי אַלעמען. ענדלעך האָט דער הויך־שפּרעכער געמאָלדן, אַז די באַן פון וואַרשע קומט אָן. און אָט קוקן זיי שוין אַרויס דורך די פענצ־טער פון וואַגאָן. עס האָבן זיך דערהערט קולות, געשרייען. ווי דערשטוינט זענען די שוועסטער געווען דערזעענדיק זייער פאָטער, גרוי ווי אַ טויב. אויך די מוטער איז פאַר דער צייט געעלטערט געוואָרן. אָבער דער אַלטער טאַטע זאָגט זיי:

— קינדער, מיר זענען ב"ה ווידער מיט אייך. אמת, מיר זענען געשטראָפט געוואָרן, אָבער אַלץ איז נאָך מיט חסד... אונזערע טרערן

זענען שוין אויסגעטריקנט. לאָמיר בעטן דעם בורא עולם, מיר זאָלן פון היינט אָן האָבן די זכיה צו אַביסעלע נחת. מיר האָבן נאָך ב״ה צוויי מיידלעך אויסצוגעבן, הינדעלע און חיה־מרים, ס׳הייסט מאַניע. זאָל ג־ט העלפן צו געפינען פאַר זיי די ריכטיקע זיווגים.

נאָך די ווונטשן און ברכות פון זייער פאָטער, האָט די מוטער גע־ענטפערט: אמן! די צייט איז נישט געשטאַנען אויף אָן אָרט. דער איידעם פייוול האָט אונטערגעאיילט. פון אַלע זייטן האָט מען אָנגעקוקט די משפחה. פעליקס האָט געזאָגט:

— דער וואָגן שטייט פאַר וואָקזאַל. אַ באַקוועמער „ציטראָען״.

די עלטערן האָבן נישט געגלויבט זייערע אויגן.

— אָן עין הרע ... — זאָגן זיי — עס זאָל אייך דאָס גליק נישט פאַרשטערט ווערן . . .

די גאַנצע משפחה האָט זיך באַזעצט אינעם גרויסאַרטיקן וואָגן. פע־ליקס האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים רעדל. זיין ווייב לאה זיצט ווי אַ פּריצ־טע ביי פעליקס רעכטער האַנט. ער פירט דעם וואָגן איבער די גרויסע בולוואַרן, כדי צו פאַרשאַפן זיי אַביסל עמאָציע. זיי הערן ווי דער טאַטע — ר׳ דוד, פלעגט מען אים רופן צווישן זיינע חסידים אין דער אַלטער היים — רעדט צו זיך: „און אַזעלכע וואַזשנע געביידעס און ריזעדיקע געשעפטן. ס׳איז, ווייזט אויס, ריכטיק דאָס ווערטל, וואָס מען זאָגט, דו הערסט, גיטעלע?״

— יאָ, דודשי, איך הער. אָבער וואָסערע ווערטל מיינסטו?

— דאָס ווערטעלע, פרעגסטו? „מען לעבט דאָ ווי ג־ט אין פראַנק־רייך״ . . .

אויף דעם האָט זיך קיינער פון די קינדער נישט געריכט. זיי האָבן געלאַכט. ר׳ דוד האָט זיך אַרומגעקוקט מיט דערשטוינונג. עפּעס הערט ער לאַכן. ער האָט שוין לאַנג נישט געהערט אַזאַ פריילעך לאַכן, זייט זיינע צוויי טייערע קינדער, אַ זון פון 21 יאָר און אַ טאָכטער פון 23 יאָר, זענען פאַרשניטן געוואָרן אַזוי יונג פון דער וועלט. פּלוצים טוט ר׳ דוד זיך אַ כאַפּ אויף, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַפרייען פון שלעכטע מחשבות, און טוט אַ זאָג:

— דעם שפּאַציר איבער די שיינע פּאַריזער גאַסן וועל איך נישט פאַרגעסן, אָבער ס׳איז צייט צו דריקן צום האַרץ אונזערע טייערע איי־

ניקלעך. דו, מיין טייערער איידעם פּיוול, האָסט פאַרלאָזן פּוילן און געפונען אַזאַ גוטע היים אין פּאַריז, אָבער וואַרשע קאָן מען נישט פאַרגעסן . . .

פּיוול, וואָס מ'רופט אים דאָ פעליקס, האָט זיי ענדלעך אַלע געבראַכט אין זיין הויז, אַוועניו לעדרי־ראָלאַן. ר' דוד, אַ פרומער ייד, האָט געזוכט ביי דער טיר אַ קוש צו טאָן די מזוזה. אָבער קיין מזוזה איז דאָרט נישט געווען! אַזוי ווי די טיר האָט זיך געעפנט, האָבן זיי מקבל פּנים געווען די אייניקלעך, צוויי זין פון פּיוולען און לאהן — האַנרי, דער עלטערער, און נעסטאָר — דער ייִנגערער. זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און באַדעקט מיט קושן. באָבע־זיידע זענען געווען גערירט ביז טרערן. באַלד רופט זיי פּיוול־פעליקס פאָרצושטעלן פאַר זיינע געשעפט־מענטשן.

ביי ר' דודן האָט אָבער עפּעס געקווענקלט אין דער טיף פון דער נשמה. ווי קומט עס? סך הכל 12 יאָר, ווי פּיוול האָט דעזערטירט פון דער אַרמיי ביי פּאָניען און קוק אים נאָר אָן, אַ גאַנצער פראַנצויז! די שוועסטערלעך האָבן באַמערקט די קווענקלעניש פון זייער פאָטער; רופט זיך אָפּ די מוטער גיטעלע:

— לאָמיר מאַכן אַ לחיים לכבוד אונזער צוזאַמענקומען זיך.

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די משפּחה־שמחה. אויך די פריינט זייערע האָבן זיך דערוווּסט וועגן אָנקומען פון זייערע עלטערן קיין פּאַריז. די שמחה האָט זיך פאַרצויגן ביז חצות, מיט געזאַנג.

די פירמע „סיעזש־טויבמאַן", איז אַדאַנק די פעאיקייטן פון פעליקסן, שנעל געוואַקסן. דאָס טאַפּיצירער־פאַך האָט שטאַרק אָנגענומען און ער איז אַריינגעדרונגען ביז אין די הויכע פראַנצויזישע סאַלאָנען. בעת דער מלחמה האָט די פירמע טויבמאַן באַקומען אַ רענאָמע. ווארעם פעליקס האָט אויסגעפונען אַ מין קוליעס, פאַר אינוואַלידן, אויסגעבעט, לייכט צו גיין פאַרן פאַרוווּנדעטן.

דער עולם האָט זיך אין דעם אָוונט שטאַרק משמח געווען, אַז מען האָט גאָר פאַרגעסן אין די עלטערן. איין טאָכטער האָט אָבער יאָ געדענקט, דאָס איז געווען מאַניעשי, וואָס האָט זיך געקלאַמערט אין טאַטע־מאַמע. עס זענען דערביי געווען יידישע און אויך נישט־יידישע פריינט פון זייערע קינדער. דער אַלטער ר' דוד האָט זיך געוווּנדערט, זעענדיק אַזאַ גע־

מישטן עולם. ווי אַזוי האַלט מען אויס דעם נסיון? ער הערט אָנרופן זיין נאָמען, ווי אויך דעם נאָמען פון זיין פרוי, פון די בעסטע פריינט פון זיינע קינדער. מען באַגריסט זיי אויף אַ פשוטן ייִדיש, לכבוד זייער קומען קיין פּאַריז. מען פאַרזיכערט זיי אויך, אַז אין פראַנקרייך קען מען גאַנץ גוט אָפּהיטן ייִדישקייט. דאָס ציט זיך נאָך זייט דעם „סנהדרין״, פונעם יאָר 1807, אונטער דער נאַפּאָלעאָנישער הערשאַפט.

ר׳ דוד שאָקלט מיטן קאָפּ, דאַנקט פאַר דער טרייסט. און פּלוצלונג באַמערקט מאַניע ווי דער פאָטער גייט אַריין אין אַנדערן צימער. ער שטעלט זיך אַוועק ביי דער מזרח־וואַנט און דאַוונט מיט כוונה מנחה־מעריב. זי וווּנדערט זיך — אַזאַ ייִד, ווי מיין פאָטער, זאָל דאַוונען אין אַ צימער, וווּ אויף דער טיר איז נישטאָ קיין מזוזה? די עלטערע שוועסטער לאה טראַכט גאָרנישט וועגן כשרות ביי איר אין הויז? איך וועל זיך מוזן אַדורכרעדן דערוועגן מיט לאהן — זאָגט זי זיך.

צומאָרגנס, ווען אַלע אין הויז זענען נאָך געשמאַק געשלאָפן, איז ר׳ דוד אויפגעשטאַנען גאַנץ באַגינען, נישט וועקנדיק קיינעם, און זיך גענומען מכין זיין צום דאַוונען. קודם האָט ער אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, געזאָגט מודה אני, תפילת השחר. נאָכדעם האָט ער גענומען דעם טלית און תפילין אונטערן אָרעם און איז אַרויס פון שטוב. מאַניע איז אונטער־געלאָפן און אים אַ פרעג געטאָן:

— טאַטעשי, ווו גייסטו אַזוי פרי, איינער אַליין אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט?

— קינד מיינס — זאָגט דער פאָטער — ס׳זענען זיכער פאַראַן נאָך ייִדן אין פּאַריז, וואָס שטייען אויף באַגינען, גאָט צו לויבן.

— ביסט זיכער גערעכט, טאַטעשי — זאָגט מאַניע צום פאָטער.

— טאָ קום זשע מיט מיר, טאָכטער, ווייז מיר, ווּעסטו האָבן אַ גרויסע מצווה. אין דעם זכות וועט דיר גאָט צושיקן דיין ריכטיקן זיווג.

און זיי זענען אַוועק זוכן אַ מקום קדוש, אַ שולכל, מיט אַ מנין, איבער די גאַסן פון 11־טן אַראָנדיסמאַן. עס איז נאָך געווען זייער פרי. גרויסע קאַמיאָנען מיט מילך האָבן זיך פאַרהאַלטן ביי די געווועלבער.

— דעם ערשטן ייִדן, וואָס מיר וועלן אָנטרעפן, וועלן מיר ביי אים זיך נאָכפרעגן... — האָט געזאָגט דער פאָטער.

מאַניע איז געווען פול מיט התלהבות אויסצופירן אַזאַ מצווה. איין

זאָך האָט זי יאָ געוווּסט, אַז מען וויל קויפן כשר פלייש, דאַרף מען גיין אויפן „פּלעצל".

— טאָ ווו געפינט זיך דאָס „פּלעצל" ? — האָט דער פאָטער געפרעגט.

— דאָ נישט ווייט, אויף רי דע ראָזיע.

און אָט זענען זיי אָנגעקומען אויף רי פּאַווע. דאָ האָט ר' דוד גלייך דערזען אַ יידן מיט טלית און תפילין אונטערן אָרעם, האָט ער אויסגערופן:

— געלויבט איז השם יתברך!

זיי זענען נאָכגעגאַנגען דעם ייד, ביזן מקום קדוש אויף רי פּאַווע. ר' דוד האָט געקושט די מזוזה ביים אַריינגאַנג. אַ גבאי האָט אים באַמערקט און אים מקבל פּנים געווען. נאָך עטלעכע יידן האָבן אים אָפּגעגעבן אַ שלום עליכם. דער גבאי האָט פאַרבעטן ר' דודן צו זיין דער שליח ציבור פון דעם מנין.

נאָכן דאַווענען דערמאָנט זיך ר' דוד, אַז זיין טאָכטער וואַרט דאָ אויף אים אין דרויסן. זי באַגעגנט אים מיט גרויס פרייד און זאָגט:

— אין שטוב ווייסן זיי גאָרנישט. זיי וועלן נאָך איבערקלערן.

— די מאַמע דיינע, זאָל געזונט זיין, וועט שוין זאָגן וווּהין מיר זענען געגאַנגען.

אַזוי איז טאַקע געווען. היגדל האָט אָנגעמאַכט אַ גאַנצע טרעוואָגע, ווען זי האָט דערזען, אַז דער פאָטער מיטן „קינד" (מאַניע) זענען נישטאָ אין שטוב. די מוטער האָט באַלד פאַרשטאַנען:

— „ס'קינד" האָט זיכער געפירט דעם טאַטן צו אַ מנין. זעט, זיין טלית און תפילין זענען נישטאָ.

— אויב אַזוי — זאָגט היגדל — מוז איך שוין לויפן זיי אויפזוכן, ווארום מאַניע קען זיך אויך גאַנץ שיין פאַרבלאָנדזשען...

און זי איז געלאָפן זיי אויפזוכן. אַראָפּקומענדיק אין גאַס, האָט די פרימאָרגן־לופט זי פאַרשיכורט. זי פרעגט זיך: וווּהין גיין פריער, אין וועלכער ריכטונג? און עס האָט אַ בליץ געטון אין איר מוח: זיי זענען אַוודאי אַוועק אין דער עלטסטער פּאַריזער סינאַגאָגע. זי דערמאָנט זיך צו האָבן געזען דאָרט אַן איבערפולטע שול מיט מתפללים. און דער טאַטע שטייט אַוודאי דאָרט פאַרן עמוד... די סינאַגאָגע איז באַלויכטן פון די הענג־לאָמפּן. אויך זעט זי די שיינע וויטראַזשן, וואָס וואַרפן אַ מולטי־

פאַרבן־שפּיל. די וויטראַזשן שטעלן פאָר מיט זיך די צוועלף שבטים, צע־זייט און צעשפּרייט איבער ארבע פּינות העולם...

אָבער פּלוצים דערזעט זי דעם פּאָטער און איר יונגסט שוועסטערל מאַניע, ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל פון הימל אַראָפּגעפאַלן. די גדולה איז נישט צו באַשרייבן. רופט אויס הינדעלע:

— צוליב אייך האָב איך געהאַט אַ שיינע וויזע. איצט בין איך ווידער אין דערווירקלעכקייט.

ביידע, דער פּאָטער און מאַניע, קוקן איר אָן פאַרוווּנדערט:

— אפשר קענסטו אונז דערציילן דיין וויזיע? — בעט דער פּאָטער.

— דאָס וועל איך שוין דערציילן אין שטוב, ווארעם אַלע וואַרטן דאָרט מיט אומגעדולד. מאַניע האָט בעסער געוווּסט דיך אָפּצוהיטן, ווי מיר אַלע. מיר אַרבעטן שוין, איך און מאַניע, אַלס העפטשאַרקעס (אין פראַנצויזיש רופט זיך עס לונעווילעז)... — האָט זי זיך באַרימט.

— איך האָב גאָרנישט געוווּסט פון דעם סוד, כאָטש איך האָב גע־ווּסט, אַז נאָך אין וואַרשע האָסטו געכאַפּט דאָס פאַך ביי מיין פאַבריקאַ־ציע פון העפטערייַ. ביסט קיין עין הרע אַ געראָטן מיידל.

מאַניע האָט זיך אַביסל פאַררויטלט און געזאָגט:

— אין וואַרשע בין איך געווען אַ קינד, אָבער אין פּאַריז בין איך שוין אַ מאַדמואַזעל און כ'פאַרדין מיין לעבן.

— מען דאַרף טראַכטן — רופט זיך אָפּ הינדל — צו דינגען אַ דירה פאַר די עלטערן.

— כ'וואָלט זיך געווען באַדאַרפט משאול־עצה זיין מיטן רבין — זאָגט דער פּאָטער — און נישט שטעלן אייך פאַר אַ געשעענעם פאַקט.

— עס וועט זיין אַזוי ווי דו ווינטשסט — ענטפערן די מיידלעך.

— קודם כל באַדאַרף מען איבערשמועסן מיט פעליקסן און לאהן.

אַלע זענען געווען פאַרזאַמלט אין הויז, אַפילו די אייניקלעך, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צום זיידנס רייד און אַלעמאָל אַ פרעג געטאָן: „קעסקע די לע גראַן פּער?" (וואָס זאָגט דער זיידע?). האָט פעליקס שטרענג אַ זאָג געטון:

— לאה, שיק די קינדער תיכף אין שולע.

און ר' דוד האָט ווייטער גערעדט:

— מיר זענען אָפּגעהיטענע יידן און ווילן דאָ ווייטער אָפּהיטן אונזער

אמונה, ביז אונזער צוריקקער אין אונזער לאַנד, ווי מיר זאָגן אין דאַווע־נען: ובא לציון גואל. דעריבער וועלן מיר דאָ, מיט גאָטס הילף, אין דעם לאַנד פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, ווייטער אָפּהיטן די טראַדיציעס פון אונזער פאָלק ישראל...

האָט חיה־מרים־מאַניע זיך געוואָנדן צום פּאָטער:

— אויב אַזוי, האָב איך גוט געטאָן, וואָס כ׳בין געגאַנגען מיט דיר אויפזוכן אַ בית הכנסת.

די מוטער האָט דערביי געווישט די אויגן. דער פּאָטער האָט זיי גע־בענטשט. פעליקס און לאה האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען מוז באָכגעבן די פרומע עלטערן. און פעליקס האָט זיך אָפּגערופן:

— דו ווייסט לאַניע (לאה), וואָס איך האָב געטאָן פאַר דיינע שוועסטער. מיט די עלטערן איז אַ שווערע לאַגע. קודם — אונזערע גוטע פּראָווינציזשע פריינט... דאָס שטערט אַ סך אונזערע געשעפטן. די עלטערן אַליין ליידן אויך מאָראַליש, און — צוליב כשרות, כאָטש זיי היטן אַלץ גוט־צו.

סוף כל סוף האָט מען געפונען אַ לייזונג. זיי האָבן אָפּגעזוכט אַ דירהלע, ביישט ווייט פון דאַנען. אין די 20־ער יאָרן איז פיל לייכטער גע־ווען צו געפינען אַ דירה. ר׳ דוד און זיין פרוי האָבן גאָר אויפגעלעבט צווישן די אייגענע פיר ווענט, פאַר־זיך.

ביידע מיידלעך, הינדל און חיה־מרים־מאַניע, האָבן אָנגעהויבן אַרויס־צוגיין, באַקענען זיך מיטן היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, געקומען אין קלוב פון דער „קולטור־ליגע". מאַניע, וועלכע איז געווען אַ דרייסטע, האָט זיך פאַרשריבן אין כאָר. אין יענע יאָרן איז דער צופלוס פון יידישע עמיגראַנטן געשטיגן פון טאָג צו טאָג. זיי האָבן מיטגעברענגט מיט זיך אַ סך דער־פאַרונג פון קולטורעלן, געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס האָט געגעבן אַ שווונג דעם נייעם יידישן ישוב. ווען ס׳איז געקומען דער זומער־סעזאָן, זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אויספלוגן אין די הערלעכע וועלדער אַרום פּאַריז. מיט דער צייט האָבן זיך צווישן דער חברה אָפּגעקליבן באַזונדערע פּאָרלעך.

מיט חיה־מרים איז אַביסל אַנדערש צוגעגאַנגען. אַזוי האָט פּאַסירט, אַז אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג איז מאַניע געגאַנגען אין סינעמאַ זען אַ פילם פון טשאַרלי טשאַפּלין. זי איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דער שוועסטער הינדל. אַרויסגייענדיק, איז זיי באַפאַלן אַ שלאַקס־רעגן. און אָט איז אונטער־געקומען אַן עלעגאַנט־געקליידעטער בחור מיט אַ שירעם אין האַנט. דער־

זעענדיק די צוויי מיידלעך, פריליינגדיק געקליידט, האָט זיך דער בחור אַנטשולדיקט און — אָן באַזונדערע כוונות — אָנגעבאָטן זיי זיין שירעם. זיי האָבן אים שיין געדאַנקט און געגאַנגען זייער וועג.

אָבער מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מאַניע דערזען דעם זעלבן בחור אויף אַ קאָנצערט אין „סאָסיעטע סאַוואַנט". פון דעם טאָג אָן האָבן זיי זיך אָפטער געטראָפן באַגעגענען. ביז די עלטערן אירע, ווי אויך די עלטסטע שוועסטער, האָבן געבעטן דער בחור זאָל אַרויפקומען אין הויז אַריין, צו די טאַפּיצירער־פאַבריקאַנטן. אַזוי איז געווען. אָבער אַ מכשול האָט זיך געמאַכט, וואָס די רייכע שוועסטער מיט איר מאַן האָבן געהאַלטן: ווער ס'האָט די מאה... האָט במילא די דעה!

מאַניען האָט די זאַך געערגערט, אָבער זי האָט עס נישט אַרויסגעוויזן, צוליבן גוטס, וואָס די שוועסטער מיט איר מאַן האָבן געטאָן פאַר די עלטערן און אויך פאַר איר מיט דער יינגערער שוועסטער. איר אויסוואַל איז געפעלן געוואָרן דער גאַנצער משפחה. אַ שאָד נאָר, וואָס דער פאָטער מאַניעס איז פּלוצים קראַנק געוואָרן. ער איז געלעגן אין שפּיטאָל. אַזוי ווי די קראַנקהייט האָט זיך פאַרצויגן, האָט דער פאָטער פאַרלאַנגט מ'זאָל דעם חתן ברענגען צו אים, אין ראָטשילד־שפּיטאָל.

— דאָס איז מיין אויסדערוויילטער... — דאָס זענען געווען מאַניעס ווערטער צו איר פאָטער.

אויך די מוטער איז געווען דערביי. דער בחור האָט נושא־חן געווען ביי די עלטערן. דעם פאָטער איז געווען אַביסל בעסער און זיי האָבן לאַנג געשמועסט. דער בחור האָט תיכף דערפילט אַ נאָענטקייט צו דער משפחה, און ער האָט דעם אַלטן געזאָגט:

— מיך רופט מען הענעך. צום ספר האָט מען מיך אויפגערופן: חנוך בן זאב־יהודה. מיין נאָמען איז אָבער אין אויסלאַנד משנה שם געוואָרן, און מען רופט מיך דאָ האַנרי.

— מיין טאָכטער מאַניע — זאָגט דער פאָטער, — איז אונזער יונגסטע טאָכטער. זי האָט מיר געזאָגט: איר געפעלט זיך ביידע. מסתמא איז עס אַ זיווג מן השמים — און ער ווענדעט זיך צו זיין פרוי: — גיטעלע! אפשר האָסטו מיטגעברענגט אַביסל משקה?

— יאָ — ענטפערט זי, און גיט צו — אונזער לאה מיט פעליקסן זענען אויך דאָ. האָבן זיי אַוודאי מיטגעברענגט גוטע יידישע קיכלעך.

— טאָ רוף זיי אַריין — זאָגט דער פּאָטער — און לאָמיר טרינקען לחיים.

אַלע קינדער זענען אַריינגעקומען, און דער פּאָטער האָט זיך אויפ־געזעצט, נעמענדיק דעם כּוס אין דער ציטערדיקער האַנט אַריין:

— זאָל זיין מיט מזל!

אַזוי זענען מאַניע און האַנרי געוואָרן חתן־כּלה. קיין זמן־חתונה איז נאָך נישט געווען אָפּגעשמועסט, אַזוי לאַנג ווי דער פּאָטער איז גע־לעגן אין שפּיטאָל. דער פּאָטער האָט זיי געטרייסט:

— האָט געדולד, טייערע קינדער. מיט גאָטס הילף, כ׳וועל געזונט ווערן, וועט מען פּראַווען אייער חתונה, ווי ביי לייטן. איר וועט וווינען צוזאַמען מיט אונז. כאָטש הינדעלע האָט נאָך איר זיווג נישט געפונען.

אָבער דעם פּאָטער האָט מען אינגיכן געמוזט אָפּערירן, ער האָט געהאַט אייטער אין אַ זייט. די גאַנצע משפּחה איז אין דעם טאָג פון דער אָפּעראַציע געקומען אין שפּיטאָל. ער האָט יעדן איינעם געטרייסט. אָבער אַ פּאָר טעג נאָך דער אָפּעראַציע האָט זיך זיין מצב שטאַרק פאַר־ערגערט און ער האָט צוגעמאַכט די אויגן אויף שטענדיק. דאָס איז גע־ווען אַ טאָג פאַר שבועות אין יאָר 1925. ער איז אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון 56 יאָר. כּבוד זיין אָנדענק.

ס׳האָט שטאַרק געווירקט אויף מאַניען און זי איז שווער צו־זיך געקומען. דאָס לעבן האָט אָבער גובר געווען. מ׳האָט באַדאַרפט ממשיך זיין דעם וועג אין לעבן. אַ טרייסט איז געווען די מוטער, וואָס אַלע קינ־דער האָבן זי אַזוי ליב געהאַט פאַר איר קלוגשאַפט און פאַרשטענדעניש. דאָס האָט די מוטער פאַרגעלייגט מען זאָל אָפּשמועסן אַ זמן־חתונה אויפן 1־טן סעפּטעמבער פון זעלבן יאָר. די מערי און חופּה־וקידושין זאָלן פאָרקומען דעם 6־טן סעפּטעמבער. זיי האָבן זיך אויך גענומען אינ־טערעסירן צו איינשאַפן זיך אַ דירה.

גראָד האָט זיך געמאַכט פריי אַ דירה, נישט ווייט פון האַנריס שוועסטערל אסתּר, אין ווענסען. די דירה איז געדונגען געוואָרן אין אַ מזלדיקער שעה. האַנרי האָט געהאַט אַביסל געלט אין דער שפּאָר־קאַסע, מאַניע האָט אויך צוגעלייגט אַביסל געלט און זיי האָבן שיין אויסמעבלירט זייער נייע הויז. צו דער באַשטימטער צייט איז פאָרגעקומען די מערי, און חופּה־וקידושין האָבן זיי באַקומען אין דער שול אויף רי פּאַווע, דורכן

גרויסן למדן מר. קאַפּלאַן, דער פֿאָטער פֿון היינטיקן הרב שליט״א יעקב קאַפּלאַן פֿון פּאַריז. נאָך דער חופּה איז געפֿייערט געוואָרן די חתונה אין די זאַלן פֿון באַן וואַלע, 29 בולוואַר די טאַמפּל, פּאַריז 3. אַ סך חברים און משפּחה האָבן זיך משמח געווען צוזאַמען מיט דער ליבער מוטער. ס'האָבן נאָר געפֿעלט די עלטערן פֿון האַנרי. ער האָט מיט אַ ווײ אין האַרצן עס באַדויערט. זיי האָבן גראָד דעמאָלט עולה געווען קיין ארץ ישראל, לויטן ווונטש פֿון רבין ז״ל.

צו די ניין חדשים איז מיט מזל געקומען זייער ערשט קינד. זיי האָבן עס אַ נאָמען געגעבן רחלע, נאָך אַ באָבען פֿון האַנרי', פֿון פֿאָטערס צד, אַזוי ווי ס'האָט זיך געפֿירט אין דער אַלטער היים ביי יידישע קינדער. דאָס קינד האָט נאָך מער צוגעבונדן זייער פֿאַמיליע־לעבן.

די צייטן זענען דעמאָלט געווען שווערע. אָבער ווען ס'איז שלום־בית, איז אַלץ צום בעסטן. פֿינף יאָר שפּעטער איז געקומען אַ צווייט מיידעלע. דאָס קינד האָט מען שוין אַ נאָמען געגעבן אין פֿראַנצויזיש. זי רופֿט זיך דעניז־דאָבע.

אַזאַ איז געווען דער גורל פֿון די יונגע פּאָרלעך, וואָס האָבן זיך געוויינלעך פֿריער געטראָפֿן אין דער „קולטור־ליגע", דאָס קולטור־הויז פֿון נייעם פּאַריזער ישוב. מאַניע האָט געשטאַמט פֿון וואַרשע, האַנרי — פֿון לאָדזש. דעמאָלט, נאָכן געבורט פֿון זייער צווייט קינד, איז דאָס גליק־לעכע פּאָרפּאָלק נאַטוראַליזירט געוואָרן אַלס פֿראַנצויזישע בירגער, דער עיקר אויפֿן סמך פֿון האַנריס אַ דאָקומענט פֿון דייטשן געפֿאַנגען־לאַגער, אַלס אַ פּאָליטישער געפֿאַנגענער, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אין די דייטשע גיפֿט־פֿאַבריקן פֿאַר קריגס־צוועקן. די פֿאַבריק האָט זיך געפֿונען אין העכסט ביים מאַין, נישט ווייט פֿון פֿראַנקפֿורט ביים מאַין.

די פּרנסה האָט זיך פֿאַרבעסערט. זיי האָבן זיך איבערגעצויגן פֿון ווענסען קיין פּאַריז גופֿא. די פּרנסה האָבן זיי געצויגן פֿון אַ מאַראָקינערי־פֿאַבריקל. דאָס געשעפֿט איז נישט שלעכט געגאַנגען. אָבער עס זענען אויסגעבראָכן סאָציאַלע און פּאָליטישע קריזיסן אין יאָר 1934. דאָס האָט רואינירט אַ סך קליינע פֿאַבריקאַנטלעך. כאָטש האַנרי און מאַניע האָבן געקעמפֿט פֿאַרן טעגלעכן שטיקל ברויט, איז זיי סוף כל סוף אויסגעקומען פּראָוויזאָריש צו פֿאַרלאָזן די פֿאַבריקאַציע, צוליבן זיג פֿון פֿאָלקס־פֿראָנט. האַנרי האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט

אין די יאָרן 1936 ביז 1938. דער קאַמף פאַרן טעגלעכן שטיקל ברויט איז געווען אַ שווערער, אָבער די לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט מיטן קומען צו דער מאַכט פון דער פאָלקס־פראָנט־רעגירונג, אין שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער סאָציאַליסט לעאָן בלום. ער האָט דורכ־געפירט דעמאָקראַטישע רעפאָרמען און די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך געבעסערט, במילא ביי אַ סך יידן.

האַנרי און מאַניע האָבן זיך באַפרייט פונעם געשעפט, וואָס זיי האָבן געהאַט געקויפט. זיי זענען דערביי געווען אמתע שקלאַפן, פאַרהאָרעוועט, אָן אָפּרו און האָבן אפילו קיין צייט נישט געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיט זיי־ערע קינדער. כאָטש פרנסה איז געווען, האָבן זיי דאָס געשעפט אויפגעגע־געבן. האַנרי האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין מאַראָקינערי־פאַך. ס'איז געווען דעמאָלט, ווען מאַניע האָט זיך געריכט אין קימפּעט אַריין מיטן דריטן קינד זייערס. גראָד דעמאָלט איז ביי האַנרי געבוירן געוואָרן אַ פאַרלאַנג נאָכאַמאָל צו פאָרן באַזוכן זיין משפחה אין לאָדזש. נאָך אַזויפיל יאָרן נישט זען זיך, אָן ערך 18 יאָר.

זיין מוטער האָט ער שוין אין לאָדזש נישט געטראָפן. זי איז געשטאָרבן אין ארץ ישראל און ליגט אויפן בית הקברות אין תל אביב.

פאַרן פאָרן, האָט האַנרי פאַרזאָרגט מיט אַלעם זיינע בני־בית. אויך האָט ער געבעטן זיין שוויגער־מוטער, זי זאָל אַכטונג געבן אויף מאַניען מיט די קינדערלעך. ער האָט באַטראַכט זיין רייזע קיין לאָדזש ממש ווי אַ היסטאָרישע. ער האָט מאַניען פאַרזיכערט, אַז מער ווי דריי וואָכן וועט ער זיך נישט זוימען. ווען דער טאָג פון אָפּפאָרן איז געקומען, האָבן די הערצער ביי זיי שטאַרקער געגומען קלאַפּן. זיי האָבן זיך געזעגנט אויפן „גאַר די נאָר". דער צוג איז אָפּגעפאָרן. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ וואַגאָן צווישן סימפּאַטישע מענטשן, אָבער ער איז אַלץ פאַרטאָן געווען אין זיינע געדאַנקען, ביז ס'איז אים באַפאַלן אַ זיסער שלאָף. ער האָט געזען אין חלום: אַ מוזיק־האָל, גרויסאַרטיקע לוסטרעס באַלייכטן יע־דעס ווינקעלע. אַ פּובליקום — בלויז מעלאָמאַנען. זיי וואַרטן אויף דער אוווערטורע. אָט הייבט זיך אויף דער פאָרהאַנג. די אודיטאָריע אַפּלאָ־דירט די מוזיקאַנטן. דער דיריגענט מעלדעט: די „ניינטע סימפאָניע" פון בעטהאָווען. עס שטורעמען אין זאַל די העראָאישע מעלאָדיעס. זיי קלאַפּן ריטמיש, ווי די באַן־רעדער . . . טאַ־טאַ־טאַ־טאַ . . .

און אָט איז די וויזיע פֿאַרשוווּנדן. די דייטש־נאַצישע גרענעץ־קאָנטראָלערן, מיט זייער העפֿלעכן „גוט מאָרגן", באַגלייט מיט א „הייל היטלער". דאָס האָט האַנרין צוריק אַריינגעוואָרפֿן אין דער טרויעריקערווירקלעכקייט. אַ קורצער אָפּהאַלט און די באַן לויפֿט ווייטער.

עס הערט זיך אַ קול פֿון די הילכערס: „ווער עס וויל אָפּשטייגן אין בערלין, מוז האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, אָבער נאָר אויסלענדער, צו באַקומען ביי די קאָנטראָלערן". קיינער פֿון די פּאַסאַזשירן האָט נישט געהאַט בדעה אָפּצושטייגן אין בערלין. דאָס איז געווען אויפֿן בערלינער פֿרידריכס־באַן־האָף. האַנרי קוקט דורכן פֿענצטער פֿון וואַגאָן, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט. ער האָט דעם וואָקזאַל מער נישט דערקענט. ער האָט געזען בלויז עס־עס־לייט מיט האַקנקרייצן אויף די אָרעמס. ער גייט אַרונטער פֿונדעסטוועגן, ווייל עס איז געמאָלדן געוואָרן: 40 מינוט אָפּהאַלט. ער האָט געוואָלט אַדורכשמועסן זיך מיט זיין משפּחה, וועלכע לעבט אין בערלין. ער האָט טעלעפֿאָנירט צו זיי.

— העלאָ, ווער רעדט ? — פֿרעגט אַ פֿרויען־שטימע.

האַנרי האָט גלייך דערקענט זיין קוזינקעס קול, כאָטש ס'זענען שוין אַ סך יאָרן אָפּגעלאָפֿן זינט זיי האָבן זיך געזען.

— דאָ רעדט האַנרי, דיין קוזין פֿון פּאַריז, דורכרייזנדיק קיין לאָדזש.

— טייערער היינריך, קום בעסער צו אונז. מיר קענען נישט רעדן . . .

ס'איז אים אַדורך אַ ציטער איבערן לייב און ער ענטפֿערט:

— כ'וועל אייך זען צוריקפֿאָרנדיק פֿון פּוילן קיין פּאַריז.

נאָכן קורצן געשפּרעך דורכן טעלעפֿאָן, האָט האַנרי שוין אַלץ פֿאַרשטאַנען וועגן דער לאַגע פֿון יידן אין היטלעריש בערלין. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין וואַגאָן, האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, אַז האַנרי האָט עפּעס נייעס פֿון זיין משפּחה, פֿון אַלע יידן, אין היטלער־גיהנום. די באַן איז אַוועק פֿון בערלינער באַנהויף, און ערשט דעמאָלט האָבן זיך די מענטשן פֿון וואַגאָן גענומען ביי אים אויספֿרעגן, פֿאַרוואָס ער איז אַזוי בלייך געוואָרן, צוריקקומענדיק ? קיין סך האָט האַנרי נישט געקענט רעדן, אָבער ווען ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט ער איבערגעגעבן די ווערטער פֿון זיין קוזינע, וועגן דעם פּחד, וואָס ער האָט געפֿילט אין אירע רייד.

נאָך אַ נאַכט פֿאָרן, איז דער צוג באַגינען אָנגעקומען צו דער פּוילישער גרענעץ. עס זענען אריינגעקומען נאָך פּאַסאַזשירן, כמעט בלויז יידן.

האַנרי איז געווען דערשטוינט צו זען, ווי יידן האָבן זיך אָנגעטאָן אין די טליתים און אָװעקגעשטעלט זיך דאַוונען אין דער באַן. דאָס האָט אים דערמאָנט אין זיין אַמאָליקער היים. צוליב רעליגיעזע חילוקי־דעות, האָט דאָך האַנרי פאַרלאָזן זיינע עלטערנס הויז, כמעט אַ קינד נאָך. ער איז סך הכל אַלט געווען אַ יאָר פופצן. ער געדענקט נאָך גוט די סצענע, ווען זיין טייערע מוטער האָט אים באַגלייט צו דער באַן. מער האָט האַנרי נישט די זכיה געהאַט נאָך אַמאָל צו זען זיין מוטער ע״ה.

ענדלעך איז דער צוג אָנגעקומען קיין לאָדזש. אָבער קיינער האָט אים נישט אָפּגעוואַרט. דערפאַר זענען לעבן וואָקזאַל געשטאַנען יידישע דראָשקאַזשעס. עס איז געווען אַ געיעג און געשלעג צווישן זיי וועגן דעם, ווער סע זאָל כאַפּן אַ פּאַסאַזשיר, בפרט נאָך — אַן אויסלענדער. זיי האָבן גלייך דערקענט האַנרין, אַז ער קומט פון אַן אַנדער לאַנד. דער דראָשקאַזש האָט אַ כאַפּ געטאָן זיינע וואַליזעס און אַריינגעוואָרפן זיי אין דער דראָשקע.

די באַגינענדיקע לאָדזשער גאַסן האָבן אויסגעזען רואיקע, פאַרשלאָ־פענע. די געגנט איז געווען אַ ריין קריסטלעכע. ביז ער האָט זיך דער־נענטערט צו די באַלעבטע יידישע גאַסן פון ווילקע, די געגנט, וואָס טיילט אָפּ די אַלט־שטאָט פון באַלוט. דאָ איז געווען די מחיצה צווישן דער יידי־שער און גויאישער געגנט. יידן זענען אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, צו לויפן דאַוונען אין אַ מנין. ערשט נאָכן דאַוונען האָבן זיי אויפגעמאַכט די געוועלבער.

ווען זיי זענען אָנגעקומען אין דער גאַס פון „11־טן ליסטאָפּאַד״, — אַמאָליקע קאָנסטאַנטינער — האָט האַנרי תיכף דערקענט דאָס הויז, וואָס ער האָט עס פאַרלאָזן מיט 22 יאָר פריער. עס האָט זיך אים געדוכט, ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געווען. ווען דער דראָשקאַזש האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן טויער, איז גראָד דער פאָטער אַרויסגעגאַנגען. אויף איין רגע האָט האַנרי איבערגעלעבט ווי אַ „וויזיע״, ווי ער וואָלט זיך נאָך אַלץ געבעטן ביים פאָטער ער זאָל אים מוחל זיין פאַר די זינד, וואָס ער איז באַגאַנ־גען, פאַרלאָזנדיק די היים. ער האָט זיי דעמאָלט פאַרשאַפט אַזוי פיל עגמת נפש.

ווען האַנרי איז געקומען צו זיך, האָט ער זיך, ווי פאַרחלשט, געפו־נען אין די אָרעמס פון זיין פאָטער. דער דראָשקאַזש, בייוווינענדיק די סצענע, איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל. ער האָט אַ הוסט געגעבן, ווי

איינער זאָגט: ס'איז טאַקע רירנדיק, ווען אַ טאַטע געפינט צוריק זיין קינד, אָבער... מען דאַרף באַצאָלן פאַר דער „יאַזדע". האַנרי האָט זיך געכאַפּט, אים באַצאָלט מיט אַ ברייטער האַנט.

ס'האָט זיך באַלד אַרומגעשטעלט אַ קרענצל שכנים און פון אַלע זייטן האָט מען געשטעקט שלום־עליכם האַנרין. עס איז פּלוצים אַרויסגעקומען האַנריס עלטסטע שוועסטער שרה'טשע, דערזעענדיק האַנרין, איז זי אַרויס מיט אַ געשריי: „ווען די טייערע מאַמעשי וואָלט עס כאַטש געווען דערלעבט"... דאָס גאַנצע בני בית האָבן געכאַפּט דער באַגאַזש, און האַנרין האָט מען כמעט ווי אַריינגעטראָגן אין הויז אַריין.

דער פאָטער איז נאָך אַלץ געשטאַנען און ווי געוואַרט אויף עפּעס. אפשר האָט ער האַנרין געוואָלט מיטבעטן צום מנין, אָפּצודאַווענען? אָבער האַנרי האָט גאָרנישט געהאַט מיט זיך קיין טלית און תפילין. די די שוועסטער שרה'טשע האָט זיך באַלד געכאַפּט:

— זאָל דער טאַטעשי גיין צום דאַווענען. איך וועל דערווייל צוגרייטן פרישטיק...

אין הויז איז געווען אַ יום טוב. אַזאַ געפיל האָט האַנרי שוין לאַנג נישט איבערגעלעבט. ער האָט באַלד אויך געוואָלט זען זיין יונגע שוועסטער דבורה־שיינדעלע. ער האָט זי זייער ליב געהאַט. ער האָט געוואָלט צוגיין. אָבער שרה'טשעס עלטסטער זון ישראליק, לייגט פאַר זיין פעטער:

— אַזוי ווי דבורה־שיינדעלע האָט אַ געשעפט אויף דער דזשעלנע גאַס, און זייער לייזעכץ איז נאָר אין די פרימאָרגן־שעהן, דעריבער מיינט ער, אַז עס איז בעסער צו קומען נאָכמיטאָג.

האַנרי האָט מסכים געווען. אָבער ביז נאָכמיטאָג איז נאָך ווייט, ווייל מיטאָג עסט מען אין לאָדזש ביי יידן אַרום דריי אַזייגער. דערווייל האָט ער זיך גוט אונטערגעהאַלטן מיט די קינדערלעך שרה'טשעס. בינו־לבינו איז אַריינגעקומען דער פאָטער פון דאַווענען.

נאָכמיטאָג איז ישראליק מיטן פעטער האַנרי אַוועק צו דבורה־שיינדעלען. זיי האָבן פריער געמאַכט אַן אומוועג דורך דער וסכאָדניע גאַס, נישט ווייט פון דער אַלט־שטאָט. און דאָ האָט ער באַמערקט ווי אַ כוליגאַנישער פּאָליציאַנט האָט געשלעפּט אַ יידיש יינגעלע ביי זיינע געקרייזלטע פּיאהלעך. די קולות, די וויי־געשרייען פונעם קינד זענען דערגאַנגען עד לב השמים. האַנרי, וואָס איז אין פּאַריז נישט געוווינט געווען

צו זען אַזעלכע כוליגאַנישע סצענעס, האָט תיכף געוואָלט אינטערווענירן, אָפּצוראַטעווען דאָס קינד פון די כוליגאַנישע לאַפּעס. אָבער ישראליק האָט אים קוים צוריקגעהאַלטן:

— זיי זוכן נאָר אַזעלכע געלעגנהייטן, אַז יידן זאָלן זיך אָננעמען! דאָ וועלן זיי ווייזן זייער אכזריות, צו איזדעקעווען זיך איבער אַ יידן, כאָטש ביסט אַ פראַנצויזישער בירגער. אין אַזאַ מצב לעבן מיר דאָ.

מען האָט באַדאַרפט מעשים, און קיין מעשים זענען, צום באַדויערן, נישט געקומען, אויף די ווײַ־געשרייען פונעם פוילישן יידנטום. זיי זענען ווייטער געגאַנגען איבער דער פּרינציפּאַלער פּיעטריקאָווער גאַס. יעדעס געשעפט, יעדעס הויז איז געווען יידיש. אים האָט זיך געדוכט: גאַנץ לאָדזש איז יידיש...

ווען האַנרי האָט דערזען זײַן מיטלסטע שוועסטער, וועלכע איז שטאַרק ענלעך געווען צו זייער מוטער, זענען זיי זיך ביידע געפאַלן אין די אָרעמס. דער שוואָגער האַנריס, וועלוול טריבאָווניק, האָט זיך אַביסעלע פאַרלוירן, צוזעענדיק די סצענע פון שוועסטער און ברודער, וועלכע האָבן זיך נישט געזען זינט יענעם טאָג, ווען ער איז אַוועק אַ ברוגזער פון זיינע עלטערנס הויז, אַ יונגער בחור פון 15 יאָר. בלויז די מוטער האָט אים באַגלייט צו דער קאַלישער באַן. אַצינד, נאָך 22 יאָר, איז ער צוריקגעקומען, זען זיך מיט דער משפּחה.

האַנריס פיר־וואָכיקער באַזוך ביי זיין משפחה אין לאָדזש איז, ליידער, געווען דער לעצטער. מיט צוויי יאָר שפּעטער איז אויסגעבראָכן די וועלט־שריפה, וואָס האָט אומגעבראַכט אַזויפיל יידן. אַפילו אומקערנדיק זיך אַהיים קיין פּאַריז, צו פרוי און קינדער, זענען זיינע מחשבות כסדר געווען מיט זיי דאָרט, אין לאָדזש, בכלל — מיט די יידן צווישן די רשעותדיקע פּאָליאַקן. מען האָט זיי האָט דרינגענדיק באַדאַרפט העלפן, אָבער צום באַדויערן זענען אַלע זיינע פּלענער, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט, וועגן אַריבער־נעמען עמיצן פון די שוועסטער, קינדער, זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. די פּאָליטישע לאַגע אין פראַנקרייך, פון דער פּאָלקס־פראָנט־רעגירונג, בראש מיט לעאָן בלום, איז געווען אַ קאָמפּליצירטע. עס האָט זיך אָנגערוקט דער בירגער־קריג אין שפּאַניע, געשטיצט פון פאַשיסט מוסאָליני און פון היטלערן. זיי האָבן פראַנקאָן געשיקט אָן אַ שיעור געווער. שפּאַניע איז געווען אין גרויס געפאַר, ווייל די דעמאָקראַטישע לענדער האָבן כלומרשט

געוואָלט איינהאַלטן זייער נייטראַליטעט. צווישן די אינטערנאַציאָנאַלע ברי־גאַדעס זענען פיל יידישע בחורים געקומען העלפן די שפּאַנישע דעמאָ־קראַטישע רעגירונג, פון אַלע עקן וועלט. אָבער די פראַנצויזישע רעגי־רונג האָט דערקלערט אַן עמבאַרגאָ אויף געווער קיין שפּאַניע, כאָטש נישט אָפיציעל איז געקומען פיל הילף פון פראַנקרייך.

צוריקגעקומען פון זיין באַזוך אין לאָדזש, זענען געשטאַנען פיל שווע־רע פּראָבלעמען פאַר האַנרין און מאַניען. קודם כל האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די רי זשיל וואַלעס, ווארום די וווינונג איז שוין געווען פאַר זיי צו קליין. ס׳איז צוגעקומען נאָך אַ קינד אין דער משפּחה. עס איז דע־מאָלט נישט אַזוי שווער געווען צו דינגען אַ וווינונג. זיי האָבן זיך צוגעקליבן אַ פּאַסיקע דירה אין אַ גוטער געגנט. ביז זיי האָבן זיך דעצידירט, איז אונטערגעקומען דאָס יאָר 1938, און מאַניע האָט אָנגעהויבן צו ציילן די וואָכן ביזן גליקלעכן געבורט.

קומט האַנרי איינמאָל אַהיים פון זיין אַרבעט, אַ מידער פון דער האָרעוואַניע, זאָגט אים חיה־מרים:

— היינט טייערער, וועלן מיר גיין אַביסל שפּאַצירן. די קינדער וועלן מאַכן זייערע לעקציעס אונטער דער אויפזיכט פון שאַנטאַל. דאַכט זיך, אַז מ׳קען זיך אויף איר פאַרלאָזן.

און באַלד נאָכן אָוונט־ברויט זענען זיי בנעימותדיק אַוועק אויפן שפּאַציר. פּלוצים רופט זיך אָפּ מאַניע:

— אפשר וועלן מיר זיך דורכשפּאַצירן ביז דער קליניק?

— לאָמיר צוגיין... — האָט האַנרי געזאָגט, און ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, נאָר האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן זיין עמאָציע.

זיי זענען צוגעקומען ביז דער קליניק, און מאַניע איז באַלד פאַר־בעטן געוואָרן אויף אַן אונטערזוכונג. האַנרי איז געבליבן זיצן אין פּאָ־דער־זאַל אומגעדולדיק. אַ ווײַלע שפּעטער באַווייזט זי זיך, צוזאַמען מיט אַן אינפירמיערקע, וועלכע זאָגט:

— איר קענט רואיק אַהיימגיין. אייער פרוי איז אויף דער צייט, אָבער מאָרגן פרי דאַרף זי קומען אַהער!

ס׳איז געווען אַ דאָפּלטער עול. די קינדער... כאָטש מ׳האָט זיך גע־קענט פאַרלאָזן אויף פריילין שאַנטאַל. ער איז אָבער רואיקער געווען, ווען מאַניע איז געווען מיט זיי. קוים זיך דערוואַרט דעם באַגינען, די שעה

פון מאַניעס וויזיט אין קליניק. מען ווייזט אים אָן איר צימער. מאַניע שטרעקט אויס אירע הענט אים אַרומצונעמען. זי האָט שוין געהאַט אירע ערשטע ווייען. ער בלייבט ווי געליימט. אָן איגפּירמיערקע זאָגט אים:

— מיין ליבער הער, גייט זיך אָביסעלע איבער. אייער פרוי האָט זייער לייכט קינדער. אַלץ וועט זיין גוט.

ער איז אַרויס דורכצושפּאַצירן זיך. ווען ער איז ווידער אַריינגעקומען, האָט אים די אָנגעשטעלטע מיט פרייד געמאָלדן:

— איר זענט אַ גליקלעכער פאָטער. אייער פרוי האָט אייך געבוירן אַ יינגעלע!

דאָס האָט האַנרין אַזוי דערפרייט, אַז ער איז אַזש געבליבן אָן לשון. ער איז צוגעלאָפן צו דער פרוי און איר אַ קוש געגעבן.

— אַנטשולדיקט — האָט יענע געשמייכלט — גישט מיר קומט דער קוש, נאָר אייער פרוי.

און זי האָט האַנרין אַריינגעפירט צו דער קימפּעטאָרין. זייער פרייד איז געווען אין לשער, ווייל זיי האָבן געבעטן אויף אַ זון.

ער איז קודם געלאָפן אַהיים אָנזאָגן זיינע טעכטערלעך, רחלע און דעניז־דאָבעלען, אַז זיי האָבן באַקומען אַ ברודערל. ער האָט אויך טעלעפאָנירט צו דער משפחה, צו נאָענטע פריינד. די צוויי טעכטערלעך האָבן געטאַנצט פאַר פרייד און זיך געפרעגט:

— ווי רופט מען אונזער ברודערל?

און האַנרי האָט זיך דערמאָנט, אַז ער מוז טאַקע גיין אין דער מערי פאַרשרייבן דעם נייעם נאָמען פון זיין זון. תיכף האָט ער גענומען ביידע טעכטערלעך און איז אַוועק אין דער מערי. דער באַאַמטער פון דער מערי האָט אים געפרעגט:

— פאַרוואָס ווילט איר אַזאַ נאָמען פאַר אייער זון? ...פּאָל־וואַיאָן...

דערויף האָט אים האַנרי געענטפערט העפלעך, אָבער קאַטעגאָריש:

— דאָס איז מיין ווונטש, אַז אונזער יינגעלע זאָל טראָגן דעם נאָמען פון פראַנצויזישן שרייבער: פּאָל־וואַיאָן.

באַלד דערנאָך זענען זיי אַוועק אין קליניק, צו דער מאַמען. אין זעלבן מאָמענט זענען געקומען באַגריסן די מוטער מיטן קינד די גאַנצע משפחה און פריינט. אַחוץ לאה מיט פעליקסן, וואָס האָבן צוריקגעשיקט די קאַרטן. דאָס האָט מאַניען און האַנרין שטאַרק וויי געטון. זיי האָבן

נישט געקענט פאַרגינען אַזאַ גליק דער יונגסטער שוועסטער, ווייל זי האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן זייער דיקטאַט, נישט חתונה צו האָבן פאַר דער מיטלסטער שוועסטער, הינדל. אָבער מאַניע און האַנרי האָבן געטאָן לויטן פאַרלאַנג פון מאַניעס עלטערן, וואָס האָבן געגעבן זייער הסכמה און זייער ברכה. מיט דער צייט איז דער „חטא" זיי פאַרגעבן געוואָרן. עס איז געקומען זיי אַנטקעגן שוועסטער אסתרל. זי האָט געבראַכט אַן אַדרעס פון אַ וווינונג צו דינגען.

דאָרט, אין דער נייער דירה, האָבן זיי געוווינט בריווח צוזאַמען מיט די דריי קינדער. די דירה איז באַשטאַנען פון פיר שטובן. פון דאָרט טאַקע, פון דעם הויז, האָבן מאַניע און האַנרי געהאַט דאָס גליק מיט יאָרן שפּעטער צו פירן אַלע דריי קינדער צו דער חופּה, נאָכן איבערלעבן די צווייטע גרויליקע וועלט־מלחמה.

ביז 1938 האָבן האַנרי און מאַניע אַלץ דערגרייכט, וואָס זיי האָבן זיך פאָרגענומען, זיך געווונטשן. מיטן דריטן קינד זייערס, וואָס איז גע־קומען אויף דער וועלט, האָט זיך אַלץ געענדערט צום בעסערן. די נייע דירה איז געווען פאַר זיי ממש אַ גליק — דריי גרויסע פענסטער צום בולוואַר. אויך האָבן זיי געקענט צוריק אויפשטעלן זייער אומאָפּהענגיק געשעפט פון מאַראָקינערי, לעדער־בייטלען. ווייל פריער איז דאָס פאַבריקל געווען בשותפות מיט האַנריס ברודער. ס'איז נישט געווען אַזאַ גליקלעך שותפות.

און דעמאָלט האָט זיך דער הימל פאַרטונקלט. עס האָט זיך אָנגערוקט דער טרויעריקער מינכען־אָפּמאַך מיט היטלערן, דאָס פאַרכאַפּן טשעכאָ־סלאָוואַקיע. פון דעם טאָג אָן האָט די וועלט זיך געפונען אין גרויס געפאַר. די סכנה איז געווען גרויס. עס זענען דאָך געווען נאַאיווע מענטשן, וואָס האָבן געגלויבט, אַז די וועלט קען נאָך אָפּגעראַטעוועט ווערן פון אַ מלחמה. עס איז שוין געווען אַ כאַאָס אין האַנדל, באַנקראָטן. מיט אַרבעט איז נאָך ערגער געווען. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי ביזן יאָר 1939. דאָס נייע יאָר האָט באַוויזן, אַז דער מינכענער אָפּמאַך פירט צו דער קאַטאַסטראָפע. עס איז געווען אַ בהלה צווישן יידן אין פּאַריז. מענטשן האָבן פאַרלוירן די אַרבעט, האָבן נישט געהאַט קיין פּרנסה. די יידישע געזעלשאַפטן האָבן גע־שאַפן ביליקע קיכן אין פאַרשידענע געגנטן פון שטאָט.

האַנרי איז כמעט אומעטום געווען, אַפילו אין די קינסטלער־קאַפייען

אויפן מאָנפּאַרנאַס, צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אין „דאָם" און „קופּאָל". דאָרט האָבן זיך געטראָפן יידישע שרייבער פון וואַרשע, וואָס זענען דאָ שטעקן געבליבן. ביי אַ גלעזל משקה האָבן זיך געטראָפן עוזר וואַרשאַווסקי, שמעון האָראָנטשיק. עוזר וואַרשאַווסקי האָט אים צוגערופן. ער האָט געהאַט אַ פיינע, איידעלע באַנעמונג. אָבער שמעון האָראָנטשיק האָט געקוקט אַרום זיך מיט חשד:

— וואָס שמועסט מען צווישן יידן? — האָט ער געפרעגט — וואָס איז מיט דער מלחמה?

— עס איז קלאָר — האָט אים האַנרי דערקלערט — אַז דער מינכענער אָפּמאַך איז נאָר אַ פּאָרשפּיל. היטלער גרייט זיך צו אַ נייער עקספּאַנסיע.

שפּרינגט פּלוצים אויף האָראָנטשיק:

— הערסט, עוזר? איך פאָר שוין אַהיים, צו מיינע יידן...

פאַרלאָזנדיק דעם מאָנפּאַרנאַס, האָט זיך האַנרי אָנגעשטויסן אויף אַ צוזאַמענלויף. האָט ער געפרעגט מיט נייגער:

— וואָס קומט דאָ פאָר?

— ס'איז זייער ערנסט — האָט מען זיי געענטפערט — די סאָוויעטן און די דייטשן האָבן אונז אָפּגענאַרט. זייערע אויסערן־מיניסטאָרן, מאָ־לאָטאָוו און ריבענטראָפּ, האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך. מיר געפינען זיך שוין כמעט אין מלחמה־צושטאַנד...

יעדן טאָג זענען געווען אויסטערלישע געשעענישן, און פּלוצים — דייטשלאַנד איז באַפאַלן פּוילן.

האַנרי האָט זיך דעם טאָג אומגעקערט פון געשעפט פריער ווי אַלעמאָל. חיה־מרים האָט תיכף דערקענט אין איר מאַן, אַז ס'איז עפּעס נישט פּשוט. ביים אָוונט־ברויט האָט האַנרי אויפגעקלערט, אַז די מלחמה שטייט שוין אויף דער שוועל. און אָט הערט מען שוין אין ראַדיאָ: פראַנק־רייך איז אין קריג מיט היטלערן, צוליבן אָנפאַל פון דייטשלאַנד אויפן פאַרבינדעטן פון פראַנקרייך, אויף פּוילן. מאָביליזאַציע. אויך ענגלאַנד האָט דערקלערט קריג היטלער־דייטשלאַנד.

אַזוי ווי די מיידלעך זייערע זענען געווען אויף וואַקאַציע, האָט האַנרי גלייך געמוזט פאָרן נאָך די קינדער, אין דער געגנט פון האַוור. ער איז געפאָרן. די קינדער האָבן זיך דערפרייט צו זען זייער פאָטער. צומאָרגנס האָט ער געזאָגט די קינדער: מיר פאָרן אַהיים. פאַרוואָס? — האָבן זיי

געפרעגט. עס איז דאָ אַזוי גוט, — האָט געזאָגט די עלטערע, רחלע, און די קלענערע, דעניז, האָט גיכער פאַרשטאַנען: אַז דער טאַטע איז געקומען נאָך אונז, מסתמא איז פאַראַן אַ סיבה.

האַנרי האָט אויפגעקלערט זיינע קינדער, אַז ס'איז מלחמה מיט די „באָשן״ און אַז ער גרייט זיך, ווי יעדער בירגער, מאָביליזירט צו ווערן. עס איז שוין נישט אַזוי לייכט געווען דאָס צוריקקערן זיך קיין פּאַריז. נאָר אַזוי ווי האַנרי האָט געהאַט ביי זיך זיין מיליטער־ביכל, האָבן זיי געקענט אָנקומען בשלום אַהיים.

די מוטער האָט זיך צעוויינט, אָנקוקנדיק די קינדער, אָבער האַנרי האָט איר אויפגעקלערט, אַז אַ פאָטער פון דריי קינדער וועט מאָביליזירט ווערן פיל שפּעטער. און זי האָט אים דערציילט, אַז עס איז אָנגעקומען אַ מעלדונג פון דער מערי, אַז זיי ווערן עוואַקואירט אין דער געגנט פון לואַר־ע־שער, אַן ערך קנאַפּע 200 קילאָמעטער פון פּאַריז. דער אָפּפאָר וועט זיין שבת. דעריבער מיינט זי, אַז האַנרי זאָל אויך מיטפאָרן. זי האָט אָבער געבעטן, אַז מען זאָל אויך באַזאָרגן איר אַלטע מאַמע. איז ער מסכים געווען. און אפשר, האָט ער געזאָגט, וועלן מיר נאָך קענען אַהיבערענגען דיין שוועסטער העלען מיט איר קינד. און ער האָט זיי אָוועקגעפירט קיין סאַוויני, ביים טייך ברעי. דערנאָך איז האַנרי צוריקגעקומען קיין פּאַריז.

תיכף נאָכן צוריקקומען קיין פּאַריז, האָט האַנרי זיך געזען מיט זיין שוועגערין העלען און איר פאַרגעלייגט זיך צו עוואַקואירן קיין סאַוויני. פאַרשטייט זיך, אַז זי איז באַלד מסכים געווען. האַנרי האָט אַלץ דערלייריקט אין דער מערי. צו דער באַשטימטער צייט זענען אַלע געווען ביי דער באַן.

זיי זענען בשלום אָנגעקומען, און די גאַנצע משפּחה האָט זיך דערפרייט. חיה־מרים האָט שוין געהאַט פאַרזאָרגט אַ קוואַרטיר פאַר איר שוועסטער אויך. אין דאָזיקן דאָרף האָבן זיך שוין געפונען פיל פרויען און קינדער פון 3־טן אַראָנדיסמאַן אין פּאַריז, ס'רוב יידן. זיי זענען געווען פאַרזאָרגט מיט עסן, וווינונג, באַהייצונג, אַלץ אויפן חשבון פון דער רעגירונג.

אַזוי ווי אַלע אַנדערע מענער, האָט האַנרי געוואַרט מאָביליזירט צו ווערן. אָבער זיין פרייע צייט האָט ער שוין דעמאָלט אָפּגעגעבן דער שטי־

לער ווידערשטאַנד, וואָס האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן. ס'איז נאָך געווען די עפּאָכע פון דער „קאָמישער מלחמה". אויף דער מאַזשינאָ־ליניע האָט מען פון צייט צו צייט אויסגעטוישט עטלעכע שאָסן מיט די נאַציס. דאָס האָט אָנגעהאַלטן פון סעפּטעמבער 1939 ביז יוני 1940. דערמאָלט האָט די נאַצישע חיה זיך אַ וואָרף געטאָן אויף פראַנקרייך. צוויי מיליאָן פראַנצויזישע סאָלדאַטן זענען אַרומגערינגלט געוואָרן. אויף די וועגן פון צפון־פראַנקרייך איז געווען אַ בהלה פון ציווילע, דער באַרימטער „עקזאָד". ביז — פּאַריז איז געפאַלן.

וואָס שייך האַנריס מאָביליזירט ווערן, איז געשען אַ מאָדנע זאַך. די רעזערווון מיט די בלויע פּאַסיקילן האָט מען גערופן אין דער לעצטער מינוט צו פאַרזאַמלען זיך אין סען־דעני, הינטער פּאַריז. אָבער ווען די רעזערוויסטן זענען געקומען צום באַשטימטן אָרט, האָט אַ קאָמאַנדאַנט זיי באַפוילן:

— פּוטעי לע קאַמפּ... דאָס הייסט, מאַכט פּליטה...

די מלחמה פאַר פראַנקרייך איז געווען פאַרשפּילט. פּאָל רענאָ האָט איבערגעגעבן די מאַכט דעם מאַרשאַל פּעטען. אין דער גלייכער צייט האָט ער פאַרגעלייגט דע גאָלן צו אַנטלויפן קיין ענגלאַנד. פון דאָרט האָט דע גאָל צום ערשטן מאָל געמאַכט אַן אַפּעל צום פראַנצויזישן פאָלק, צום ווידערשטאַנד, פאַרצווזעצן דעם קאַמף, ביז דער באַפרייאונג.

די עוואַקואירטע פרויען און קינדער האָבן זיך נאָכן וואָפנשטיל־שטאַנד מיט די נאַציס, אומגעקערט אין זייערע היימען. האַנרי, כאָטש זייער אומרואיק, נאָכן זיג פון די נאַציס, האָט צוגעגרייט זייער וווינונג, אויפצונעמען זיינע בני־בית. ס'האָט מער נישט געקאָנט זיין קיין פראַגע אומצוקערן זיך אין זיין געשעפט, וואָרום יעדעס יידישע געשעפט האָט אַצינד באַדאַרפט האָבן אַן אַרישן זשעראַנט און טראָגן די אויפשריפט: „יידישעס געשעפט". זענען יידן געלאָפן צוביסלעך אין דער פרייער זאָנע, רעגירט דורך דערווישי־רעגירונג.

קיין הונגער איז אין הויז ביי האַנרין חלילה נישט געווען דערוייל. אָבער זייער לעבן איז געווען איינגעשטעלט, ווייל האַנרי האָט געאַרבעט אין דער ווידערשטאַנד. אין אַ געוויסן טאָג זאָגט מען אָן האַנרין:

— פאַרלאָז פּאַריז, מען האָט דיך געמסרט . . .

חיה־מרים האָט אויפגענומען די ידיעה פּשוט, ווי דער גורל וואָלט

עס באַשטימט. „יעדער מענטש — האָט זי געזאָגט — האָט זיין אייגענעם גורל. לאָמיר האָפן, אַז דיין נסיעה וועט אַדורך בשלום. די קינדער און איך זענען פול מיט בטחון, אַז בקרוב וועלן מיר אויך קאָנען פאָרן צו דיר. ווי עס זאָל נישט זיין, דאגה זיך נישט וועגן אונז. מיר וועלן פאַרדינען אונזער חיונה".

אָבער האַנרי האָט פאַרלאָזן זיין הויזגעזינד מיט אַ וויי אין האַרצן. ער איז אָנגעקומען אין שטעטעלע, ווו מ'האָט באַדאַרפט זיך דורכשמוגלען די גרענעץ, די דעמאַרקאַציע־ליניע. אין שטעטעלע האַזשעמאַן האָט מען באַדאַרפן נעמען אַן אויטאָבוס, וועלכער איז געווען באַוואַכט פון געשטאַפּאָ. דער אויטאָבוס איז געשטאַנען אין אַ וועלדל. מ'האָט געמוזט גיין אַ שטיק וועג צופוס. גייענדיק אַזוי, האָט ער געהערט די מעלדונגען: „יידן און חזרים טאָרן נישט אַריין אין אויטאָבוס" . . . צוריקגיין איז שוין נישט געווען מעגלעך. ווען דער אויטאָבוס האָט זיך אָנגעפילט, איז אַרויפגעקומען די געשטאַפּאָ, זוכן, רעווידירן. אָבער האַנרי איז בשלום אַדורך.

די ערשטע שטאָט, ווו ער איז פאַרפאָרן, איז געווען פּאָ, נאָענט צו די פּירענייען־בערג. ער האָט דאָרט געהאַט קאָנטאַקטן מיט דער רעזיסטאַנס. אַ פּאָר וואָכן איז ער דאָרט געווען, און מען האָט אים דערנאָך איבערגעשיקט קיין מאַרסעיל. אין פּאָ האָט ער אויך געטראָפן זיין האַרציקן חבר שאַרל זילבערבערג, כאָטש זייערע פּליכטן זענען נישט געווען די זעלביקע. די רעזיסטאַנס האָט כסדר פאַרלאַנגט צו ענדערן דעם וווינאָרט. פון מאַרסעיל איז ער געשיקט געוואָרן קיין ליאָן.

דאָ האָט ער ענדלעך באַקומען בריוו פון זיינע בני־בית, אָבער נישט דירעקט, נאָר דורך פאַרשיידענע פאַרבינדונגען. ס'איז געווען אין חודש יולי 1942. די געשטאַפּאָ, צוזאַמען מיט דער ווישי־פּאָליציי, האָבן זיך צוגעגרייט צו באַפאַלן יידן אין פּאַריז. עס איז שוין באַקאַנט געווען, אַז די נאַציס דעפּאָרטירן יידן. האָט ער אין ליאָן זייענדיק אַלץ געטאָן, כדי אַרויסצוראַטעווען זיין משפחה פון פּאַריז. ער האָט קודם געזוכט פאַר זיי אַ דירה. מאַסן יידן זענען אַנטלאָפן פון דער נאָרד־זאָנע אין דער אַ"ג „פרייער זאָנע". ליידער איז נישט יעדן געלונגען דורכצוגיין די דעמאַרקאַציע־ליניע. יעדן טאָג האָט מען זיך דערוווּסט פון אַרעסטן. אַזוי האָט מען אויך אַרעסטירט זיין חברס פרוי מיטן זון, הערשעלע בראַנד.

האַנרין איז אָבער געלונגען אַפּצוראַטעווען זיין משפּחה, זיין פרוי און קינדער. חיה־מרים, וואָס איז געווען אַ ברונעטקע, איז פּלוצים פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ . . . בלאָנדינקע. זיי זענען ווידער געווען צוזאַמען. פון דער פּראָוויזאָרישער דירה אין ליאָן, זענען זיי אַריבער קיין ווילער־באַן, אַ פאָרשטאָט פון ליאָן. די סכנה איז געווען גרויס. דער חבר וואַל־טער, אַ דעזערטיר פון דער עסטרייכישער אַרמיי, אַן אויסגעפּרוווטער פון דער רעזיסטאַנס, האָט געזאָרגט פאַר האַנריס משפּחה, זיי זאָלן האָבן טי־קעטן אויף צוקער, לאָקשן, ברויט, רייז און פעטס. מען האָט אייגעקויפט די פּראָדוקטן נישט אויף איין אָרט, נאָר אין פאַרשיידענע געשעפטן, סיי אין ווילערבאַן, סיי אין ליאָן, נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן. קיין עסן האָט נישט געפעלט.

אין ווילערבאַן־ליאָן האָט מען זיך געגרייט צו אַ גרויסער אַקציע, צום טאָג פון 11־טן נאָוועמבער 1942. עס זענען מאָביליזירט געוואָרן אַלע חברים, כדי צו רופן די פאַבריק־אַרבעטער צום שטרייק. האַנרי האָט די אַקציע דורכגעפירט אין אַ מעראָקינערי־אַטעליע. דער קאָנטר־מעטר פישער האָט האַנרין געדראָט מיט מסירה. מ׳האָט עס נישט גענו־מען אין אַכט, ווייל ס׳איז געווען אַ יידישע פאַבריק.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז מערץ 1943. אינעם הויז פון דער רעזיס־טאַנס, אין ווילערבאַן, האָט זיך אויפגעהאַלטן האַנרי מיט זיינע בני־בית, און נאָך צוויי חברים, הערשעלע מיט זיין שוואָגער. (ביידע זענען שוין אויפן עולם האמת). די מסירה האָט שיער נישט געבראַכט צו אַן אומגליק. האַנרין איז אָבער געלונגען אַפּצוראַטעווען זיינע בני־בית און די צוויי חברים. דאָסמאָל האָט די רעזיסטאַנס באַשלאָסן איבערצושיקן האַנרין מיט זיין משפּחה קיין גרענאָבל. די ראָלע האַנריס איז געווען : רעקרוטירן די רעזיסטאַנטלער צווישן דער סינדיקאַלער באַוועגונג.

אין גרענאָבל איז געווען די לאַגע אַזאַ, אַז די קינדער זענען צום ערשטן מאָל אָפּגעזונדערט געוואָרן פון זייער מוטער. זיי האָבן נישט געהאַט וו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. נאָך גוט וואָס האַנריס שוועסטער אסתרל האָט זיי געהאָלפן. זי האָט שוין אַ געוויסע צייט געוווינט אין גרענאָבל. דאָס איז געווען דער סוד פון איר מאַן. אסתר האָט זיי געטראָפן זיצן אויף אַ באַנק אין שטאָט, וואַרטנדיק אויף אַ פאַרבינדלער. פרעגט אסתרל :

— ווו זענט איר ?

— אויף גאָטס ערד, מיט ביידע פיס . . . — האָט מאַניע געענטפערט.

— אפשר וועט איר קומען צו אונז ?

— מיר זענען נישט אַוועק פון ליאָן — האָט האַנרי געענטפערט — זיך צו לאָזן פאַרבעטן. אויב דו ווייסט פון אַן אָרט, ווו דעם קאָפּ אַוועקצו־לייגן, וועלן מיר דיר זיין דאַנקבאַר.

— ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן וועט איר האָבן.

— גיב איר דעם אַדרעס — זאָגט האַנרי.

אסתרל האָט נישט געענטפערט, נאָר זי האָט גענומען מאַניען אונ־טערן אָרעם און אונז געפירט אויף רי שאַרעל. אין דער מאַנסאַרדע אויף רי שאַרעל איז מיט דער צייט געוואָרן אַן אָפענע טיר פאַר די ווידערשטענד־לער. דאָרט האָבן האַנרי און מאַניע פאַבריצירט דאָמען־טאַשן מיט אַ טאָפּלטן באָדן. מיט די טאַשן זענען איבערגעפירט געוואָרן פאַרשיידענע דאָקומענטן.

די ערשטע, וואָס האָט באַקומען אַזאַ טאַש איז געווען די העלדישע ווידערשטענדלערין יוכבד בורשטין, לויט איר רעזיסטאַנס־נאָמען: מאַרי. פון צייט צו צייט פלעגט זי זיך באַווייזן אויף אַ געהיימער זיצונג. זי האָט תמיד מיטגעברענגט אינסטרוקציעס פון ליאָן און פון דער נאָרד־זאָנע. אין דער מאַנסאַרדע אויף רי שאַרעל איז געווען אַ פענצטער צום דאַך אַרויס. האַנרי האָט זיך גוט איינגעקוקט, צי מ׳קאָן, אין אַ געפאַר, אַנטריי־נען דורכן דאַזיקן פענצטער אויפן דאַך.

די לאַגע אין גרענאָבל האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט, אין מאָמענט, ווען דער אַרמיסטיס־פּרווו פון איטאַליע איז דורכגעפאַלן. אין פרילינג 1943 האָט די נאַצישע אַרמיי באַזעצט אויך די איטאַליענישע זאָנע. כמעט איבער נאַכט זענען זיי אַריינגעדרונגען. די געסטאַפּאָ־אָפּטיילונגען האָבן אַרעסטירט דעם איטאַליענישן רעגימענט פון גרענאָבל און זיי אַוועק־געפירט. פון דעם טאָג אָן איז דאָס הויז אויף רי שאַרעל געווען איינגע־שטעלט. דער חבר מישעל וויגדאָראָוויטש האָט אונז צוּוויסן געטאָן, אַז עס קומט פאַר אַ דרינגנדער צוזאַמענקום ביים סקווער וויקטאָר הוגאָ. יעדער איינער האָט געהאַט אַ באַשטימטע צייט צו קומען, נישט אַלע מיט־

אַמאָל. ווען האַנרי איז אַהיינגעקומען, האָט אַ חבר שוין געוואָרט, מיט אַ וואָרענונג נישט צו גיין ווייטער, וואָרום די געשטאַפּאָ האָט שוין גע־מאַכט אַן אַבלאַווע און אייניקע חברים פאַרכאַפּט.

מען האָט געמוזט פאַרלאָזן די רי שאַרעל אויף אַ געוויסער צייט.

דעם זעלבן אָוונט איז האַנרי אַוועק מיט מאַניען אין די בערג, איבער גרענאָבל. זיי האָבן איבערגענעכטיקט ביי אַ חבר, איידער זיי זענען אַרויף אין די בערג. זיי האָבן נישט געקאָנט קיין אויג צוטון, וואָרום דער געלע־גער איז געווען פול מיט אינזעקטן . . . באַלד באַגינען האָבן זיי זיך פאַר־בונדן מיטן שאָפער פונעם אויטאָקאַר און זענען אָפּגעפאָרן פון פאָנט־קלעי קיין פיער־שאַטעל, 800 מעטער הויך.

די נסיעה אויף די בערג איז אַדורך בשלום, כאָטש ס'איז געווען דורכצוגיין אַ דייטשן פּאָסטן. די ווידערשטענדלער, וואָס זענען אַוועק אין די בערג, האָבן געטראָגן די זעלבע מלבושים ווי די בערג־לייט, נישט צו וואָרפן זיך אין די אויגן. ביז פיער־שאַטעל איז דער שניי נאָך געווען צו דערליידן, אָבער אַ פּאָר הונדערט מעטער העכער, ביז ווילאַר־סען־קריסטאָף, איז דער שניי געווען אַן ערך צוויי מעטער טיף. אַז מען האָט אַריינגעשטעלט אַ פוס, האָט מען אים נישט געקאָנט אַרויסציען.

אין ווילאַר־סען־קריסטאָף האָט מען געמוזט זיך דערשלאָגן צום עלטסטן פון דאָרף, אַן אינטעלעקטואַל. תיכף האָט ער געשטעלט צו זייער דיספּאָזיציע אַ גאַנצן פּאַוויליאָן זיך אָפּצורוען פון אַזאַ שווערן וועג. זיי האָבן אויסגעטרונקען עפּעס וואַרעמס און אַוועק מיטן שליסל צום פּאַוויליאָן. חיה־מרים איז געווען גליקלעך.

— אַצינד — זאָגט זי — לאָמיר כאָטש באַקוקן אונזער פּאַלאַץ.

דער „מער" פון דאָרף האָט זיי באַגלייט. דאָס הויז איז אַרומגערינגלט מיט אַן אייזערנעם פּלויט, אָבער דער שניי האָט פאַרלייגט דאָס טירל. מען האָט געמוזט שווער אַרבעטן אָפּצורייניקן דעם אַריינגאַנג. אַריינקו־מענדיק אין דעם ערשטן צימער, האָט זיך געהערט אַ מאָדנע געלויף . . . און פּלוצעם טוט מאַניע אַ געשריי און פאַלט צוריק אַביסל.

— נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, דאָס זענען פעלד־מייז . . . ווינטער קומען זיי אַהער. זיי טשעפּען נישט, אַז מען אַטאַקירט זיי נישט . . . — און דער „מער" האָט נאָך צוגעגעבן — „אַ לאַ גער, קאָם אַ לאַ גער" . . . ס'הייסט, מלחמה־צייט טאָר מען נישט זיין צופיל עמפּינדלעך.

מאַניע בעט אים, אַז ער זאָל נעמען עטלעכע מענטשן, אויף זייער חשבון, ריין צו מאַכן דעם פּאַוויליאָן, אַז די רעזיסטאַנטלער זאָלן האָבן אַ גוט אָפּרו־הויז. ער זאָגט עס צו. און זיי זענען אַוועק אין דער איינציקער קאָפּע פון דאָרף, עפּעס אויסטרינקען. זיי האָבן זיך געזעגנט מיטן „מער" גאָר פריינטלעך, מיט אַלע אָנוועזנדיקע, צוריקצופאָרן קיין גרענאָבל. זיי זענען בשלום אַדורך דעם וועג.

אין שטאָט האָבן זיי אָנגעטראָפן דעם חבר וואָלף. ער האָט דערציילט די טרויעריקע נייעס, אַז עס איז אַרעסטירט געוואָרן אַ וויכטיקער חבר פון דער רעזיסטאַנץ. מען האָט געוווסט, אַז די געסטאַפּאָ וועט אים זיכער פּייניקן. הייסט עס, אַז די ערטער, ווו די חברים האַלטן זיך אויף, מוזן מאָמענטאַל פאַרלאָזן ווערן, במילא אויך די פון רי שאַרעל.

— דעריבער — זאָגט האַנרי — איז נויטיק אַרויסצונעמען די קינדער פון קריסטלעכן הויז.

פריער האָט ער געוואָלט וויסן צי די דירה אויף שאַרעל איז נישט דורכגעפאַלן. און אַזוי איז טאַקע געווען. ס'איז געקומען אַ טעלעגראַמע פון דער עלטערער טאָכטער, פון רחלען, אַז זי האָט פאַרלאָזט דעם „קוואַן" פון מאַרסעיל און זי פאָרט קיין ליאָן, צו די טויבמאַנס. די נייעס האָט במילא געענדערט אַלע פּלענער און זיי האָבן געמוזט וואַרטן ביז אַלע קינדער וועלן זיין אין גרענאָבל.

עס האָט זיך געגרייט אַן אַלגעמיינע מאַניפעסטאַציע פון דער גאַנצער באַרגיקער געגנט פון גרענאָבל, און אין שטאָט — פון דער באַן־סטאַציע ביזן פּלאַץ פון „דיאַבל בלע". די צוגרייטונג איז געווען אין שטרענגער געהיימעניש. אין גרענאָבל דעמאָלט האָבן געלעבט אַ טך אָנגעלאָפענע יידן. זיי האָבן זיך באַזעצט אין גרענאָבל, אין דער איטאַליעניש‏ער זאָנע, אָבער אַצינד זענען די דייטשן געקומען אויך אַהער. די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער.

נאָכן צוזאַמענטרעף מיט זייערע קינדער אויף רי שאַרעל, האָבן זיי אַלע באַשלאָסן צו באַזעצן זיך אין ווילאַר־סען־קריסטאָף. האַנרי איז געבליבן אין גרענאָבל, איז פון צייט צו צייט געקומען זיי באַזוכן. אָבער צוריקפאָרנדיק איינמאָל פון דאָרף, איז מיט האַנרין געשען אַ צופאַל אין רעזיסטאַנס־וואָגן. מען האָט אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל פון גרענאָבל. מאַניען האָט אַ פאַרבינדלערין וועגן דעם צוויסן געגעבן. זי איז געקומען באַלד

צולויפן אין שפיטאָל. דער דאָקטער האָט איר פאַרזיכערט, אַז די זשעברעס זענען נישט צעבראָכן. געזונט געוואָרן, האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין משפחה אין דאָרף, כאָטש ער איז נאָך נישט געווען פולקאָם אויסגעהיילט. ער איז שוין געווען ביי די פערציקער, און אין דעם עלטער איז שווערלעך דאָס פאַרהיילן זיך.

ס'איז געווען אין חודש מאַי 1944. דער שניי אויף די פעלדער פון ווילאַר־סען־קריסטאָף האָט אָנגעהויבן צו צעטאָפּיען. עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע גרעזלעך. דאַן האָט האַנרי אַראָפּגענידערט פון די בערג, און ער האָט מיט מאַניען געמאַכט אַ באַזוך אין פאָנט־קלעי, אַ פאָרשטאָט פון גרע־נאָבל. דאָרט האָבן זיי זיך דערוווסט די לעצטע נייעס וועגן די מפּלות פון די נאַציס ; אַז מען דערוואַרט אַ ליאַדע טאָג דאָס דעבאַרקירן אין פראַנקרייך פון די אַלירטע אַרמייען. מען האָט געמורמלט, אַז אין חודש אויגוסט וועט גרענאָבל באַפרייט ווערן. און אַזוי איז טאַקע געווען.

אָבער ביזן חודש אויגוסט איז נאָך געווען ווייט. די קאַמפן מיט די נאַ־ציס זענען אָנגעגאַנגען און עס זענען נאָך אַלץ געווען קרבנות. דער זון פון חבר מישעל וויגאָדאָראָוויטש ז"ל, דער יונגער זשאַק, האָט אויסגעפירט אַן אַטאַקע קעגן דעם געשטאַפּאָ־הויז אין גרענאָבל. ער האָט נקמה גענומען פאַר זיין מוטער און שוועסטער, וועלכע זענען דעפּאָרטירט געוואָרן פון פּאַריז דעם 16־טן יולי 1942. אין די לעצטע שעהן פאַר דער באַפרייאונג פון גרע־נאָבל זענען אַרומגערינגלט געוואָרן אַ גרופּע אָפיצירן פון דייטשן גאַרניזאָן, מיט זייערע מאַטאָציקלען. דעמאָלט האָט מען זיי געקענט ממיתן. אָבער דער באַפעל איז געווען — זיי דורכצולאָזן אומגעשטערט. דאָס האָבן זיי זיך שוין נישט געקענט מוחל זיין, די ווידערשטענדלער...

אַזוי האָט חיה־מרים דורכגעמאַכט אַלע וואָגלענישן צוזאַמען מיט איר מאַן האַנרי. זיי האָבן דורכגעלעבט תקופות פון גליק און פּיין. ביים סאַמע סוף פון דער מלחמה האָט זי נאָך באַדאַרפט דורכלעבן אַן אויסטערלישע פּרוּוואונג. דאָס איז געווען די אַטאַקע פון נאַצישע חיילות אויף ווערקאָר אין אויגוסט 1944. כדי צו באַהערשן דעם ווערקאָר, ווו עס האָבן געהערשט די אויסגעפּרוווטע מאַקיזאַרן, צווישן זיי, פיל יידן, האָבן די גזלנישע נאַציס אויך באַזעצט דאָס דערפל ווילאַר־סען־קריסטאָף. עס איז געווען דער מסירת־נפש פון אַ קאָמאַנדאָ ווידערשטענדלער, כדי צו ראַטעווען די דריי קינדער זייערע. דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע איבערלעבונג. אָבער זיי האָבן אויך

דאָסמאָל מצליח געווען, ווי אין ליאָן, און ווי אין גרענאָבל, בעת דער אַרומ־רינגלונג פון דער מאַניפעסטאַציע פון „דיאַבל בלע״, ווו האַנרי האָט זיך געפונען. דאָס איז געווען די מאַניפעסטאַציע אין גרענאָבל דעם 11־טן נאָ־וועמבער 1943. די רעזיסטאַנס האָט געוווסט, אַז די געשטאַפּאָ צוזאַמען מיט די מיליציאָנערן פון פאַרעטער דאַרנאַן, זענען דאָ אין שטאָט.

ווי האָט אויסגעזען די באַפרייאונג פון דער שטאָט גרענאָבל ? נאָך דער לאַנדונג פון די ענגליש־אַמעריקאַנער אַרמייען, האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי די אַלירטע זענען אָנגעקומען מיטן „נאַפּאָלעאָנישן וועג״ דורך די בערג. די עמאָציעס זענען ביי אַלעמען געווען אויף דעם העכסטן פונקט. די מענטשן האָבן נישט געוווסט וואָס פריער — וויינען צי לאַכן.

ס׳איז געווען אַן אמתע גרויסע פרייד און יובל־שטימונג ביי דער משפּחה. זיי האָבן ענדלעך דערלעבט די באַפרייאונג, נאָך אַזויפיל צרות און וואָגלענישן. אַלע האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט, געפרייט זיך און געלאַכט. עס האָבן זיך אָבער אויך געהערט ספּאַזמאַטישע געוויינען. ווער — נאָך אַ מאַן, אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַ מוטער, נאָך אַ טייערן חבר, וואָס איז פאַר־נומען געוואָרן ממש אין די לעצטע מינוטן דורך די אכזריותדיקע דייטשע מערדער. ענדלעך דערלעבט די באַפרייאונג ! די אמתע נקמה אין די שונאים !

און נאָך אַ געשעעניש : אין דער גרענאָבלער צייטונג איז געווען פאַר־עפנטלעכט האַנריס אַן אַרטיקל. ס׳האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס אין די פּראָגרעסיווע קרייזן. מען האָט האַנרין אויסגעוויילט אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער מאַראָקינערי־בראַנזשע אין גרענאָבל. אַ פּאַריזער ייד, גענעראַל־סעקרעטאַר. פאַר מאַניען מיט די קינדער איז עס געווען אַ גרוי־סער כבוד. אָבער דער הויפּט־ציל זייערער איז געווען — אומצוקערן זיך אַהיים, קיין פּאַריז. זיי האָבן נישט געוווסט, צי זייער וווינונג איז נישט אַמאָל באַזעצט.

איז טאַקע אַזוי געווען : האַנרי איז אין שליחות פון דער גרענאָבלער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, געפאָרן צו דער צענטראַלע אין פּאַריז, כאָטש דער וועג איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן פריי. אין פּאַריז האָבן זיך זיינע חברים פון דער רעזיסטאַנס שטאַרק דערפרייט מיט אים. נאָכן דערליידיקן זיינע ענינים, איז האַנרי אַוועק צו זיך, ווו ער האָט געוווינט. די הויז־וועכטע־רין האָט אים טאַקע דערציילט, אַז אין זיין וווינונג געפינט זיך אַ לאָקאַטאָר, וואָס די פראַנצויזן האָבן אָנגערופן : „לאָקאַטער דע באַן פּואַ״, ד. ה. אַ לאָ־

קאַטאָר פון גוטן ווילן. דאָס האָבן דערפונדן די קאָלאַבאָראַטאָרן מיט די דייטשן ... תיכף האָט האַנרי זיך פאַרבונדן מיט דער באַוואָפנטער מיליץ, און מען האָט געזען זיין דירה זאָל באַפרייט ווערן.

חיה־מרים האָט דערווייל, נאָך בלייבנדיק אין גרענאָבל, נישט גערוט. זי האָט זיך פאַרשאַפט אַ לאַסט־וואָגן און איז צוזאַמען מיט נאָך אַ יידישער משפחה, געקומען צופאָרן קיין פאַריז. די דירה איז נאָך נישט געווען פריי, אָבער דאָך האָט זי גוט געטאָן, וואָס זי איז געקומען מיט די קינדער. דאָס האָט אַביסל פאַרלייכטערט די פּראָצעדור. ווארעם האַנרי איז אַראָפּגעקומען מיט אַ באַוואָפנטער גרופּע מיליציאָנערן, וואָס דער חבר, קאַפּיטאַן סאַוואַרד, האָט געשטעלט צו זיין דיספּאָזיציע.

דער קאַמף איז געווען נישט קיין לייכטער. נאָך צוויי טעג זיך בלאָנ־קען הינטער די ווענט פונעם הויז, האָט די רעזיסטאַנס, צוזאַמען מיט דער פּאָליציי־פּרעפעקטור אַרויסגעגעבן אַן אורטייל צו רעקוויזירן די וווינונג פאַרן לייטענאַנט דלוזשניעווסקי־דעליז, האַנרי — וואַרום די וווינונג איז געווען זיינע, זיין פרוי חיה־מרים־מאַניע מיט זייערע קינדערלעך.

# אַביסל זכרונות

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, האָבן יידן אין פוילן לכתחילה אויפגענומען די דייטשע אַרמיי ווי אַ באַפרייערישע. דאָס פוילישע יידנטום, פונקט ווי די פּאָליאַקן, האָבן געקרעכצט אונטערן צאַרישן יאָך. די יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין ביים צאַר פּאָגראָמען, זענען געטרעטן געוואָרן מיט די פיס. ווען די דייטשן האָבן באַזעצט פוילן, האָבן זיך דע־מאָלט יידן געווונטשן מזל־טוב. אין אַ געוויסער מאָס האָבן יידן באמת אויפ־געלעבט, סיי מיט פּרנסה, סיי אין פּאָליטישער פרייהייט, אַ מין „עמאַנציפּאַ־ציע". ס'זענען געבוירן געוואָרן פּאַרטייען און פּאַרטײַ־יעלעך. ס'איז אָבער געקו־מען די שטופּנווייזע אַנטוישונג. יידן האָבן דערזען דעם אמתן פּרצוף פון פרייסישן הענקער. די דייטשן האָבן ברוטאַל גענומען פאַרשלעפּן די יידישע יוגנט אין די דייטשע קריגס־פאַבריקן. מיר האָבן שוין דעמאָלט געהאַט דאָס פאָרגעפיל פונעם נאַצי־דייטש אין צווייטן וועלט־קריג. מיר האָבן דערזען דעם היפּאָקריטישן אופן פון די דייטשן אַריינצונאַרן יידישע יוגנט אויף צוואַנגס־אַרבעט אין זייערע קריגס־פאַבריקן; מ'האָט גענומען כאַפּן אין די גאַסן יידישע יוגנטלעכע, בפרט די, וואָס האָבן פריער — נישט וויסנדיק געגעוי אין וואָס די אַרבעט באַשטייט, ווייל מען האָט זיי צוגעזאָגט גליקן — אונטערגעשריבן אַזוי גערופענע קאָנטראַקטן.

אין אַ פרייטיק־פאַרנאַכט, ווען פרומע יידן גייען צו קבלת־שבת, קומט פּלוצים אָן פאַראָרדענונג צו אַלע „זשאַנדצעס", די הויז־פאַרוואַלטער, צו ברענגען תיכף זייערע הויז־ביכער אויף אַ קאָנטראָל אין קאָמיסאַריאַט פון דער מיליציע. אַ סך לאָדזשער „זשאַנדצעס" זענען געווען פרומע יידן, חסידים. ביים „זשאַנדצע" ר' וואָלף־לייב, אויף קאָנסטאַנטינער 58 אין שטוב איז פריילעך, ליכטיק, נשמה־יתירהדיק, ר' וואָלף־לייב זאָגט „שלום

עליכם" און פלוצים — אַ זעצן אין דער טיר. דאָס קלאַפּן ווערט שטאַרקער, באַגלייט פון אַ הונט־בילערײַ.

מען עפנט די טיר און עס קומט אַרײַן אַן אָפיציר, מיט מיליציע. ער גיט אַ כאַפּ אַרויס זײַן רעוואָלווער און קאָמאַנדעוועט די מיליציאַנטן:

— זאַפּאַרט דעם מאַן מיטנעמען!

עס ברעכט אויס אַ בהלה אין שטוב, אַ געשריי, עד לב השמים. דאָס בני־בית, דער עיקר זײַן פרוי חיהלע, אַרום איר די קינדער, איז שיער נישט אַוועקגעפאַלן אין חלשות. דער שוואַבישער אָפיציר, זעענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָט צוריק אַרײַנגעלייגט דעם רעוואָלווער; דער ייד האָט נישט מפסיק געווען אין דאַווענען. אָבער דער פּרייטיק־צונאַכט איז שוין געווען אַ פאַרשטערטער. ר' וואָלף־לייב, באַגלייט מיט זײַן עלטערן זון, זענען אַוועק אין קאָמיסאַריאַט אויף דער ביכער־קאָנטראָלע.

צומאָרגנס, ביים דאַווענען אין גערער שטיבל, אויף זאַוואַדזקע, האָט ר' וואָלף־לייב געבענטשט גומל, ווייל ער און זײַנע בני בית זענען ניצול געוואָרן פון אַ סכנה. מיט 28 יאָר שפּעטער איז ר' וואָלף־לייב, מיט אַ טייל פון זײַן משפּחה, אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ פון די זעלבע דייטשן.

מיר, די יוגנט, זענען אַרײַנגענאַרט געוואָרן דורך די דייטשן, כלומרשט צו פרידלעכער, גוט־באַצאָלטער אַרבעט, אָבער אין דער אמתן איז עס גע־ווען אַ צוואַנגס־לאַגער הינטער גראָדנע, אין אַ שטעטעלע, וואָס האָט זיך גערופן וואַשילקאָוו. מיר, אַ מחנה יידישע בחורים, האָבן געאַרבעט אויפן שאָסיי, געהאַקט שטיינער, געגראָבן ערד. מיר האָבן געפילט, אַז מיר וועלן עס נישט אויסהאַלטן, כמעט אַן עסן, אין קאַלטע באַראַקן. די ייִנגלעך זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער גמרא, פון דער שולע, פון דער געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט, וועלכע האָט געגנומען אַזוי שיין זיך פונאַנדערבליען, סיי די פּ"צ, סיי ביים בונד, ביי די ציוניסטן. זיי זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער היים, און געוואָרפן געוואָרן אין דער דייטשער קריגס־מאַשין.

צווישן ביאַליסטאָק און אָסטראָלענקאָ האָבן די דייטשן געלייגט אַן אייזנבאַן־ליניע, אויך אין טאָרן, אין דייטשלאַנד. אומעטום האָבן די יונגע לייט געהאַט אויסצושטיין געברענטע צרות, שבעה מדורי גיהנום פון די דייטשע פאָר־אַרבעטער, פּונקט ווי די ס.ס.־לייט אין דער נאַצי־צייט. אויך דעמאָלט איז שוין געווען אַ ווידערשטאַנד. אונזער פירער איז געווען אַ לאָדזשער באַוווסטזיניקער פּראָלעטאַריער, פון אפרים־לאָזערס חדר. עס

זענען געווען מאָמענטן זייער געפערלעכע, מיר זענען אָבער געווען געאײַ־ניקט און קאָנספּיראַטיוו. ביי אָסטראָלענקאָ איז געווען אַ מין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אַ „זבאָרנע פּונקט". דאָרט האָבן זיך אויך געפונען די אַפּראָוויזאַציע־שפּייכלערס פון עסנוואַרג פאַר דער געגנט. פון אָסטראָלענקאָ האָט מען אַוועקגעשיקט אין ווייטע וועגן, קיין דייטשלאַנד. דאָרט האָבן מיר באַקומען צדה־לדרך, 2־3 סאָלדאַטסקע ברויטלעך און עפּעס דערצו. די אויסגעהונגער־טע חברה האָבן אַרויסגייענדיק פון דעם שפּייז־צענטער, באַלד אַטאַקירט די ברויטלעך. און אויפברעכנדיק אַזאַ ברויטל — וואָס האָבן זיי געפונען? אַ ניי־געבוירן מייזל!...

מיר זענען געפאָרן מיט דער באַן אַלץ ווייטער, טיפער אין די דייטשע געביטן. מיר האָבן געזען, אַז דייטשלאַנד איז פיל מער פאָרגעשריטן לגבי פוילן און רוסלאַנד. נאָך 2 טעג און 2 נעכט פאָרן, זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען אין פראַנקפורט אַם מיין. אָבער דאָ ערשט האָט מען געוועקסלט די באַן און מען פאָרט ווייטער. מיר ווערן געהיטן זייער שטרענג, ווייל אין וועג זענען עטלעכע פון אונז פאַרשוואונדן. ביז מיר זענען געקומען אויף אַן אָרט, אין קריפּטל אַם מיין, וווּ מען האָט אונז געגעבן עפּעס וואַרעמס, און מיר האָבן שוין געהאַט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

מיר זענען געוואָרן צעטיילט אין גרופּן. אַ נײַ לעבן, נייע געוווינהייטן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו קוקן מיט אָפענע אויגן אויף דער וועלט. מיר זע־נען אַוועק, קען מען זאָגן, אויף שטענדיק פון דעם פריערדיקן לעבן, כדי צו ווערן — אייראָפּעאישע יידן.

די אַרבעט, וואָס מען האָט אונז צוגעזאָגט, איז פּאַקטיש געווען — אַר־בעטן אין די גיפּט־גאַז־פאַבריקן; די גאַזן, וואָס זענען געוואָרפן געוואָרן אויף די פראָנטן און אומגעבראַכט טויזנטער זעלנער.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן אין יענע טעג אין רוס־לאַנד. מיר האָבן דערפילט אַ פאַרלייכטערונג, ווען עס איז אויפגעקלעפּט געוואָרן אַ באַקאַנטמאַכונג צו די „געפאַנגענע רוסישע בירגער", זיך צו פאַרשרייבן אַהיימצופאָרן. איידער וואָס־ווען, איז אויסגעבראָכן אַ בונט קעגן די רוסישע אָפיצירן אין די געפאַנגען־לאַגערן גופא. די רוסישע אָפיצירן האָבן אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד געלעבט ווי פּאַראַזיטן אויפן חשבון פון סאָלדאַט.

אויך דאָס פאָלק אין דייטשלאַנד האָט שוין געלעכצט נאָך שלום. עס איז אויסגעבראָכן דער בונט פון די מאַטראָסן אין האַמבורג. עס איז דער־הערט געוואָרן די שטימע פון קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג. זייער קאַמף האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, די דייטשע יונקערס און הענקערס זע־נען באַגאַנגען דעם נידעריקן פאַרברעכן, און ביידע רעוואָלוציאָנערן אומ־געבראַכט.

מיר, יידישע יוגנטלעכע, פאַרוואָרפן אין דער פרעמד, האָבן אויפגע־הויבן דעם קאָפּ, צו קעמפן פאַר אונזערע רעכט און פאַר די רעכט פון דער מענטשהייט. דער גורל האָט אונז געפירט קיין מערב־אייראָפּע. און טאַקע באַלד ווי עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע מעגלעכקייטן צו פאַרלאָזן דייטש־לאַנד, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. עס איז געווען נאָך אַ טרויעריקן און קאַלטן ווינטער. 4 יאָר צייט האָט די מלחמה געדויערט. מיר האָבן אויס־געקליבן דאָס לאַנד, וואָס דערמאָנט אַזויפיל הערֹאָאישע עפּאָכעס פון קאַמף פאַר דער פרייהייט און מענטשן־רעכט; דאָס לאַנד, וואָס האָט אונז יידן געגעבן גלייכבאַרעכטיקונג נאָך דער רעוואָלוציע פון 1789.

## די קאַמפן און שטרייקן אין דייטשלאַנד פון אונזער יידישער יוגנט און די קאָנסעקווענצן

איך האָב שוין דערציילט וועגן אונזערע צרות, נאָכן אָנקומען קיין דייטשלאַנד, וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין אין די גיפט־פאַבריקן. ווען די דייטשן האָבן פאַרשריבן די יידישע יוגנטלעכע אויף אַרבעט, האָבן זיי צוגעזאָגט בלויז גליקן; אָבער ווען מיר זענען געקומען קיין דייטשלאַנד, האָבן זיי שוין גערעדט מיט אַן אַנדער לשון. מען האָט אונז געבראַכט אין די כעמישע פאַבריקן, וו עס האָבן געאַרבעט צענדליקער טויזנטער דייטשע און אויסלענדישע אַרבעטער. דעם ערשטן טאָג האָט קיינער נאָך נישט גע־קענט וויסן גענוי אין וואָס באַשטייט די געפאַר. זיי האָבן אונז אָנגעטאָן אין אַרבעטס־קליידער, ווי שלאָסער, אָדער עלעקטראָ־מאָנטערס; אָבער נאָך אַ טאָג אַרבעט, זענען די קליידער זיך צעפאַלן פון די כעמישע שטאָפן. בפרט, אַז די קליידער זענען במילא געווען פון אַזאַ מין ערזאַץ־שטאָף, ווי פאַפּיר. עס איז אויף יעדן איינעם געלעגן אַ געלקייט, די הויט — ווי אָפּגעשטאָרבן.

פיל פון אונז האָט די גיכע הילף באַלד אָוועקגעפירט אין שפּיטאָל, אין אַ ספּעציעלער זויער־שטאָף־קליניק.

דער ווידערשטאַנד פון דער שקלאַפן־אַרבעט איז געקומען סטיכיש; איבערהויפּט פון אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ טראַדיציע פון אַרבעטער־קאַמפּן. דאָס זענען געווען די חברה פון אפרים־לאַזערס חדר אין לאָדזש, אַרבעטער פון ביאַליסטאָק. דאָס האָט פּאַסירט אויף דער צווייטער וואָך נאָך אונזער אָנקומען אין די דייטשע גיפט־פאַבריקן. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט און באַשלאָסן צו שטרייקן, אויב מען וועט אונז נישט צוטיילן אַן אַנדערע אַרבעט. דאָס אָרט, ווו מיר האָבן געאַרבעט, האָט זיך גערופן קריפּטל־אַם־מיין.

צום באַדויערן, האָבן זיך אויך געפונען מוסרים און זיי האָבן צווישן געגעבן די דייטשן. אָבער דער שטרייק איז דאָך פאָרגעקומען, נאָר אָן די פאַראַנטוואָרטלעכע חברים. ווארום דעם זעלבן אָוונט, ווען די דייטשע חברים האָבן אונז איבערגעגעבן וועגן דער מסירה, איז איבערגעבליבן נאָך אַ פּאָר שעה צו אַנטלויפן. יעדער איינער איז אַוועק אויף אַן אַנדערן וועג. דער טרעפפּונקט איז געווען בערלין. אַ טאָג שפּעטער האָבן מיר זיך גע־טראָפן אין פרץ־פאַראיין. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַ גרופּע טייערע חברים, אַלט־געזעסענע, אָדער צוגערייזטע, ווי חבר פּילאָווסקי, טשענסטאָכאָווסקי, אָווטשאַרעק, ברידער אָסטרוי און נאָך אַ סך. דער פירער פון פרץ־פאַראיין איז געווען דער דעמאָלטיקער זלמן רובאַשאָוו, שפּעטער — דער נשיא פון ישראל, זלמן שזר.

די אַנטלאָפענע חברים האָבן זיך איינגעאָרדנט יעדער אויף זיין אופן. אַ סך האָבן אַרויסגענומען פּעסער מיט פאַלשע נעמען ביים שפּאַנישן קאָנסול, וואָס האָט פאַרטרעטן דעם צאַריש־רוסישן קאָנסולאַט. אָבער די, וואָס זע־נען אַלט געווען נישט מער ווי 16, אָדער 17 יאָר, האָט קיינער נישט געעצהט צו נעמען אַ פאַלשן פּאַס, נישט אויף זיין נאָמען, ווייל זיי האָבן דערנאָך באַצאָלט כפל־כפלים פאַר די עלטערע.

דער גלות האָט זיך אָנגעהויבן מיט די בערלינער תפיסות, אין עטאַפּן־תפיסות. מען האָט זיי אַריבערגעפירט אין אַ ספּעציעלן צוג מיט וואַגאָן־קעמערלעך. אויף ביינאַכט האָט מען אַזאַ עטאַפּניק איינגעזעצט אין דער שטאָט־תפיסה, ביז מען האָט זיי געבערענגט צוריק אין זייער היים־שטאָט.

## דאָס אָנקומען קיין פראַנקרייך דעם 20-טן אַפּריל 1919
## דער ברוך-הבא אין לאַנד פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

מיר זענען בשלום אָנגעקומען אין לאַנד, וווהין עס האָבן אָפּגעריכט גלות אַזעלכע גרויסע גייסטער ווי קאַרל מאַרקס, משה העס, היינריך היינע, און אַנדערע פּאָליטישע עמיגראַנטן, בעת דער פּאַריזער קאָמונע פון יאָר 1871. דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז נאָך אַלץ פאַרשיכורט געווען פונעם זיג איבער דייטשלאַנד. אָבער דאָס פאָלק האָט נישט פאַרגעסן, אַז דער זיג האָט געקאָסט זייער טייער. זיי זענען מאַסנווייז דעם 1־טן מאַי געקומען מאַני־פעסטירן זייער קלאַסן־באַוווסטזיין פון אַרבעטער־פאָלק, און פאָדערן, אַז עס זאָלן אויף להבא מער קיין מלחמות נישט זיין. דער פּלאַץ דע לאַ רע־פּובליק איז געווען פול איבער די ברעגן, מיט טראַנספּאַרענטן און לאָזונ־גען. די מאַניפעסטאַציע פון 1־טן מאַי 1919 איז פאַרבליבן פאַר מיר אומ־פאַרגעסלעך. דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוניכטערן פונעם זיג. זיי האָבן פאַרלאַנגט ברויט, פרייהייט און אַ 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. דערויף האָט די רעגירונג, אין וועמענס שפּיץ עס איז דעמאָלט געשטאַנען זשאָרזש קלעמאַנסאָ, דער „טיגער", מקבל פּנים געווען די מאַניפעסטאַנטן מיט אַ שיסעריי. אָבער דאָס פאָלק האָט זיך נישט דערשראָקן, נאָר געליאַרעמט און גערופן צו די סאָלדאַטן זיי זאָלן זיך פאַרברידערן מיט די מאַניפעסטאַנטן.

און אַזוי איז טאַקע געווען. דערזען די אחדות פונעם פאָלק מיטן מי־ליטער, האָט די רעגירונג געשיקט דאָס שוואַרץ־הויטיקע מיליטער, די סע־נעגאַלער טרופּן. דער פּלאַץ רעפּובליק איז רויט געווען פון פאַרגאָסענעם בלוט. זיי האָבן אָנגעשיקט אויף די אַרבעטער די פּרימיטיווע זעלנער פון שוואַרצן אַפריקע, אין זייער גאַנצער אכזריות.

אַזאַ קבלת פּנים האָבן מיר געהאַט. מיר זענען געווען מיד, נאָך 4 יאָר מלחמה, און דאָס האָט זיך שווער געלייגט אויף די פריש־געקומענע יידן אין לאַנד פון פרייהייט. ווען נישט די עמיגראַציע־שוועריקייטן, וואָלטן מיר ווייטער געפאָרן אין דער וועלט אַריין. מיר זענען פאַרבליבן אינעם לאַנד, ווו מיר האָבן דאָך געפונען אַרבעט און ברויט. דער ישוב איז גע־וואַקסן, אַביסל לייכטער איז געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן, דער עיקר אין די יאָרן פון פאָלקס־פראָנט.

## דער ישובניק אפרים-לאָזער

געווען אַמאָל אַ גרויסע, שיינע יידישע שטאָט אין פוילן — לאָדזש. נישט ווייט הינטער דער שטאָט, נאָך גייערס מאַרק, אויפן וועג, ווו מען פאָרט קיין פּאַביאַניץ, אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף, מיט אַ מאָדנעם נאָמען נאָווע־גראַטקע — דאָרט האָט געלעבט אַ ישובניק מיטן נאָמען אפרים־לאָ־זער. זיין ווייב ברכה־בריינדל האָט אים געבוירן צוויי שיינע קינדער, אַ מיידעלע, וואָס זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן: בלומעלע, און אַ ייִנגעלע, משה׳־קעלע. זיי האָבן באַקומען די פּאַכט בירושה — אַ היפשער שטח ערד, כמעט גאַנץ נאָווע־גראַטקע. זיי האָבן געהאַט פערד, בהמות, עופות און צוויי כל־בים. עס האָבן דאָרט אויך געוווינט פּאַראָבקעס מיט זייערע פאַמיליעס.

רואיק איז געפלאָסן דאָס לעבן אַלע יאָרן. אין איינעם אַ טאָג קומט דאָס ווייבל ברכה־בריינדל צו איר מאַן:

— דו ווייסט, אפרים־לאָזער, שוין צייט אַז אונזערע קינדער זאָלן עפּעס וויסן פון יידישקייט, אַז נישט וועלן זיי גאָר, חלילה, פאַרגעסן אין אונזער יידישן גאָט, דעם פאָטער אין הימל.

— ביסט גערעכט — האָט אפרים־לאָזער געזאָגט.

ס׳איז געווען אין דעם זומער, ווען אין דער פּאַכט זענען אָנגעקומען אַ מחנה יידישע קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך, באַגלייט דורך אַ מדריך, ווי אמתע סקויטן, באַלאָדן פון קאָפּ ביז די פיס.

דאָס האָט דעם ישובניק דערפרייט, גאָר באַזונדער זיינע קינדער.

— היתכן? — האָט געפרעגט אפרים־לאָזער — וואָס עפּעס אין אַ פּראָסטן מאַי־טאָג?

דערויף האָט דער דער מדריך געענטפערט:

— זייט וויסן, אַז היינט איז ביי אונז יידן ל״ג בעומר, און דערפאַר

מאַכן יידישע תלמידים אויספלוגן, כדי צו דערמאָנען אונזער גבורה פון אַמאָל, אין ארץ ישראל...

— אויב אַזוי — זאָגט אפרים־לאָזער צו זיין ווייבל ברכה־בריינדל — גרייט צו אַ שיינע סעודה פאַר יידישע קינדער, וואָס טוען ממשיך זיין אונזערע טראַדיציעס, און זאָל זיין ששון ושמחה ביי אונז.

די קינדער, דערהערנדיק עס פון זייער פאָטער, זענען געקומען צו דער מוטער מיט אַ בקשה, זיך אַנצושליסן צו דער מחנה. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווי זיי וועלן פאַרברענגען צווישן יידישע קינדער. די מסיבה, וואָס די מוטער זייערע האָט צוגעגרייט, איז געווען אין לשער, און אפרים־לאָזער האָט זייער געלויבט זיין ווייב, וועלכע איז געווען גליקלעך און צערויטלט:

— הער זיך איין, אפרים־לאָזער — האָט זי געזאָגט צום מאַן — מיר האָבן דאָך גערעדט, אַז די קינדער אונזערע דאַרפן לערנען אַביסל יידישקייט. טאָ לאָמיר בעטן דעם מדריך פון דער מחנה, אַז ער זאָל אונז געבן אַן עצה.

אפרים־לאָזערן איז עס זייער געפעלן געוואָרן. ער איז צוגעגאַנגען צום מדריך און אים געפרעגט:

— ווי רופט מען אייך?

— אברהם — ענטפערט יענער.

— איך וויל זיך מיט אייך עצהנען, ווי אַזוי מיינע קינדער זאָלן עפּעס וויסן וועגן יידישקייט.

— מיר וועלן עס אַלץ געניוי באַטראַכטן אויף אַ פאַרזאַמלונג און אייך געבן אַ באַשייד. זייט זיכער אַז אייערע קינדער וועלן דערצויגן ווערן אין יידישן גייסט, ווי אייער פרוי ווינטשט עס.

א ישובניק איז אָפּגעריסן פון יידישן לעבן און וויס ווייניק וואָס עס טוט זיך אין אַזאַ יידישער שטאָט ווי לאָדזש.

— מיר האָבן — זאָגט דער מדריך — ברוך השם אין לאָדזש יידישע שולן, מכל המינים, וואָס דערציען יידישע קינדער אין יידישן גייסט. אַזוי ווי אייערע קינדער זענען נאָך יונג, וועלן מיר שיקן אין אייער דאָרף באַווא גראַטקע אַ לערער, ווי מען האָט עס אַמאָל געטאָן און געברענגט צו יידישע קינדער אַ מלמד. ביי אונז איז מער וועלטלעך.

— אַוודאי וועלן מיר מסכים זיין. אדרבא. זעט ווי אונזערע קינדער האָבן זיך עס דערפרייט.

— איצט, ר׳ אברהם, אַזוי ווי די נאַכט פאַלט באַלד צו, בעט איך אייך צו באַגלייטן אונז כאָטש ביז גייערס מאַרק. וואָרעם דאָרט האָבן מיר שוין דעם טראַמוויי. מיר דאַנקען אייער ווייב פאַר די גוטע יידישע מאכלים. האָט נחת פון אייערע קינדער, און לאָמיר דערלעבן דערלייזט צו ווערן פון גלות און צוריק אויפבויען ארץ ישראל...

אפרים־לאָזער האָט גערן אָפּגעפירט צוריק די קינדער ביז גייערס מאַרק, די מחנה סקויטן פון לאָדזש. דער מדריך אברהם איז געזעסן פון פאָרנט,ביים אָנטרייבן די פערד. ברכה־ברײַנדל האָט געפאָכעט מיט דער האַנט:

— פאָרט געזונטערהייט, קינדערלעך. און מערטשעם איבער אַ יאָר ל״ג בעומר וועלן מיר זיך ווידער דאָ טרעפן.

אפרים־לאָזער פאָכעט מיט דער בייטש, און דער מדריך ווענדעט זיך צום ישובניק:

— זאָגט מיר, ר׳ אפרים־לאָזער, ווי קומט עס, וואָס איר האָט זיך אָפּ־געזונדערט פון אַזאַ גרויסער יידישער שטאָט?

— אַ, וועגן דעם איז פיל צו רעדן. אַ סך טרערן זענען פאַרגאָסן גע־וואָרן פון מיין מוטערס אויגן. די מעשה נורא איז אַזוי: מיט אַ שיינע פּאָר יאָר צוריק, ווען איך בין באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט, האָב איך מיט נאָך אַ פּאָר חברים באַשלאָסן עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. האָבן מיינע עלטערן ע״ה געטענהט: אויב דו ווילסט דווקא אַוועק קיין ארץ ישראל אויפלעבן דאָס לאַנד פון אונזערע אבות, לערן זיך צוערשט אויס באַאַרבעטן די ערד.

אַזוי איז דער לאָדזשער בחור אפרים־לאָזער געוואָרן אַ ישובניק. ער האָט זיך פאַרליבט אין דעם מיידל ברכה־ברײַנדל, וואָס האָט געירשנט דעם פאָלוואַרק נאָווע גראַטקע.

— איר פאַרשטייט שוין איצט ווי אַזוי אַ ייד ווערט פאַרוואָרפן אין אַזאַ העק? אָבער מיר לעבן דאָ בשלום, אַרבעטן. די קינדערלעך זענען אונטערגעוואַקסן, געראָטן. אַז גאָט וועט העלפן, וועלן מיר אין אַ טאָג מקיים זיין דעם ווונטשט, עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, צוזאַמען מיט אונ־זערע קינדערלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז אברהם דער מדריך, איז געווען זייער צופרידן פון דעם, וואָס דער ישובניק האָט אים דערציילט בעתן צוריקקער קיין לאָדזש. די גאַנצע מחנה סקויטן האָט געדאַנקט אפרים־לאָזערן פאַרן פאַרברענגען ביי אים אין הויז, אין פּאָלוואַרק, און פאַרן באַגלייטן זיי ביז גייערס מאַרק מיט זיין ברישקע, מיט די צוויי פערדלעך באַשפּיץ.

— גיט איבער אייער פרוי און קינדער, בלימען און משהקען, אונזער סקויטישן גרוס. זאָגט זיי, אַז מיר וועלן דעם ל״ג בעומר קיינמאָל נישט פאַרגעסן — האָט דער מדריך אברהם זיך אָנגערופן — וועגן אַ צווייטן אויספלוג קיין נאָוואָ גראַטקע, צו אונזער ישובניק וועלן מיר באַטראַכטן צווישן אונז.

דערויף האָבן די קינדער אויסגעשריגן:

— חזק ואמץ!

דער ישובניק אפרים־לאָזער האָט אויסגעדרייט די ברישקע, אַ שמיץ געטון מיט דער בייטש און מיט אַ פריילעכן ווי־אָאָ! אָוועקגעלאָזן זיך פון גייערס מאַרק. תיכף זענען אָנגעקומען טראַמווייען און די קינדער זענען איינגעשטיגן. זיי זענען געפאָרן אין זייער קלוב, צום יום־טוב־אָוונט, אָפּ־צוגעבן אַ באַריכט פונעם אויספלוג.

דאָרט האָבן זיי אויסגעהערט אַן איבערבליק פונעם חבר מולא וועגן דער באַדייטונג פון ל״ג בעומר. די קינדער האָבן זיך צוגעהערט אויפמערק־זאַם. זיי האָבן געשטעלט פראַגן, און עס איז געווען אַ פריילעכע אַטמאָספער.

ווען אפרים־לאָזער איז צוריקגעקומען צו זיך אין נאָוואָ גראַטקע, האָבן אים שוין אָפּגעוואַרט די פאַראַבקעס. זיי האָבן אויסגעשפּאַנט די פערדלעך, זיי אַריינגעפירט אין שטאַל. ברכה־ברײנדל מיט די קינדער זענען געשטאַ־נען אויפן גאַניק און אפרים־לאָזער האָט זיי איבערגעגעבן דעם סקויטישן גרוס: חזק ואמץ!

— אַצינד — זאָגט אפרים־לאָזער צו זיין ווייב — קענען מיר זיין זי־כער, אַז בלימעלע און משהקעלע, וועלן האָבן אַן אמתע יידישע דערציאונג, ווארום די לאָדזשער פאָלקס־שול האָט גענומען די קינדער אונטער זייער השגחה. קודם וועט קומען אַ לערער צוויי מאָל אין דער וואָך, כדי זיי צו־גרייטן אויפגענומען צו ווערן אין דער שולע. דעם לערער וועל איך ברענגען יעדעס מאָל, ווען איך פאָר קיין לאָדזש באַזוכן די קליענטן.

— זאָל זיין מיט מזל! — האָט ברכה־ברײנדל אויסגערופן — איך

בין שוין לאַנג געפאַלן אויפן געדאַנק צו געבן אונזערע קינדער אַ יידישע דערציאונג.

און עס איז געווען ווי אפרים־לאַזער האָט אָפּגעמאַכט מיטן מדריך אברהם. די קינדער האָבן זייער פיל באַוויזן, עס איז געקומען די צייט, און די ישובניקעס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין דער פאָלקס־שול קיין לאָדזש אויף אַ גאַנצער וואָך, דאָס הייסט פון זונטיק ביז שבת. די עלטערן זענען געווען צופרידן, כאָטש זיי האָבן אַ גאַנצע וואָך געבענקט נאָך די קינדער. אָבער יעדן שבת, ווען די קינדער זענען צוריקגעקומען אַהיים, האָבן זיי דערציילט וועגן זייער לערנען, וועגן זייערע קעסט ביי דער משפּחה פון לאָדזש, האָבן די עלטערן געשעפּט נחת. משהקעלע האָט זיך געוואָנדן צו די עלטערן:

— מיר פאַרשטייען זייער גוט די טרחא, זיין יידן, לערנען יידישקייט, אָבער אַז איר וועט דאַרפן וואַרטן פון איין שבת צום אַנדערן... און דאָס אַנדערע יאָר וועלן מיר איבערגיין אין אַ טעכנישער שולע, ווייל עס וועט קומען דער טאָג ווען איך וועל עולה זיין קיין ארץ ישראל. די ענגלישע מאַכט גיט סערטיפיקאַטן...

די מוטער האָט שוין באַצייטנס געווישט די טרערן. אָבער אפרים־לאַזער האָט זי באַרואיקט מיט טרייסט־ווערטער, און ער האָט זיך דערמאָנט וואָס מיט אים גופא האָט פּאַסירט, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור. „איך האָב דאָך געוואָלט — האָט ער געזאָגט — אַז די קינדער זאָלן דערצויגן ווערן אין יידישן גייסט“. אויך די קינדער האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס זייער דערוווייטערן זיך פון דער היים, האָט אַרויסגערופן אַזאַ בהלה ביי דער מוטער. זיי האָבן זיך דאָך מיט אַזאַ אינטערעס צוגעהערט, וואָס די קינדער האָבן זיי דערציילט פון דער שולע. משהקע האָט רעציטירט די פּאָעמע פון י. ל. פּרץ „מאָניש“, און בלימעלע — אַ העברעאיש ליד פון י. קאַצענעלסאָן.

— ביסט באַגאַנגען אַ פעלער — האָט בלימעלע געזאָגט איר ברודער — וואָס האָסטו פּלוצים אַלץ אויסגעזאָגט, דיין באַשלוס — עולה צו זיין קיין ארץ ישראל?...

— אפשר בין איך טאַקע באַגאַנגען אַ פעלער. ווי אַזוי זאָל איך עס איצט אויסבעסערן?

— איך וועל שוין דער מאַמען אויפקלערן דיינע סענטימענטן צו ארץ ישראל.

און ווי נאָר זי האָט געוואָלט רעדן מיט דער מוטער, האָט אפרים־לאָזער זי אָפּגעהאַלטן, דער טאַטע:

— רעד נישט דערווייל, איך האָב איר שוין גענוג אויפגעקלערט. איך האָב איר דערציילט וועגן מיינע אייגענע איבערלעבונגען, ווען איך בין נאָך געווען אַ יינגל, און ווי אַזוי מיינע עלטערן האָבן געהאַט צרות פון מיין באַשלוס צו פאַרלאָזן דעם גלות, און פאָרן בויען אונזער לאַנד. האָבן מיר די עלטערן געזאָגט כ׳זאָל קודם חתונה האָבן און שפּעטער וועל איך טאָן ווי איך פאַרשטיי. איצט, מיט 20 יאָר שפּעטער, לעבנדיק דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם נאָווא־גראַטקע, האָט זיך איבערגעחזרט די זאַך מיט דיין ברודער. וואָס זשע קענען מיר טאָן, כדי משהקען אויפצוקלערן, אַז גראָד איצט, ווען מיר האָבן קיין עין הרע נחת פון אייער לערנען, און פרנסה פעלט אונז נישט, האָט משהקע פאַרשטאַנען דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרשטאַנען.

— טאַטעשי — האָט בלימעלע געזאָגט — איך וועל שטאַרק בענקען, ווען משהקע וועט אונז פאַרלאָזן, אָבער מיר מוזן דאָך צוריק באַזעצן אונזער ארץ ישראל. מיר חזרן כסדר איבער: לשנה הבאה בירושלים! ווער זאָל עס טאָן, אויב נישט אונזער יוגנט? דאָס האָב איך אויפגעקלערט דער מאַמען...

— דאָס — זאָגט דער פאָטער — לאָז איבער פאַר מיר. נאָך היינט וועל איך זיך זען מיט אברהמען, דעם פּעדאַגאָג, און אַדורכשמועסן די גאַנצע זאַך. אפשר וועלן מיר געפינען אַן עצה.

אָבער בלימעלע זאָגט איר פאָטער, איידער ער פאָרט קיין לאָדזש, אין דער טעכנישער פאַלקס־שולע, אַז צווישן דער גרופּע חלוצים איז זי נישט אָנגעשלאָסן. אַזוי האָט באַשלאָסן דער קאָמיטעט פאַר עליה.

— זייער פיין, וואָס דו האָסט עס מיר געזאָגט. אָבער ווי קומט עס? וואָס, איר האָט באַהאַלטן פאַר אייערע עלטערן דעם גאַנצן סוד פון דעם אָפּפאָר פון די חלוצים?

— ווייל מיר האָבן געוואָלט אייך פאַרשפּאָרן עגמת נפש.

ער איז געווען צופרידן, דער פאָטער, און אויפן גאַנצן וועג קיין לאָדזש האָט ער געטראַכט מיט צופרידנקייט, אַז ער האָט גאָרנישט גע־

וווסט אַז זיין טאַכטער פאַרמאָגט אַזויפיל חכמה. נאָר איין זאַך — פאַרוואָס האָט משהקע נישט גערעדט מיט מיר? און אַזוי האָט ער אויך דערנאָך גע־טענהט צו אברהמען, דעם מדריך, דער פּאַקטישער אָנפירער פון דער עליה. אויסער דעם, איז ער נאָך עפּעס געוואָר געוואָרן: די חלוצישע באַ־וועגונג לייגט פאָר, אַז נאָווא־גראַטקע זאָל ווערן אַן הכשרה, כדי צו לער־נען ערד־אַרבעט די חלוצים.

אפרים־לאָזער האָט נישט דערוואַרט אַזאַ וואַרעמע אויפנאַמע. מען האָט אים פאַרגעשטעלט פאַרן גאַנצן קאָמיטעט פון דער חלוצישער באַווע־גונג. ער האָט דאָרט דערקענט אייניקע באַקאַנטע, און זיי האָבן זיך דער־מאָנט די אַמאָליקע יאָרן, ווען זיי האָבן געחלומט צו פאַרלאָזן דעם גלות.

— מיר שטייען ווידער פאַרן זעלבן פּראָבלעם! — טענהן זיי צווישן זיך, די אַמאָליקע חברים, וואָס האָבן גערינט פרעמדע...

— אָבער איצט, אפרים לאָזער — זאָגט זיין חבר לייביש — שטייען מיר פאַר דעצידירנדיקע מאָמענטן. אונזערע קינדער ווילן פאַרווירקלעכן אונזער חלום!

אפרים־לאָזער איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון די ווערטער. דאָס הייסט, אַז זיי האָבן די זעלבע פּראָבלעמען מיט זייערע קינדער.

— פאַר אונז איז וויכטיקער — זאָגט דער חבר שלמהקע — אַז מיר זאָלן זיך האַלטן פעסט ביי די באַשלוסן, וואָס מיר וועלן אָננעמען.

מיט דעם זענען אַלע מסכים געווען. תיכף האָט אברהם גערופן די חברים פון קאָמיטעט צו פאַרנעמען פלעצער. אויך אפרים־לאָזער ווערט גע־בעטן צו פאַרנעמען פּלאַץ אַלס גאַסט, און בייוווינען די זיצונג. בפרט, ווען עס האַנדלט זיך איינצואָרדענען די הכשרה ביי אים אין פאַכט. די פאַר־זאַמלטע האָבן אויסגעהערט אַן אויספירלעכן רעפעראַט וועגן חלוציזם. עס איז אַרומגערעדט געוואָרן ווי אַזוי אויסצופירן די דרינגענדיקסטע אַרבעטן, וואָס שטייען פאָר, סיי דאָ, אין גלות, ווי אַזוי צו פאַרזיכערן די חלוצים ביי זייער אָנקומען אין ארץ ישראל.

אפרים־לאָזער איז געווען זייער גוט געשטימט. ער האָט זיך געזעגנט מיט אַלע חברים, וואָרעם ער וויל זיך נאָך זען מיט זיין זון, איידער ער פאָרט אַוועק. ער איז אַרויס פון דער פאַרזאַמלונג און געטראָפן זיינע קינ־דער מיט נאָך אַנדערע, וועלכע זענען געקומען זיך דערוויסן נייעס. ער האָט

באַגריפֿן די אָפּפֿערווילִיקייט פֿון אָט דער יוגנט, אויפֿצולעבן די ערד פֿון אונזערע אבֿות.

ברכה־ברײַנדל האָט תּיכּף דערקענט די גוטע שטימונג זײַנע, ווען ער איז אַהיימגעקומען. האָט זי באַשלאָסן אַלץ צוצוגרייטן, אַלץ דערליידיקן, ווי ער האָט ליב, צו קענען שמועסן געמיטלעך. ער האָט זיך געזעצט צום טיש, וואָס איז שוין געווען געגרייט, און תּיכּף גענומען דערציילן וועגן אַלץ, וואָס ער האָט געזען און געהערט אין לאָדזש, זײַן אונטערהאַלטן זיך מיט די פֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿון דער חלוצישער באַוועגונג. זי האָט נישט גע־וואַגט אים איבערצורײַסן. ער האָט זי אַרומגענומען, ווי אין די ערשטע טעג פֿון זייער צוזאַמענלעבן, אויסגעווישט אַ טרער אין איר אויג.

— כ׳בין צופֿרידן — האָט זי געזאָגט — וואָס מיר וועלן העלפֿן צו־גרייטן אונזער יונגוואַרג צו באַאַרבעטן די ערד אין אונזער אייגן לאַנד. אונזער משהקע... ער פֿאָרט טאַקע מיט דער ערשטער גרופּע חלוצים?

— יאָ, אָבער אונזער טאָכטער בלימעלע בלײַבט דערווײַל מיט אונז. לאָמיר האָפֿן, אַז עס וועט זיך אויספֿירן ווי אונזערע עסקנים האָבן פֿאָרגע־לייגט און ווי מיר ווינטשן זיך.

ביי די ישובֿניקעס אין נאָוואָ גראַטקע איז געווען ששון ושמחה. אַלץ האָט זיך געגרייט מקבל פּנים צו זײַן די חלוצים. עפּעס אַ קלייניקייט, יידישע קינדער וועלן לערנען ערד־אַרבעט אין דער הכשרה! אפֿרים־לאָזער האָט אָפּגעגעבן אַ ספּעציעל הויז פֿאַר זיי, ווו זיי וועלן קענען לער־נען אַגריקולטור. ער האָט זיך פֿאַרשטענדיקט מיט דער חלוצישער עקזע־קוטיווע פֿון לאָדזש, און זיי האָבן דאָרט אויך צוגעזאָגט פֿינאַנציעלע הילף. ער האָט באַשלאָסן אײַנצוקויפֿן די נויטיקע מכשירים. און ביי דער געלעגנהייט — זאַכן פֿאַר משהקען, אויסצוריכטן אים אין ווייטן וועג אַרייַן. ביי דער מוטער איז דאָס געווען ווי אַן אויסשטײַער צו משהקעס חתונה. אָבער בלימעלע האָט פֿאַרזיכערט דער מוטער:

— איך שווער דיר, מאַמעשי, דיך נישט צו פֿאַרלאָזן ביז דעם טאָג, ווען מיר אַלע וועלן פֿאָרן אין אונזער אייגן לאַנד. דאָס וועט זײַן אונזער אמתע דערלייזונג, צו פֿאַרלאָזן דעם גלות...

לכּבֿוד דעם אָפּפֿאָרן פֿון די חלוצים, האָט דער לאָדזשער קאָמיטעט צוגעגרייט אַ פֿייערלעכן אָוונט, און דאָס גאַנצע יידישע לאָדזש האָט זיך

משמח געווען. ביי זייער אָפּפאָרן איז די גאַנצע דזשעלבע גאַס פול געווען מיט מענטשן. דאָס גאַנצע יידישע לאָדזש האָט געיובלט.

עס איז אין שטאָט נישט געווען אַזאַ גרויסער זאַל, צו קענען אריינ־נעמען אַזאַ עולם, בייצוווינען דעם פייערלעכן אָוונט, צום געזעגענען די אָפּפאָרנדיקע חלוצים.

דעם פאָרזיץ האָט געפירט דער חבר מולא. קודם כל האָט ער באַ־גריסט די גרויסע צאָל דעלעגאַטן, וואָס זענען געקומען פון גאַנץ פוילן, כדי אויסצודריקן זייער התלהבות די חלוצים, אין נאָמען פון זייערע קהילות.

אַ סך לאָדזשער פאַראיינען האָבן זיך געפונען אויף דער גאַס מיט זייערע פענער, לעבן יידישן טעאַטער. אויף די פענער האָט מען געקענט לייענען: זייט אונזערע אמתע שליחים אין ארץ ישראל, פאַר אַ באַלדיקער דערלייזונג פונעם לאַנד פון אונזערע אבות!

עפּעס אַנדערש איז געווען די שטעלונג פון די לאָדזשער בונדיסטן. זיי האָבן אַגיטירט קעגן דעם אָפּפאָר פון די חלוצים, אָבער דערמיט איז דער אָוונט נישט געשטערט געוואָרן. פּונקט פאַרקערט, ווען דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער עולם זיך געלאָזט צו דער באַן, בראש פון די חלוצים, באַגלייט פון זייערע עלטערן.

אָבער גאָר שיין איז געווען, ווען אפרים־לאָזער מיט זיין קאָטש און די צוויי פערדלעך, זענען געפאָרן נאָשפּיק. עס איז געווען אַ שיינע לאָזונג אויף זיין קאָטש: די הכשרה פון נאָוואַ גראַטקע באַגריסט האַרציק די חלוצים מיט דעם גרוס: חזק ואמץ!

אַלע מענטשן האָבן באַגריסט אפרים־לאָזערן אין זיין קאָטש, און זיין ווייב ברכה־בריינדל מיט זייער טעכטערל בלימעלע, וועלכע איז געזעסן ביי דער זייט פון אירע עלטערן.

אַזוי האָבן זיי געהאָלפן דעם חלוצישן ציל פאַר אונזער ארץ ישראל, עד לעולם ועד.

## דער גרויסער אויפברויז פונעם ישוב אין 1939

און אָט האָט זיך אָנגערוקט, ווי אַ פינצטערער וואָלקן, די היטלערישע אינוואַזיע אויף פראַנקרייך. אַ היפּשער טייל פונעם ישוב האָט זיך פריי־וויליק אַנגאַזשירט, צו גיין קעמפן קעגן נאַצי־דייטשלאַנד. דער קאַמף איז אויך געווען זייערער. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט די „דראָל־דע־גער", אָדער — „די קאָמישע־מלחמה". פּאָל רענאָ, דער פּרעמיער־מיניסטער און גאַמלען דער שעף פון גענעראַל־שטאַב, האָבן איבערגעגעבן דעם מאַר־שאַל פּעטען דעם גורל פון פראַנקרייך אין זיינע פאַרעטערישע הענט. דע גאָל איז אַוועק קיין לאָנדאָן, צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד. פון דעם מאָמענט הייבט זיך אָן דער ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס אין פראַנקרייך.

## די ערשטע שוואַלבן פון ווידערשטאַנד קעגן די היטלעריסטן

דער פּראָגרעסיווער טייל פונעם יידישן ישוב האָט באַלד זיך גע־שטעלט אין באַוואָפנטן קאַמף, אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. די באַוועגונג האָט זיך גערופן מיט פאַרשידענע נעמען: פּאַרטיזאַנער, ווידער־שטענדלער, „פראַן־טירער". אין דער „דרום־זאָנע" איז פאַר יידן געווען לייכטער, באַלד נאָכן „עקזאָד" אין יוני 1940, דער עיקר די, וואָס האָבן געהאַט מאַטעריעלע מעגלעכקייטן.

אין פּאַריז האָבן זיך איינגיכן אָנגעהויבן די „ראַפלען", מען האָט גע־שיקט יידן אין די לאַגערן קיין פּיטיוויע, באָן לאַ ראָלאַנד; דאָס האָט כלומרשט געהייסן פאַר די פראַנצויזן, אַז די דייטשן ווילן באַפרייען

פראַנקרייך פון אויסלענדער־יידן. אָבער דעם 16־טן יולי 1942 האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן מיינען דערמיט אַלע יידן אָן אויסנאַם. אפילו די ווישי־רעגירונג פון פעטען האָט עס אויך נאָכגעטון.

הלוואי וואָלטן די רופן און וואָרענונגען פון די ווידערשטענדלער דער־הערט געוואָרן, וואָלטן אפשר געווען פיל ווייניקער יידישע קרבנות. עס וואָלט אפשר פאַרשפאָרט געוואָרן דאָס פאַרפּאַקן טויזנטער יידן אין „וועל־לאָדראָם ד'היווער". אַדאַנק די נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע יידן, וואָס האָבן געמאָנט און געוועקט, האָבן זיך פיל יידן געראַטעוועט און זענען צוגע־שטאַנען צו דער ווידערשטאַנד.

דער טאָג פון 16־טן יולי 1942 איז געווען פאַר יידן אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס קען נישט פאַרגעסן ווערן. צעמזיקטע, פאַרחלשטע, האָט מען יידישע פרויען, מענער, קינדער פאַרשפאַרט אין דעם „וועלאָדראָם ד'היווער". זיי זענען דאָרט געשלאָפן אויף דער הוילער ערד, אָן שום היגיענישע באַדינ־גונגען. מיט אַ צאַפּלדיקער נשמה, האָבן זיי געוואַרט, געהאָפט. לסוף האָט מען זיי דעפּאָרטירט. אַ קליינע צאָל האָט דערלעבט די נחמה. ס'רוב האָבן אויסגעהויכט די נשמה זייערע אין די גאַז־אויוונס.

כמעט אין דער זעלבער צייט נאָכן אָנקומען אין דער פרייער זאָנע פון מיינע בני בית, און דערוויסנדיק זיך וועגן די מאָנסטרועזע אָבלאַוועס דעם 16־טן יולי 1942, האָב איך אָנגעשריבן, עס האָט זיך אייגנטלעך אַרויסגעריסן ביי מיר, אָט דער וויי־געשריי:

## דער 16 - טער יולי 1942, בימי היטלער ימח שמו

אין גרויען באַגינען פון טאָג,
האָבן יידן דערוואַכט אין פּחד און קלאָג.
אַ בהלה! נאַצישע חילות, מיט פעטעניסטישע באַגלייטער,
זענען געקומען רויבן ס'לעבן, לויטן באַפעל פון גאולייטער.
יאוש און פאַרצווייפלונג אין אַלע יידישע שטובן,
קליין און גרויס, אַלט און יונג, אַ חורבן.
אַ שמירה פאַר יעדן יידישן הויז,

ס'זאָל חלילה קיין ייד פון דאָרט נישט אַרויס.
געשרייען, געוויינען, חלשות און בהלות,
דערגייען עד שערי השמים, באַגלייט מיט קללות.

ליאָן, חודש יולי, 1942.

נאָכן גרויסן יידישן חורבן אין פּאַריז, זענען ערשט אָנגעקומען די נייעסן פון אַנדערע טיילן לאַנד, פון גאַנץ אייראָפּע, דאָרט, ווו דער היט־לעריזם האָט נאָר זיינע שמוציקע שטיוול אַריינגעשטעלט. צוגלייך דערמיט האָט די רעזיסטאַנס גענומען אויספירן סאַבאָטאַזש־אַקטן.

דער 11־טער נאָוועמבער 1942 איז אין ליאָן געוואָרן אַ טראַדיציע פון אַן אַלגעמיינער אַקציע קעגן שונא. די ריזיקע איז געווען אַ גרויסע, ווארום די ווישי־לייט האָבן געאַרבעט האַנט אין האַנט מיט די ס. ס.־לייט. יעדע רעזיסטאַנס־גרופּע האָט געהאַט אירע אויפגאַבן דורכצופירן, אירע אַקציעס. אַזוי איז פאָרגעקומען אַן אַקציע אין דער ליאָנער פאַבריק פון לעדער־אויסאַרבעטונג. די פאַבריק האָט געאַרבעט פאַר די הענקערס. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דעם 11־טן נאָוועמבער מוז די אַרבעט אומעטום אָפּגעשטעלט ווערן אויף אַ פּאָר שעה.

מיר זענען אַרויף אין דער פאַבריק. דער קאָנטרעמעטער האָט נישט געוואָלט הערן פונעם אָפּשטעלן די אַרבעט און געדראָט מיט מסירה.

## די פּראָוואָקאַציע און מסירה אין ליאָן - ווילערבאַן

אין אַ שיינעם פרימאָרגן קומט אָן אַ ידיעה צו דער רעזיסטאַנס, אַז מען מוז שנעל אָפּרופן אַ גרופּע, וועלכע איז קאָמפּראָמיטירט דורך אַ מסור. תיכף האָט מען זיך גענומען גרייטן, נאָר ביז וואָס־ווען... קלאַפּט מען שפּעט ביינאַכט אין די טירן פון די ווידערשטענדלער. זיי האָבן אַלע גע־האַט פאַלשע דאָקומענטן. עס איז געווען 1 אַזייגער ביינאַכט. אויסגעגנג פון די דירות זענען דאָ געווען, אָבער די ווישי־פּאָליציי, באַגלייט מיט געסטאַפּאָ־לייט, שטייט אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. וואָס טוט מען? פון דער גאַס קען

דער שונא נישט אַריין. מיר פאַרשפּאַרן די טיר פון קאָרידאָר, און אין טיר קלינגט דאָס גלעקל.

תיכּף אָריענטיר איך זיך, פאַרמאַך דעם עלעקטרישן זייגער. מען הערט מער נישט קיין שום קלאַנג. מיר לאָזן זיך אַראָפּ אין קעלער־אַרויסגאַנג, כּדי צו אַנטרינען, שטיל, אַז דער שונא זאָל גאָרנישט הערן די טריט פון קיינעם. דער פאַראַנטוואָרטלעכער חבר טוט זיך גלייך אַ לייג אַרויף אויף דער טיר און די פיס פאַרוואָרפן אויף דער וואַנט קעגנאיבער, אַזוי ווי אַ באַריקאַדע. אָבער פון יענער זייט האָבן זיי זיך אויך געוואָרפן אויף דער טיר. דערנאָך איז שטיל געוואָרן. זיי זענען אַוועק, זעט אויס, כּדי צו ברענגען אַ שלאָסער, אויפצוברעכן די טיר.

דערווייל זענען די ווידערשטענדלער אַנטלאָפן דורך אַן אַנדערן אַרויסגאַנג און ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט; עס איז געווען אַ גרופּע פון דריי חברים, און אַ מוטער פון 3 קינדער. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָבן זיך אַלע ווידער צוזאַמענגעטראָפן אין אַן אומלעגאַלער דירה. זיי האָבן זיך אַלע געווונטשן מזל־טוב, אויסגעמישט מיט געוויין און געלעכטער.

דאַן האָבן זיי באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין גרענאָבל, אין דער זאָנע, באַזעצט דורך די איטאַליענער.

## אין ליאָן - ווילערבאַן, דעם 11 - טן נאָוועמבער 1942

אין דער שיינער האַלבער נאַכט,
ס'הויז באַלאַגערט, פון עס־עס.
מיינע בני־בית זענען דאָרט געווען.
אַ יינגעלע פון אַ יאָר פיר,
די מיידלעך האָבן שטיל געיאָמערט.
די ס.ס. - מערדער באַלאַגערן שוין די טיר,
פון די פּאַרטיזאַנער איז איינער לעבן איר.
די קעלער־טיר מוז אָפן זיין,
פּאַרטיזאַנער, פאַרפעסטיקן די טיר,
מיט די פיס אין וואַנט פאַרפּאַנצערט איר.
פּלוצים, ווי אַ הינטיש געביל:

„דיזע יודען־באַנדע ווירדן הויטע גענאָמען"...
אָבער די געשטורעמטע טיר איז ווי פון שטאָל;
רוצחים האָבן אונז געוואָלט פאַנגען,
האָבן מיר פאַרגרייט אייזן־שטאַנגען.
דער קאַמף געדויערט האָט פון חצות אָן,
ביזן ערשטן קריי פון האָן.

ליאָן, דעם 11־טן נאָוועמבער, 1942.

## גרענאָבל (איזער) די קאַפּיטאַל־שטאָט פון דער רעזיסטאַנס

דאָס פאָרן קיין גרענאָבל איז צוגעגאַנגען זייער לייכט, אונטער דער אָקופּאַציע פון פאַשיסטישן איטאַליע. אין פאַרגלייך מיט דער גרענעץ פון דייטשע פאַשיסטן, איז עס געווען אַ שפּילעכל. אַז איר זענט אָנגעקומען פון פּאַריז קיין דאַקס, האָט איר באַדאַרפט נעמען אַן אויטאָקאַר, אַריינצופאָרן אין דער „פרייער זאָנע". דאָ האָט מען באַדאָרפן אַדורכפאָרן אַ נאָמאַנס־לאַנד־זאָנע פון עטלעכע קילאָמעטער. אָבער כאָטש אויף יעדן בוים, אָדער טעלעפאָן־סלופּ אויפן גאַנצן וועג זענען געווען צעהאַנגען מעלדונגען, אַז „אין נאָמאַנסלאַנד טאָרן קיין יידן, הינט און חזירים נישט באַטרעטן", האָט מען זיך לייכט געקענט דורכגליטשן. יידן האָבן זיך צעוויינט פון פרייד, דערלעבנדיק אַריינצוקומען אין דער זאָנע.

נאָכן געראַנגל צווישן לעבן און טויט, זענען מיר אָנגעקומען קיין גרע־נאָבל. מיר האָבן געהאַט דאָס געפיל, ווי מיר וואָלטן צוריקגעפאָרן פון פראָנט, פון אַ גרויסער שלאַכט. ערשט אויפן פערטן טאָג, נאָכן אַרומוואַל־גערן זיך אויף צופעליקע געלעגערס, איז אָנגעקומען די פאַרבינדונג, און מיר האָבן באַקומען אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ.

דאָ האָט די טעטיקייט זיך צוריק אָנגעפאַנגען, אין אַ גרעסערן מאָס־שטאַב. מען האָט אונז אָנגעטרויט די סינדיקאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט פיל פאַבריקן, וווהין מען האָט צוגע־שטעלט „ליטעראַטור". גלייכצייטיק זענען דאָרט רעקרוטירט געוואָרן חברים פאַר פאַרשידענע אַקציעס. עס איז נישט איין מאָל אויסגעקומען צו

זען דעם מלאך המוות פאַר די אויגן, אָבער דער מסירת נפש פון יעדן איי־נעם איז געווען אָן אַ גרענעץ. פיל חברים זענען געפאַלן אין קאַמף.

אַזוי איז דער קאַמף געגאַנגען טאָג־טעגלעך, ביז אין איין שיינעם טאָג פון חודש יולי 1943 איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער אַבדיקאַציע פון איטאַליענישן קעניג און וועגן דעם אַז ער בעט אַרמיסטיס.

אין דער זעלבער נאַכט זענען פאַרגעקומען קאַמפן צווישן דייטשן מי־ליטער מיט די איטאַליענער. פון אַלע זאַנעס איז געוואָרן איין זאַנע. פון דעם טאָג אָן האָט די נאַצי־בעסטיע פאַרשפּרייט אירע שוואַרצע פליגל איבערן גאַנצן לאַנד. זי האָט אַרומגערינגלט די איטאַליענישע אַרמיי, אָבער אַ סך פון די איטאַליענער האָבן דעזערטירט, פיל האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אַלגעמיינעם ווידערשטאַנד, אין קאַמף קעגן דייטשן שונא.

## די ס. ס. - באַנדע קומט קיין גרענאָבל, נאָכן דעבאַרקירן

ווען דער קעניג עמאַנועל פון איטאַליע האָט אַבדיקירט, האָט געבעטן אַרמיסטיס, האָט די היטלערישע בעסטיע בליץ־שנעל באַהערשט די לאַגע, סיי אויפן פראָנט, סיי אין הינטערלאַנד.

גרענאָבל האָבן די דייטשן באַזעצט אין מיטן דער נאַכט. עס איז פּלוצים געקומען אָן אַלאַרם אין די קאַזאַרמעס, אַז די ס.ס. אַנטוואָפנט דעם איטאַליענישן גאַרניזאָן פון גרענאָבל. נאָך אינגערלעכע קאַמפן, האָבן זיי אַוועקגעפירט די איטאַליענער געשמידט אין קייטן, אין אַנדערע קאַזאַרמעס. זיי האָבן געוואָלט אויפצווינגען די איטאַליענער פאַרצווזעצן די מלחמה, צו־זאַמען מיט די דייטשן. נישט אומעטום איז עס זיי געלונגען.

ווער עס קען די איטאַליענישע מענטאַליטעט, ווייסט, אַז דאָס פאָלק איז זייער פרידלעך און וויל באמת שלום. אַ פאָלק, וואָס איז אַזוי באַגייס־טערט פון מוזיק. עס ווערט אָבער באַהערשט פון שלעכטע גייסטער, פון די נעאָ־פאַשיסטן.

מען האָט שוין געפילט, אַז דער סוף איז נאָענט, אַז דער שונא ראַנגלט זיך שוין מיטן מלאך המוות. מען האָט שוין נישט געגלויבט, אַז דער נאַצי,

צעוואָרפן איבער גאַנץ אייראָפּע, קען לאַנג נאָך שטעלן אַ ווידערשטאַנד. מען האָט געהאָפט, אַז די אַלירטע אַרמייען וועלן סוף כל סוף דערבאַרקירן.

דערווייל האָט די רעזיסטאַנס געפירט דעם קאַמף אַליין, מיט די צוזאָגענישן, אַז אָט־אָט שיקט מען אונז געווער מיט פּאַראַשוטן. מען האָט געקעמפט מיטן געווער, וואָס מ'האָט צוגענומען ביים שונא, נאָך די אומגעריכטע איבערפאַלן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן.

## גרענאָבל דעם 11 - טן נאָוועמבער 1943

די רעזיסטאַנס האָט באַשלאָסן אין דעם טאָג צו מאַניפעסטירן,לויט דער טראַדיציע, דעם 11־טן נאָוועמבער 1943, אין דערמאָנונג פון זיג אין 1918 איבערן מיליטער פון קייזער ווילהעלם. טויזנטער מענטשן זענען אַראָפּגעקומען פון די בערג, און געוויזן דעם שונא, אַז מיר זענען נישט קיין פּחדנים. עס איז געווען אַ מעכטיקער אויסדרוק פון פּאַטריאָטיזם. ווען די מאַניפעסטאַציע איז צוגעקומען צום פּלאַץ „דיאַבל בלע", נישט ווייט פון דעם הויז פון דער געסטאַפּאָ, דאָס הויז פון די טאָרטורן, איז דער פּלאַץ פּלוצים אַרומגערינגלט געוואָרן דורך מיליטער און פון דער ווישי־מיליץ. דער המון האָט אָנגעהויבן לויפן אין אַלע זייטן.

אַן ערך 900 מאַניפעסטאַנטן זענען געוואָרן אַרומגערינגלט, אָן שום אויסגאַנג, אויסגעשטעלט אויפן פייער פון מאַשין־געווער. אָבער די מאַסע האָט זיך געריסן צום הויז פון דער געסטאַפּאָ, איינצונעמען די פעסטונג.

איך האָב געהאַט ביי זיך די „קאַרט־עלעקטער", (ווילער־קאַרטע) וואָס האָט געטראָגן דעם בלוי־רויטן צייכן. אַזוי אַרום בין איך ניצול געוואָרן פון טויט, אַלס ייד און ווידערשטענדלער. בשלום אַדורך דעם בראַנדפייער, האָב איך זיך פּאַמעלעך פּאַרקירעוועט אין אַ זייטיק געסל. איך האָב געפירט מיט זיך אַ וועלאָ. שוין פון פּלאַץ, האָב איך אָנגעהויבן פאָרן מיט דער גאַנצער ענערגיע, ביז איך האָב פאַרלוירן די גלייכגעוויכט און זיך געגעבן אַ קער איבער. אָן כוחות, ווי פאַרחלשט, בין איך אָפּגעלעגן אויף אַ פעלד אַ שפּאָר שטיקל צייט. ערשט די קילקייט פון אָונט האָט מיך אויפגעוועקט. איך האָב דערזען ווי נישט ווייט בלישטשעט אַ לעמפּעלע אין אַ הייזל. דאָרט האָבן געוווינט יידן, אָפּגעראַטעוועטע פון פּאַריז. איך בין אַוועק

צו זיי, און דערזעענדיק מיך, זענען זיי געווען פול מיט איבעראַשונג און פרייד. אָפּגערוט זיך, האָב איך בשלום געקענט אַהיימגיין צו די מייניקע.

דעם אמת געזאָגט, האָבן זיי שוין נישט געגלויבט מיך צוריקצוזען, אַזוי שנעל. ווייל די געסטאַפּאָ האָט ברוטאַל, מיט דראַקאָנישע מיטלען, טאָרטורירט די פאַרהאַלטענע מאַניפעסטאַנטן און לסוף 900 פון זיי פאַר־שלעפּט קיין דייטשלאַנד. קיין איינער פון זיי איז מער נישט צוריקגעקומען. כבוד און רום זייער טייערן אָנדענק!

נאָך דער גרויסער מאַניפעסטאַציע פון 11־טן נאָוועמבער 1943, וואָס די רעזיסטאַנס האָט העראָאיש צוגעגרייט, האָט דער שונא שוין נישט גע־האַט קיין רו אין גרענאָבל און אַרום גרענאָבל. די פראַן־טירער־איבער־פאַלן האָבן זיך שוין מער נישט אָפּגעשטעלט זייט דעם טאָג. די היטלער־סאָלדאַטן האָבן זיך פּשוט נישט געקענט מער ווייזן אויף די גאַסן. זיי זע־נען געגאַנגען נאָר גרופּעסווייז און שטאַרק באַוואָפנט.

טראָץ זייערע פאַרזיכט־מיטלען, איז אין אַ שיינעם פרימאָרגן פאָר־געקומען אַ דרייסטער איבערפאַל פון די פראַן־טירער אין מיטן העלן טאָג, אין סאַמע צענטער שטאָט. די געסטאַפּאָ איז אַרומגעלאָפן מיט די וואָלף־הינט, ווי משוגע, האָבן געניסטערט, כדי צו געפינען די חברה. אָבער די צוויי טייערע יאָטן האָבן זיי נישט געכאַפּט.

די אָקופּאַציע אין לאַנד איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. אויפן פראָנט האָבן זיי געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. דער שונא איז געוואָרן ווילד, ווי אַן אָקס אויף דער אַרענע, ווען ער ווערט פאַרוווּנדעט. אמת, עס זענען געפאַלן קרבנות צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג, פונקט ווי צווישן די ווידערשטענדלער.

## דער ערשטער צוזאַמענטרעף מיטן „קלערק"

אויף די בערג האָבן מיר געהאַט די אויפגאַבע צו געפינען אָפּרו־פּלע־צער פאַר די ווידערשטענדלער. איך בין דאָס ערשטע מאָל אַוועק, אין באַ־גלייט פון טייערן חבר זשאַ, ז"ל. ער איז לײדער דערנאָך אַרייַנגעפאַלן אין די נעגל פון דער געסטאַפּאָ און איז מער נישט צוריקגעקומען. צווישן די פאַראַנטוואָרטלעכע פון די רעזיסטאַנטלער אין די בערג איז געווען אַ גלח.

אָבער נישט אַזוי לייכט איז עס אָנגעקומען. מיר האָבן באַדאַרפט אַרומ־לויפן אַ סך קילאָמעטערס אין די בערג, ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צום פּאַראַגנטוואָרטלעכן גלח, צו דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן פון דער פאַר־בינדונג. דאַן האָט ער באַווילִיקט אונז אויפצונעמען. מיר האָבן ביי אים נושא־חן געווען. ס'איז אפשר קיין וווּנדער נישט — איך בין געווען אַזוי משנה־צורה מיט מיינע וואָנצעס „אַ לאַ גאַלואַז" און מיט די פּויערישע ברילן, אָבער אויך מיט מיין פּליסיקן פראַנצויזיש. (כאָטש אַביסעלע מיט אַן אַקצענט).

אָבער מיין חבר, דער באַגלייטער, מיט זיין יידישן אויסזען, האָט ליידער קיין שליטה נישט געהאַט ביים גלח.

אין וואָס איז באַשטאַנען אונזער מיסיע? מיר האָבן באַדאַרפט באַ־זאָרגן די ווידערשטעַנדלער אין „קאָנוואַלעסאַנס"־אָפּרו. איז אָבער די ערשטע פראַגע פון גלח געווען:

— ווער זענען זיי? פון וואָסער רעליגיע?

האָבן מיר געזאָגט: 2 איטאַליענער, 2 יידן און 2 פראַנצויזן. אויס־הערנדיק דאָס, בעט ער מחילה ביי דער הייליקער בתולה און טוט אַ זאָג: די יידן, ליידער, קען ער נישט פאַרזאָרגן. מיר שטוינען און פרעגן אים: פאַרוואָס?

— צוליב די צרות, וואָס זיי האָבן פאַרשאַפן אין דאַרף זייט זיי זענען אָנגעקומען.

אַ שטיקל אמת איז געווען אין דעם. זיי האָבן געצאָלט פאַרן עסנ־וואַרג אַזעלכע פרייזן, וואָס קיינער האָט זיך נישט געקענט דערלויבן. נאָר גיי קלער אים אויף אַ קאַפּיטל יידישע צרות. אָבער צום סוף האָט ער דאָך מסכים געווען אונז אַריינצונעמען אין דער משפחה רעזיסטאַנטלער פון זיין ראַיאָן. און דער ראַיאָן איז געווען זייער אַ גרויסער, כמעט דער גאַנצער „ראָמאַנש", דאָס זענען די בערג הינטער גרענאָבל, דורכגעשניטן פון היס־טאָרישן באַפּאָלעאָן־שאָסיי.

באַקומען די הסכמה פון גלח, האָבן מיר ווידער אָנגעהויבן שפּאַנען די אַנצאָליקע קילאָמעטערס, ביז מיר האָבן זיך ענדלעך דערשלאָגן צום פּאַקטישן פאַראַנטוואָרטלעכן פון די דערפער. מיר זענען דאָרט גוט אויפ־גענומען געוואָרן. דאָרט זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן קינדער פון הונדער־טער ווידערשטענדלער, יידישע, ווי נישט־יידישע.

אַ דאַנק די פֿאַראַנטוואָרטלעכע חברים פֿון דער רעזיסטאַנס אין „לאַ ראָמאַנש״, איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן מיין גאַנץ בני־בית. דאָס איז געווען נאָך דער מסירה פֿון אונזערע שכנים אין גרענאָבל, ווו מיר האָבן געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט ליאָן און גאַנץ פֿראַנקרייך פֿון יידישע רעזיסטאַנטלער, האָבן מיר אין דער האַלבער נאַכט געמוזט אַנטלויפֿן פֿון גרענאָבל. שפּעטער איז מיין פֿרוי מיט די קינדער אַוועק אין די בערג, ווו זיי זענען פֿאַרבליבן כמעט ביז דער באַפֿרייאונג פֿון גרענאָבל דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

אין חודש דעצעמבער איז געלונגען צו באַקומען אַ פֿאַרבינדונג מיט דער רעזיסטאַנס־באַוועגונג אין די בערג. אין שטאָט זענען פֿאָרגעקומען אַבלאַוועס, אין די צוגן, אויף די וועגן. עס איז זיי געלונגען אָנצוקומען אין לאַמיר, דאָס ערשטע שטעטל, 40 קילאָמעטער פֿון גרענאָבל. די הייך פֿון די בערג איז געווען ביז 1500 מעטער. דאָרט זענען פֿאָרגעקומען העפֿטיקע קאַמפֿן. די קוילנגרובן־אַרבעטער, די פּויערים, האָבן געהאָלפֿן די ווידערשטענדלער.

מיר האָבן געהאַט אַ גאַנצן פּאַוויליאָן צו אונזער רשות, 15 ק״מ ווייט פֿון לאַמיר. דאָס אָרט האָט געהייסן ווילאַר־סען־קריסטאָף, לעבן פּיערשאַטעל. דאָרט האָבן מיר פֿאַרבראַכט דעם גאַנצן ווינטער, אונטער אַ שניי פֿון 4 מעטער די הויך. מען האָט באַדאַרפֿט גראָבן לאַבירינטן אונטערן שניי. אַזאַ ווילדע משונהדיקע נאַטור איז דאָרט געווען. אויך אַהער האָט דער שונא זיך באַוויזן אַרויפֿצוקריכן, אָבער נישט אויף לאַנג. פֿאַר אַ שטאָט־מענטש איז שווער געווען צו באַוועגן זיך. דער שונא האָט דורכגעזוכט יעדן אויטאָקאַר, יעדן וועג. עס איז דער רעזיסטאַנס דאָך געלונגען זיי מנצח צו זיין, דורכצוברעכן דעם וועג, וואָס האָט געפֿירט צום נאַפּאָלעאָנישן סטראַטעגישן שאָסיי. דער שונא האָט זיך שטאַרק געשראָקן. ער איז שוין געווען דעזאָריענטירט. מען האָט שוין געפֿילט די נאָענטע לאַנדונג פֿון די אַלירטע אַרמייען. די רויטע אַרמיי האָט שוין געשפּאַנט מיט ריזן־שריט צום האַרץ פֿון דער בעסטיע. און טאַקע דורך דעם נאַפּאָלעאָנישן וועג זענען באַלד דערנאָך אָנגעקומען די אַמעריקאַנער.

**
*

אַ ספּעציעל בלעטל ווידמעט האַנרי צום געזעגענען זיך, אַלס געוועזענער גענעראַל־סעקרעטאַר פון לעדער־סינדיקאַט אין גרענאָבל און אומגעגנט; דאָרט, ווו ער האָט געקעמפּט אין דער רעזיסטאַנס, צוזאַמען מיט זיין געטרייער פאַרבינדלערין מאַניע ע״ה, און שפּעטער, נאָך דער מפּלה פון דער פאַשיסטישער חיה־רעה, היטלער־דייטשלאַנד; דאָס לאַנד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע גייסטער ווי געטע, שילער, קאַרל מאַרקס, ענגעלס און נאָך אַנדערע; אַזאַ לאַנד האָט אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט זעקס מיליאָן אומשולדיקע יידישע מענטשן, יונג און אַלט. אַ חרפּה און אַ בושה פאַר דער ציוויליזירטער וועלט! די נידערטרעכטיקע מעשים־רעים פון פאַשיסטישן דייטשלאַנד טאָרן נישט פאַרגעסן ווערן, נישט פאַרגעבן ווערן. די וועלט איז נישט הפקר, לית דין ולית דיין, ווי אונזער גרויסער י. ל. פּרץ האָט געזונגען אין זיין „מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע״...

מיט אַזאַ אחריותפולער איבערגעגעבנקייט האָט האַנרי אויסגעפירט זיין שליחות אין דער ווידערשטאַנד, אַ סך מאָל געווען אין אַ טויט־סכנה, אָבער קיין מאָל זיך נישט איינגעבראָכן, תמיד געגאַנגען דרייסט, צוזאַמען מיט זיין איבערגעגעבענער לעבנס־באַגלייטערין, די מוטער פון זיינע קינדער, קעגן שונא, דעם אָקופּאַנט פון פראַנקרייך; דאָס לאַנד, וואָס האָט עמאַנציפּירט רעכטלאָזע יידן; אין דעם לאַנד, ווו האַנרי האָט געפונען אַ מקום מנוחה, צו בויען אַ פאַמיליע־לעבן, מיט זיין אויסדערוויילטער חיה־מרים ע״ה, ביז דער ענדגילטיקער באַפרייאונג.

האַנרי האָט אויסגעפילט זיין פליכט לגבי דעם יונגן פראַן־טירער גי לאַנדאָוויעץ, וואָס איז געפאַלן מיט געווער אין האַנט, פאַר פראַנקרייך, נקמה נעמענדיק פאַר זיין ליבער מוטער און שוועסטער, וועלכע זענען דעפּאָרטירט געוואָרן דעם 16־טן יולי 1942 און זענען מער נישט צוריקגעקומען. זיין געטרייער פאָטער האָט כאָטש אַ טרייסט געפונען, ווען ער האָט בייגעוווינט דעם טרויער־אָוונט, וואָס עס האָט איינגעאָרדנט דער מאַראָקינערי־סינדיקאַט פון גרענאָבל דעם 29־טן סעפּטעמבער 1944, אין מוניציפּאַלן טעאַטער פון גרענאָבל, מיט דער באַטייליקונג פון גענעראַל־סעקרעטאַר דעלוז, (האַנריס נאָמען) פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, און אַ ברייטער פאַרטרעטערשאַפט פון דער רעזיסטאַנס־באַוועגונג.

ס'איז אויך אַרויסגעטרעטן דער כאָר פון דער מיליטער־אָפּטיילונג, אויפן נאָמען פון געפאַלענעם העלד גי לאַנדאָוויעץ.

מיט טרערן אין די אויגן און מיט מיטלייד־געפיל האָט דער חבר דעלוז געזאָגט:

„קיינמאָל וועלן מיר דיך נישט פאַרגעסן, טייערער, יונגער חבר גי לאַנדאָוויעץ. דיין נאָמען וועט מיט גאָלדענע אותיות פאַרשריבן זיין אין דער געשיכטע פון דער רעזיסטאַנס אין פראַנקרייך. אין דעם קאַמף קעגן די נאַציס, געסטאַפּאָ און וואַפן ס. ס. און אויך קעגן דער מיליץ פון פאַרע־טער, גענעראַל דאַרלאַן. זאָל דיין פאָטער זיין געטרייסט און געשטאַרקט, מיט דעם באַפרייטן לאַנד, פון וואַנען זיין פרוי און טאָכטער זענען דע־פּאָרטירט געוואָרן".

„זאָל לעבן פראַנקרייך!"

מיט די ווערטער האָט האַנרי דעלוז פאַרענדיקט זיין פאַטעטישע רעדע פאַר די רעזיסטאַנס־מיטגלידער.

# פון מיינע וואַנדער - יאָרן

כ׳בין פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער אַ. ג. „פרייער זאָנע״, צוליבן מיאוסן פאַראַט פון אַ מסור. איך האָב געוואַנדערט פון איין פאַרבינדלער צום אַנדערן, פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, געשיקט פון דער פאַריזער רעזיסטאַנס, כדי אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט. אַ געוויסע צייט איז מיר אויס־געקומען צו זיין אין דער שטאָט פּאָ, נישט ווייט פון ווישי־לאַגער גירס. פון דאָרט זענען שפּעטער אַ סך יידן דעפּאָרטירט געוואָרן.

כ׳בין דערנאָך אַוועק קיין מאַרסעיל. מיט איין וואָרט — ווו געטאָגט — נישט גענעכטיקט. עס האָט געברענט אין מיר די לוסט פון קאַמף און ווידערשטאַנד קעגן די נאַצי־מערדער. אין איינעם אַ האַרבסטיקן טאָג, ווען דער מיסטראַל־ווינט האָט געווילדעוועט, אויף דער נשמה איז געווען פינצ־טער, באַקום איך אַ בריוול פון מיינע בני־בית אין פּאַריז, אַז זיי מוזן פון דאָרט תיכף אַוועק. עס איז געווען נאָך די מאָנסטרועזע אָבלאַ־וועס, ווען עס זענען געכאַפּט געוואָרן זייער פיל יידן. פּאָליציי־אַגענטן זע־נען געגאַנגען פון הויז צו הויז, געכאַפּט יידן אין די גאַסן. אויף די מויערן פון פּאַריז זענען געהאָנגען די אַפישן פון דער דייטשער קאָמאַנדאַנטור, וועגן דערשיסן יידישע ערוביניקעס, מיינע באַקאַנטע, צווישן זיי — בורשטין, לי־בערמאַן און פיל אַנדערע. עס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן מיינע חברים־ווידערשטענדלער: ראָטשטיין, בזשאָסקי, קאָמיען, דזשאַלאָווסקי, הערשל סאָקאָלאָווסקי, קויאַווסקי.

ווער איז אימשטאַנד אויסצורעכענען אַזויפיל יידישע מאַרטירער? ווען איך האָב פאַרענדיקט איבערלייענען דאָס בריוול, האָט מיר אַרומגע־כאַפּט אַ ציטער פאַרן גורל פון מיינע אייגענע לעבנס. איך בין געלאָפן און תיכף ומיד, דורך דער אומלעגאַלער פּאָסט, באַפוילן צו מיינע בני־בית, אַז

זיי וועלן אָפּגעוואַרט ווערן אין ליאָן, אין דעם אָנגעוויזענעם טאָג, אָרט און באַשטימטער צייט.

צום גליק, איז זייער נסיעה אַדורך בשלום. ווייל דעם זעלבן טאָג זע־נען פיל יידן פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער דעמאַרקאַציע־ליניע און זענען מער קיינמאָל נישט צוריקגעקומען.

די פרייד מיינע ביי דער באַגעגעניש מיט מיינע בני ביתּ, איז געווען אין לשער. עס איז אָבער געווען אַ שווער פּראָבלעם צו פאַרזאָרגן זיי מיט אַ מקום מקלט. עס האָט באַדאַרפט זיין אַ דירה, פאַרזען מיט עטלעכע אויס־גענג... אַז מען קומט קלאַפּן אין דער טיר, זאָל מען צייט האָבן צו אַנט־לויפן דורך אַ זייטיקן אַרויסגאַנג. די ווישי־פּאָליציי איז געווען פּונקט אַזוי אכזריותדיק ווי די דייטשן. זיי האָבן אָפּגעפּירט אין לאַגער פון גירס און אין אַנדערע לאַגערן. וועגן באַפרייען עמיצן, האָבן זיי נישט געוואָלט הערן, אפילו ווען עס זענען געווען אינטערווענצן פון פּראָמינענטע פּערזענלעכ־קייטן. זיי האָבן געדינט געטריי די נאַצים.

דערפאַר האָבן מיר געזוכט אַ מקום מקלט, מיט עטלעכע אַרויסגענג. און מיר האָבן געפונען אַ דירהלע אין ווילערבאַן־ליאָן. די מענטשן זענען געווען סימפּאַטיש צו די ווידערשטענדלער. די דירה האָט זיך געפונען אויף אַוועני טיערס. דורך דער דאָזיקער דירה זענען דורכגעגאַנגען פיל ווי־דערשטענדלער, מיט פאַרשידענע אויפגאַבן. דער מקום איז אויך געווען אַ מזלדיקער.

געווען אַ פאַל מיט אונזער טייערן חבר טשענסטאָכאָווסקי, וועלכער איז געשיקט געוואָרן דורך שפּאַניע, קיין ארץ ישראל. ער איז פאַרשאָטן געוואָרן.

איך וויל דאָ דערציילן וועגן חבר וואַלטער, אַ געוועזענער אָפיציר פון עסטרייך, וועלכער האָט דעזערטירט פון דער היטלער־אַרמיי. ער איז געווען אויסערגעוויינלעך פעאיק צו פעלשן לעבנס־מיטל־קאַרטן, צו באַקו־מען פאַרשידענע פּראָדוקטן צו קויפן. ער האָט איבערגעאַרבעט אידענ־טיטעט־קאַרטן פאַר חברים, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען מיט פאַלשע דאָקו־מענטן.

אַזאַ איז געווען די רוטינע אין דעם מקום־מקלט, וואָס האָט געהאַט נאָך אַן אַרויסגאַנג.

מיר האָבן זיך דעמאָלט געגרייט צו דער גרויסער אַקציע פון 11־טן נאָ־

וועמבער. די דאָזיקע דאַטע איז תמיד געווען אַ הייליקע פאַר דער ווידער־שטאַנד. עס זענען אָבער געווען קרבנות. עס האָט פּאַסירט אַזאַ מעשה מיט איינעם אַ פּאַרוואָגלטן ווידערשטענדלער: זיין אויפגאַבע איז געווען סיג־דיקאַלע פּראָפּאַגאַנדע. גראַד איז אים אויסגעקומען דורכצופירן אַן אַקציע אין אַ גרויסער מאַראָקינערי־פאַבריק אין ווילערבאַן. דאָס גאַנצע פּערסאָ־נאַל האָט זיך סאָלידאַריזירט צום שטרייקן דעם טאָג פון 11־טן נאָוועמבער. אָבער דער קאָנטראָמעטער, אַ געוויסער פישער (זיכער פון דייטשן אָפּ־שטאַם), האָט זיך קעגנגעשטעלט די אַקציע. ער איז אַוועק און געמסרט די ווידערשטענדלער ביי דער געסטאַפּאָ.

געוויר געוואָרן דערפון איז מען אַ טאָג שפּעטער, נאָך דער מסירה. עס איז שוין נישט געווען מעגלעך צו וויסן צו געבן אין דעם מקום־מקלט. אין דער פינצטערער האַלבער נאַכט האָט זיך געהערט אַ קלונג ביי דער טיר פון פּאַרנטיקן אַריינגאַנג. דער ווידערשטענדלער האָט זיך געפונען אין דער דירה. קודם האָט ער אַראָפּגעדרייט דעם עלעקטרישן זייגער. ער איז געבליבן קאַלטבלוטיק און באַטראַכט וואָס ער האָט צו טאָן. ער האָט אַרויס־געקוקט דורך דעם געהיימען „אויג״ אין דער טיר, און ער האָט דערזען אַזש 4 געסטאַפּאָ־לייט. זיי זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט ווי טעלעפאָן־סלופּעס. זיי האָבן, זעט אויס, דערפילט, אַז עמיץ שטייט הינטער דער טיר, האָבן זיי פאַרלאַנגט מען זאָל זיי עפענען. אָבער דער יידישער ווידערשטענד־לער איז באַלד געלאָפן אַלאַרמירן די אַכט ציטערדיקע יידישע נשמות, זיי באַפוילן אַראָפּצוגיין אין בונקער־קעלער דורכן געהיימען איינגאַנג. ער האָט זיי אָנגעזאָגט זיי זאָלן זיך גוט קאַמופּלירן. ער אַליין האָט באַריקאַדירט די טיר, אָנגעשפּאַרט זיך מיט זיין גאַנצן כוח. אָבער פּלוצים האָט ער געהערט אַ קאָמאַנדע: „די טיר מוז אויפגעבראָכן ווערן!״. האָט אַ צווייטער געסטאַפּאָ־מאַן געזאָגט: די טיר האָט דאָך פיר שלעסער, מען וועט זי נישט קענען אויפברעכן. זיי האָבן אָבער די טיר נישט אויפגעבראָכן. פון אַלע פיר שלעסער, האָט קוים איין שלאָס פונקציאָנירט. זיי האָבן געברענגט אַ שלאָ־סער פון ווילערבאַן. אָבער זיי האָבן שוין גאָרנישט באַוויזן אויפצוטאָן.

די ווילערבאַנער באַפעלקערונג איז, פונקט ווי די ליאָנער, געווען ענג פאַרבונדן מיט דער רעזיסטאַנס. צוליבן אויסדויער פון אַלע אָנוועזנדיקע אין די קעלער־בונקערס, איז זיי געלונגען אַרויסצוקריכן דורך די הינטער־

טירן. עס איז געווען דעמאָלט, ווען דער אויסשפּירער איז צוריקגעקומען מיט אַן ענטפער, וואָס האָט אַלעמען באַרואיקט:

— דער וואָגן פון דער געסטאַפּאָ איז פאַרשוואונדן...

דעמאָלט זענען אַלע אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט. זיי זענען גע־קראָכן, ביזן גרויען באַגינען, דורך קרומע, פאַרוואָרלאָזטע וועגן און שטעגן, ביז זיי זענען אָנגעקומען צו אַ ליאָנער געסל. אַ חבר האָט אויסגעשריגן:

— אַט שלייכט זיך עמיצער דורך די גאַס.

— אוודאי — זאָגט דער צווייטער חבר — ער איז זיכער אונטער־געשיקט פון רבונו של עולם...

— גענוג מיט די וויציעס! איר זעט דאָך ווי ער דערנענטערט זיך, און דאָס איז — אַ ייִד מיט אַ טלית אונטערן אָרעם...

דער ייִד גייט זיך מיט פּאַמעלעכע, נישט זיכערע טריט. און מיר האָבן באַטראַכט אים נאָכצוגיין. מיר האָבן דערזען, ווי ער שלייכט זיך אַריין אין אַ בית־מדרשל. מיר זענען אַריין, גענומען מיטדאַווענען. אין דעם מאָמענט האָבן מיר געגלויבט און געהאָפט, אַז אונזערע תפילות וועלן ברענגען אַ ישועה פאַר אונזער שווער־געפּרוווטן פאָלק.

נאָכן גרויסן נסיון וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט די לעצטע נאַכט, זע־נען מיר דערלייזט געוואָרן, יעדער האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין היים.

אַהיימקומענדיק, האָבן מיר מיינע בני בית דערציילט, אַז זיי האָבן באַ־קומען נייע פּאַפּירן, איבערצופאָרן אין דער איטאַליענישער זאָנע, קיין גרענאָבל.

דאָס איז געווען דער מסירת־נפשדיקער וועג פון אַ ייִדישן ווידער־שטענדלער, אין קאַמף קעגן פאַשיזם.

## דער טאָג פון גבורה

דער טאָג פון גבורה־פּאַרמעסט איז געקומען. די רעזיסטאַנס איז געוואָרן צוגעגרייט צו דער קאָנפראָנטאַציע פון דער גאַסן־מאַניפעסטאַציע פון 11־טן נאָוועמבער 1943 אין גרענאָבל. עס האָט נישט געהערשט קיין שום מורא פאַרן נאַצישן בלוט־שונא אין דעם דאָזיקן טאָג פון גבורה און פאַר־מעסט.

פון גאַנץ באַגינען האָט געשוועבט אַ פריידיקע קאָמפּסלוסטיקייט צווישן די ווידערשטענדלער. אויך מיר, יידן, האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק דערין. אומעטום האָט מען געזען יידן אַנטי־נאַצי־קעמפער, מיט פאַלשע אַרישע פּאַפּירן אין קעשענע, זאַמלען זיך אין די ראָגן, כאָטש ביים רוב איז געווען באַשיימפּערלעך אַ פּאָרגעפיל, אַז עפּעס נישט היימלעכס גרייט זיך. קיין שום מיליטער־פּאַטרול איז נישט געווען בנמצא אין שטאָט, נישט פון די נאַציס און נישט פון זייערע מיטהעלפערס. דאָך האָבן יידן געפילט, אַז געהיימע אויגן וואַנדערן אַרום איבער די גאַסן. דערווייל האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען גרויסע מענגעס מאַניפעסטאַנטן פון די אַרומיקע באַרגיקע שטעטלעך. די גאַסן האָבן אָנגעהויבן זיך אָנצופילן.

די מאַניפעסטאַציע איז געווען פאַרגעזען פון דער באַן־סטאַציע ביז צום באַרימטן פלאַץ די דיאַבל בלע. עס זענען געוואָרפן געוואָרן סלאָגאַנען קעגן אָקופּאַנט. עס איז געווען צו באַמערקן קופּקעלעך יידן פוןביידע זייטן טראָטואַרן, ווי זיי שטייען און שמועסן, האַלב דערשראָקן. זיי זענען געקו־מען אין דער כלומרשט „פרייער זאָנע" מיטן בטחון, צו געפינען דאָ אַ מקום־מקלט. אָבער זיי האָבן אויך דאָ פאָראויסגעפילט, אַז עס וועט זיך גוט נישט ענדיקן. איבערהויפּט, נאָכן נישט געלונגענעם איטאַליענישן וואָפן־שטילשטאַנד און די מעשים־תעתועים פון די נאַצישע בעסטיעס איבער די

איטאַליענישע סאָלדאַטן; און די שרעק איז נאָכמער געשטיגן ביי די הייפ־לעך יידן, וואָס פילן אַלעמאָל פּאָראויס אַ שטורעם.

ווען דער געדיכטער עולם מאַניפעסטאַנטן האָט זיך דערנענטערט צום זאַמל־פּונקט, איז אַלץ מער געוואַקסן די געפאַר צו באַגעגענען דאָס פייער פון דער געסטאַפּאָ און זייערע פראַנצויזישע משרתים, די ווישי־פּאָ־ליציי. און כך הוה, אַזוי איז טאַקע געווען. ווען דער פּלאַץ דיאַבל בלע איז געווען פאַרפולט און אַ פאַראַנטוואָרטלעכער פון דער רעזיסטאַנס האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען רעדן צו די פאַרזאַמלטע מאַסן, איז פּלוצים געוואָרן אַ מהומה צווישן צוזאַמענגעקוועטשטן עולם. עס האָט זיך געהערט געשרייען:

— דער פּלאַץ איז אַרומגערינגלט פון דער געסטאַפּאָ!

האָבן זיך אַלע געלאָזט לויפן מיט אַן אויסגעשריי:

— סאָוו קי פּע! — ראַטעוועט זיך, ווי איר קענט נאָר!...

אָבער נישט אַלע האָבן באַוויזן צו אַנטרינען, און 900 מאַניפעסטאַנטן, יונג און אַלט, זענען איינגעצוימט געוואָרן, ווי בהמות צו דער שחיטה. צוויי אויסגענג זענען געבליבן — איין אויסגאַנג באַזעצט דורך דער געסטאַפּאָ און דער צווייטער — באַזעצט דורך די ווישי־תלינים, אַלע באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס. עס האָבן זיך דערהערט קולות. דער געיאָמער און געוויין איז וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרן. די געסטאַפּאָ האָט געבילט:

— איר פאַרדאַמטע קאָמוניסטן, באָלשעוויקעס, רואיק בלייבן!

אַלע זענען פאַרגליווערט געוואָרן. עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ פייכ־טער און קילער אָוונט. ס'איז געווען טיפער נאָוועמבער. פון די בערג האָט אַראָפּגענידערט אַ פייכטער נעפּל אויף דער שטאָט גרענאָבל.

אַלע זענען שטיינגעבליבן, איינגעהילט אין קאַלטן נעפּל. פיל האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד. פּלוצים האָבן זיי דערזען ווי עפּעס רירט זיך. איינער פון די מאַניפעסטאַנטן, אַ מיטליאָריקער, אַ באַברילטער, מיט לאַנגע וואָנסן „אַ לאַ גאָלואַז", באַוועגט זיך אויף אַ ביציקלעט, פּאַמעלעך, ווי אַ לונאַטיקער, נישט אומקוקנדיק זיך אויף קיינעם. צי איז עס נישט איינער פון דער געסטאַפּאָ, אָדער פון די ווישי־תלינים? און אַרום — אויס־געשטעלט מאַשין־געווער פון די נאַציס, וועלכע וואַרטן נאָר אויף אַ קאָ־מאַנדאָ. דער רייטער אויף זיין ביציקלעט ציט אַלץ נענטער און נענטער קעגן אויסגעשטעלטן געווער. ער פאָרט און פּרעפּלט עפּעס אַ תפילה, ווי

ער וואָלט ווידוי געזאָגט. אין דער זעלבער צייט הערט זיך אַ ווילד געשריי פונעם לויטענאַנט:

— שטיין בלייבן, ווען נישט שיסן מיר!

ער ציט אַרויס דעם רעוואָלווער. אָבער דער לונאַטיקער גייט אַלץ נענטער, ווי ער וואָלט געוואָלט דער ערשטער שטאַרבן אויף קידוש השם, אַזוי אַרום וועט ער כאָטש איבערלאָזן אַ קבר, אָנשטאָט צו ווערן דעפּאָר־טירט, אומצוקומען אין אוישוויץ. אָבער אָט זעט מען ווי דער ווידערשטענדלער ציט אַרויס רואיק פון אונטער זיין קאַפּאָטע עפּעס אַ קאַרטע, אויף אַ גאַנץ דיסקרעטן אופן, קאַלטבלוטיק. דער לייטענאַנט דער־זעענדיק די קאַרטע מיט דעם בלוי־רויטן צייכן, ענלעך צו די קאַרטן פון די פּאָליציי־געהיים־אַגענטן פון פראַנקרייך, איז ער נכשל געוואָרן. (אין דער אמתן איז עס געווען אַ קאַרט ד׳עלעקטער). יענער האָט זיך פלוצים געגעבן אַ שטייף אויס און סאַלוטירט, צוקלאַפּנדיק די פּיס און אַ קאָמאַנדע געטאָן צו די סאָלדאַטן:

— דעם וועג פריימאַכן!

און אָט איז אַ נס געשען! נאָך דעם שווערן נסיון, טוט דער ייד אַ שפּרונג אַרויף אויפן ביציקלעט און לאָזט זיך פליען, נישט וויסנדיק וווּ־אַהין, באַרג אַראָפּ. ער האָט אָפּגעראַטעוועט זיין לעבן. ער איז אַזוי לאַנג געפלויגן, ביז דער ביציקלעט איז געבליבן שטעקן אויף אַ נאַסן פעלד. ער איז געווען אַ צעמזיקטער, האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרחלשטקייט, אַרומגעקוקט זיך, און זיך דערמאָנט וועגן דעם גורל פון די 900 איבערגע־בליבענע אויפן פּלאַץ אין גרענאָבל.

אַלע זענען זיי מיט אַ טאָג שפּעטער דעפּאָרטירט געוואָרן, און קיינער פון זיי איז נישט צוריקגעקומען. כבוד זייער אָנדענק!

## געשטאָרבן דער ווידערשטענדלער חיים דלוזשנאָווסקי

נישטאָ מער דער אַזויפיל געליטענער ווידערשטענדלער חיים־ישראל דלוזשנאָווסקי; האַנרי, ווי מ׳האָט אים גערופן אין דער רעזיסטאַנס. ער איז צום ערשטן מאָל אַריינגעפאַלן אין ליאָן ביים פאַרשפּרייטן „ליטעראַטור״.

נאָכן אָפּשמאַכטן אַ לענגערע צייט אין ליאָנער תּפיסה, איז געלונגען אים צו באַפרייען. האַנרי האָט זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן אָקופּאַנט. ער גייט אַוועק אין די בערג (זשיראַ), אין שטעטעלע סען קלאָד, ווו ער פאַלט ווידער אַריין אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

עס געלינגט אים אָבער נאָך אַמאָל זיך אַרויסצורייסן פון זייערע לאַפּעס און נעגל. ער באַזעצט זיך אין שטעטל און באַמיט זיך צוריק אויפבויען זיין פאַמיליע־לעבן.

דעם 23־טן סעפּטעמבער 1961 איז האַנרי געשטאָרבן, נאָך לאַנגע, שווערע ליידן.

כבוד זיין אָנדענק!

# אַ ניצול געוואָרענער...

צעמזיקט, באַוווסטלאַז, איז דער יידישער ווידערשטענדלער ליגן געבליבן אויפן נאַקעטן פעלד. ער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פון דעפּאָרטאַ־ציע. ער איז אַנטרונען פון פּלאַץ, וואָס רופט זיך „דיאַבל בלע״, אין גרע־נאָבל. ס׳איז געווען אין נאָוועמבער 1943. די קילקייט פון אָוונט האָט אים אויפגעוועקט פון חלשות. ערשט איצט האָט ער זיך געגומען דערמאָנען ווי אַזוי ער קומט אַהער.

ער איז געווען צווישן דער מאָסע מאַניפעסטאַנטן. וואָלט מען אים געכאַפּט, וואָלט ער זיכער, ווי אַלע יידן, דעפּאָרטירט געוואָרן. האָט ער בעסער געוואָלט גיין אויף קידוש השם, איידער פאַרשלעפּט צו ווערן צו די גאַז אויוונס.

ס׳האָט זיך אים אָבער איינגעגעבן צו אַנטרינען. ער האָט אַ כאַפּ גע־טון זיין ביסיקלעט און איז מיט אַ געוואַלטיקער שנעלקייט געלאָפן באַרג־אַרונטער. ער איז געפאָרן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ער איז לסוף אָוועקגעשליי־דערט געוואָרן אינמיטן פון אַ צעאַקערט פעלד.

זיינע אויגן האָבן איצט געזוכט אַ שיין פון ליכט אין דער אַרומיקער פינצטערניש. און אָט האָט, דוכט זיך, עפּעס אויפגעשיינט אין דער וויט. ער האָט זיך אויפגעריסן מיט די לעצטע כוחות און איז אַנטקעגנגעגאַנגען דאָס ווייטע ליכט־לעמפּל. ער איז געווען דערשעפּט, אָבער האָט זיך נישט אונ־טערגעגעבן און לאַנגזאַם געצויגן אַהין, פון וואַנען די שיין איז געקומען. ביז ער האָט מיט ציטערדיקע הענט אָנגעקלאַפּט אין אַ פרעמדער טיר. שטום, שטיל, קיינער ענטפערט נישט. ערשט פיל שפּעטער האָט ער מיטאַמאָל דערהערט:

— ווער קלאַפּט אַזוי שפּעט ? — האָט ער געהערט אַן איבערגעשראָקן קול.

ווי ער וואָלט דערקענט דאָס קול פון אַ היימישן. אוודאי פאַרוואָגלטע ייִדן, ווי ער אַליין, אַנטלאָפענע פון די רוצחישע הענט.

אַזאַ וויזיע האָט ער געהאַט, דער ניצול־געוואָרענער ייִד.

— מאַכט אויף, איך בעט אייך ; איר האָט נישט וואָס מורא צו האָבן.

די טיר האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעשפּאַרט. זיי האָבן אים דערזען, אַ פאַרבלוטיקטן, אַ צעמזיקטן. זיי האָבן אים אַריינגענומען אין דער וואַרעם. ער האָט אָנגעקוקט די מענטשן און געשטאַמלט :

— כ'בין גליקלעך... ייִדן, גאָט צו דאַנקען...

— ניין, איר האָט קיין טעות נישט געהאַט — זאָגט איינער פון דער פאַרוואָגלטער משפּחה — אָבער ווי פאַלט איר אויס צו טרעפן, אַז מיר זענען ייִדן ?

— ווען איך האָב געהערט אייערע שטילע רייד, האָב איך גלייך פאַר־שטאַנען. אייער ליכט־פלעמל האָט דערגרייכט צו מיר פון ווי ווייט...

עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט. די מענטשן זענען שוין מער נישט געשלאָפן. זיי האָבן צוגעגרייט פאַרן פרעמדן אַ וואַרעמען געטראַנק, עפּעס צו עסן, מחיה צו זיין דעם פאַרוואָגלטן אין דער געפער־לעכער נאַכט, וואָס לויערט אויף יעדן ייִד. זיי האָבן זיך נישט געקענט אָפּ־רייסן פון אים און אים געהאַלטן אין איין באַוואַרפן מיט פראַגן, ווי אַזוי ער קומט אַהער :

— זענט איר נישט אַמאָל איינער פון דער ױעכטיקער מאַניפעסטאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין גרענאָבל ?

— אַזוי איז עס טאַקע... מען זאָגט, אַז 900 מענטשן זענען פאַר־האַלטן געוואָרן. זיי האָבן מאַניפעסטירט קעגן אָקופּאַנט. פון דער גאַנצער מחנה מענטשן, האָב איך איינער זיך אָפּגעראַטעוועט, על פּי נס...

דער ווידערשטענדלער האָט זיך לאַנג ביי זיי נישט געוואָלט פאַר־האַלטן.

— ס'איז שוין נאָך חצות — האָט ער געזאָגט — זייט וויסן, ליבע ייִדן, אַז מיין פרוי און קינדער וואַרטן דאָרט מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש אין דער היים. ניין, די דייטשע קאַניבאַלן וועלן די מלחמה נישט געווינען.

אַז דער טאָג פון נצחון וועט קומען, וועלן אייערע נעמען דערמאָנט ווערן צום גוטן, פאַר האָבן מיך אָפּגעראַטעוועט...

און ער האָט זיך אין דער פינצטערער נאַכט געלאָזן דורך הינטער־וועגן, צו זיין משפחה, וואָס האָט געוואַרט אויף אים.

## וועגן יידישן ווידערשטאַנד

ווען מיר פייערן די חשמונאים־גבורה, פאַרשטייען מיר, אַז דער יידישער מענטש האָט געלערנט מוט, אויסדויער, אינעם קאַמף קעגן שונא, אין אַלע צייטן, פון דער מכבי׳ער־תקופה ביז אונזערע טעג. מיר געדענקען נאָך גוט די קאַמפן פון יידישע ווידערשטענדלער בעת דער לעצטער מלחמה. זיי האָבן באַלד אין אָנהייב דערפילט און פאַרשטאַנען די גרויסע געפאַר, וואָס רוקט זיך אויף אונז אָן. אויך די היינטיקע יידישע מכבי׳ער זענען געקומען קעמפן אין דער אַרמיי פון אַלע אַלירטע, ווי אויך אין אין פּאַלעסטינע, אונטערן ענגלישן מאַנדאַט, ביז — מדינת ישראל מיט איר רומפולער צה״ל־אַרמיי, כדי צו פאַרטיידיקן אונזער יידישע נאַציאָנאַלע היים.

מיר האָבן געזען ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה די מסירת נפש פון די יידן, וועלכע זענען פרייוויליק זיך געגאַנגען אַנגאַזשירן אין קאַמף קעגן היטלעריזם. דאָס דייטשלאַנד פון קולטור איז באַשפּיגן — געטע, שילער, היינע. די קולטור אוצרות פון דער מענטשהייט זענען געטרעטן געוואָרן מיט די פיס, פאַרברענט געוואָרן אויף די שייטערהויפנס פון בערלין. זייער ציל איז געווען צו דעראָבערן די וועלט אויף טויזנט יאָר, ווי היטלער י״ש האָט עס געשריבן אין „מיין קאַמף״.

זיי זענען קודם באַפאַלן פוילן, ווו יידן האָבן געלעבט זיבן טויזנט יאָר. דאָרט זענען זיי באַגאַנגען די גרעסטע אכזריותן, געוואָרפן יידן אין די קאַלך־אויוונס. איבער זעקס מיליאָן יידן זענען אומגעקומען. דער קידוש השם אָבער איז נישט געווען אָן קאַמף מיטן בלוט־שונא אין וואַרשעווער געטאָ, אין אַנדערע געטאָס. עס דערציילן וועגן דעם די איינציקע לעבן־געבליבענע העלדן, ווי למשל: סטעפאַן גראַיעק, טוביה באָזשיקאָווסקי און נאָך אַנדערע.

יידישע ווידערשטענדלער האָבן אין גאַנץ איראָפּע מיט גרויס אייפער

געשטורעמט דעם היטלערישן הינטער־פראַנט. זייער בולט איז דאָס גע־קומען צום אויסדרוק אין פראַנקרייך, סיי אין לינקן און סיי אין רעכטן לאַ־גער. יידן האָבן געטראָגן ביי זיך פאַלשע דאָקומענטן, געטראָגן פסיידאָנימען, נישט דערקענט צו ווערן פון שונא.

אַ סך פאַלשע אידענטיטעט־קאַרטן זענען געמאַכט געוואָרן דורך די שטאָט־ראַטן, די מעריס, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער רעזיסטאַנס. כאָטש זייער אָפט זענען געווען שטרויכלונגען. אַזוי, למשל, איז מיר אויס־געקומען צו זיין אין שליחות מיט אַ טייערן חבר, וועלכער איז, ליידער, דע־פאָרטירט געוואָרן. ער האָט זיך גערופן זשאָזעף. די שטרויכלונג איז געווען מצד אַ גלח אין די בערג לאַ ראָמאַנש, אין דער געגנט פון גרענאָבל. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אַנטיסעמיט. אָבער אַדאַנק אונזער אויפּקלע־רונג, איז דער גלח ווייכער געוואָרן. ער האָט מאָטיווירט זיין אָפּ־זאָג פאַר די יידישע ווידערשטענדלער צו געבן זיי אַ מקום מקלט. דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון עקזאָד, ווען יידן האָבן געזוכט אַן אָרט זיך צו באַהאַלטן פון דייטשן אָקופּאַנט.

דעמאָלט האָט מען אין דאָרף געגעבן אַזיל־רעכט אַ יידישע משפחה. אָבער לאַנג האָט עס נישט געדויערט. פּוטער, אייער, זענען פאַרשוווּנדן פונעם דאָרף. ווייסט איר פאַרוואָס? — האָבן די אַנטיסעמיטן געטענהט — „ווייל די יידישע משפחה האָט אָפּגעקויפט ביי די פּויערים די פּוטער און די אייער״... אַזוי האָט ער געמשפט, דער גלח.

איך און מיין חבר זשאָזעף האָבן דעם גלח אויפגעקלערט אין זיין טעות, צו ווען פאַרמשפּטן אַלע יידן, איבערהויפּט די יידישע ווידער־שטענדלער, וועלכע נייטיקן זיך אין אַן אָפּרו. די דאָזיקע האַנדלונג פון גלח האָט אויך געהאַט אַן איינפלוס צווישן די איבעריקע קריסטן לגבי די יידישע ווידערשטענדלער.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן דעם מוט און אויסדויער פון יידן צווישן די נישט־יידישע ווידערשטענדלער. יידן האָבן זיך אויך דאָ געמוזט פאַרשטעלן אונטער אַ פּסיידאָנים, אין אָנפירן מיטן קאַמף קעגן נאַציזם. זיי האָבן רעאַגירט מיט כוח. זיי האָבן אויך באַדאַרפט זיין מאָראַליש שטאַרק קעגן אינערלעכן שונא, וועלכער איז אָפט דעמאָראַליזירט געוואָרן דורך דער פאַרקויפטער פּראָפּאַגאַנדע־פּרעסע און פון די קאָלאַבאָראַטאָרן; דאָס

זענען געווען פּראַנצויזן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן דם־שונא. אונזער קאַמף איז, הייסט עס, געווען אַ פּילפּאַכער.

וואָס לענגער די מלחמה האָט זיך געצויגן, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די סכנה. די יידישע אויסראָטונג האָט געברענט ווי אַ שרפה, נישט צום פאַרלעשן. עס איז אויך אין דער בהלה, געווען אַ שמד־מגפה. קירכע־דינער האָבן יידישע קינדער אָפּגעריסן פון אונזער פאָלק. עס האָט זיך געהאַנדלט אין ראַטעווען יידישע קינדער, סיי פיזיש, סיי מאָראַליש. מען קען קיינעם נישט באַשולדיקן פון אונזערע יידן. זיי האָבן צוערשט געגלויבט, אַז זייער קינד, פאַרשטעקט אין אַ קלויסטער פון יעזואיטן, איז אין זיכערקייט. עס איז געגוג צו דערמאָנען די פּיינלעכע געשיכטע מיט די ברידער פינאַלי, וואָס די יעזואיטן האָבן זיי נאָך דער מלחמה נישט געוואָלט צוריק אָפּגעבן. עס איז געווען אַ פּראָצעס, ביז מען האָט די קינדער פינאַלי אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און די קינדער אַוועקגעפירט קיין ישראל.

# אין די ביטערע מלחמה - יאָרן

אין 18־טן אַראָנדיסמאַן, אין דער גאַס פּיער־בידען, אויפן מאָנט־מאַרטער, האָט געוווינט אַ יידיש פּאָרפּאָלק. מ'האָט זיי גערופן: די שעווקעס. זיי האָבן געהאַט אַ באַחנט מיידעלע פון אַ יאָר 2. טיזי האָט מען זי גערופן. דאָס קינד האָט געהאַלטן אין איין פרעגן די מוטער, נאָך אַזויפיל הערן רעדן: „ווען קומט שוין מיין באָבעשי?". אין אַ שיינעם פרימאָרגן פון חודש אַפּריל 1938 האָט די משפחה זיך צוגעגרייט אויפצונעמען זייער לאַנג־דערוואַרטן גאַסט פון פוילן, די באָבעשי סוויס. די שמחה אין הויז איז געווען זייער גרויס. פריינט און לאַנדסלייט זענען געקומען מקבל פנים זיין דעם גאַסט.

אַ שטיקל צייט האָט די אַלטע פאַרבראַכט ביי זיי אין הויז, אָנגעפרייט זיך מיטן אייניקל, אָבער עס איז געקומען דער טאָג, ווען זי האָט זיך גע־קליבן צוריקצופאָרן אַהיים, קיין פוילן. אין דער משפחה האָט מען זיך גע־גרייט צו מאַכן אַ שיינע אויפנאַמע פאַר פריינט און באַקאַנטע. די אַלטע האָט שוין געמוזט צוריקפאָרן, ווייל פון פאָטער זענען אָנגעקומען בריוו: ווען קומט שוין די מאַמע צוריק? אין מיטן צוגרייטן די שמחה פון אָפּשייד מיט דער מוטער, איז ווי אַ דונער אַריינגעפאַלן די ידיעה, אַז די היטלערי־שע חיילות זענען באַפאַלן פוילן. עס האָט נישט געדויערט קיין 24 שעה און אויך פראַנקרייך, צוזאַמען מיט ענגלאַנד, האָבן דערקלערט מלחמה. אַזוי איז די אַלטע מוטער זייערע, געצוווּנגענערהייט, פאַרבליבן אין פּאַ־ריז. זי האָט זיך געפּרוּווט צו טרייסטן — אפשר וועט זיך עס שנעל ענדיקן און זי וועט זיך קענען צוריקקערן אַהיים?

די טאָכטער האָט דער מוטער דערציילט:

— ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין פּאַריז, האָט יאָסל שנעל זיך גע־שאַפן אַן אַרבעטס־פּלאַץ, אַ „הויז", אַרויסצונעמען אַביסל אַרבעט. אַזוי

ווי מיר האָבן געוווינט אין אַ האָטעל, פלעגט ער מיך טרייסטן: „זאָרג נישט, מיין טייערע שוועלע (פון דאַנען דער נאָמען: שעווקע), דו וועסט גאַנץ בקרוב האָבן אַן אייגענע וווינונג. דער פּאַטראָן מיינער, וועלכער איז מיין לאַנדסמאַן, האָט מיר צוגעזאָגט כל טוב״.

„וואָכן און חדשים גייען אַוועק. מיין יאָסל רעדט אַלץ נישט. האָב איך באַשלאָסן, אַז לענגער קען אַזאַ לאַגע נישט דויערן. איך האָב יאָסלען געבעטן, אַז ער זאָל גיין צו אַ דאָקטאָר און זיך לאָזן אונטערזוכן. אַנשטאָט אַן ענטפער, איז ער מיר באַפאַלן ווי אַ ווילדע בריה, מיך גענומען וואַרגן.״

די מאַמע, הערנדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ־אויף און איז געלאָפן מיר צו הילף. אָבער יאָסל איז נאָך ווילדער געוואָרן, און האָט זיך געטאָן אַ דריי אויס און געגעבן דער מאַמען אַ פלאַם־פייער־דיקן פּאַטש.

פון דעמאָלט אָן האָב איך געטראָגן אַ האַס צו יאָסלען. און דער מאַמען האָב איך געשווירן, אַז וואָס ס׳זאָל נישט זיין, אָבער מער מיט יאָסלען וועל איך נישט בלייבן, כאָטש די קאָנסעקווענצן וועלן זיין שלעכטע, סיי פאַרן קינד און סיי פאַר מיר.

און מ׳שטיינסגעזאָגט, וואָס פאַראַ לעבן האָב איך ביי אים? זייט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך געוואַרט מיט גרויס געדולד, פאַר־נומען מיט שטילשווייגן מיינע מאָראַלישע און פיזישע ליידן. איצט, מיט דער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך, האָט זיך די לאַגע נאָכמער פאַרערגערט.

כ׳האָב באַשלאָסן צו נעמען דעם גורל אין מיינע אייגענע הענט. לאַנג נישט געוואַרט, האָב איך זיך איבערגעפּעקלט מיט דער מאַמען און מיט מיין סוזעלע אין אַ האָטעל. וועגן אַרבעט האָב איך קיין דאגה נישט געהאַט, ווארום איך בין געווען אַ גוטע דובלע־נייערין, און אַזעלכע האָט מען גע־זוכט מיט ליכט. דאָס לעבן איז אָבער געוואָרן מאָנאָטאָן. די מאַמע האָט מיר געהאַלטן אין איין פאַרוואַרפן, פאַרוואָס איך האָב זיך פריער מיט איר נישט געעצהט, צי איך זאָל באַגיין דעם שריט פון צעשיידן זיך מיט יאָסלען. איך האָב געפּרוווט איר אויפצוקלערן, אַז סיי ווי וואָלט איך זיך געמוזט מיט אים צעשיידן, ווייל זיין מרה־שחורה איז געווען איבער מיינע כוחות. נישט איין מאָל האָב איך זיך צעוויינט אין אַ ווינקל, כדי דער מאַמען קיין עגמת נפש נישט צו פאַרשאַפן. אָ, נייך, מאַמע, איך האָב גאָרנישט פאַרלוירן,

פאַרלאָזנדיק יאָסלען. דו האָסט גאַנץ גוט געזען, צי ער האָט צומאָל חרטה געהאַט אויף זיין סקאַנדאַלעווען, אָדער ער האָט געפּרווט אונז דעם וועג פאַרשטעלן, ווען מיר זענען אַוועק? ער האָט צומאָל דעם קינד קיין קוש נישט געגעבן, ווען זי האָט אים געזאָגט: „אָרעוואַר, פּאַפּאַ", ד. ה. צום ווידערזען.

— יאָ, ביסט כשר גערעכט, מיין קינד, אָבער פאַרגעס נישט, טאָכ־טערשי, אַז ביסט אינגאַנצן אַלט 28 יאָר...

— איך פאַרשטיי זייער גוט דיינע ווערטער, מאַמע. אָבער וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען יאָסל וואָלט געוועזן אַוועק אין דער מלחמה?

„אין דער אמתן איז די מאַמע גערעכט — טראַכט זי — וואָרום אַזוי לאַנג קען עס דאָך נישט דויערן. שוין שיינע חדשים זענען אָפּגע־לאָפן, ווי מיר זענען אַוועק פון אונזער היים. יאָסל איז נאָך קיין איין מאָל נישט געקומען, אָדער עמיצן צוגעשיקט, געוויער צו ווערן וואָס דאָס קינד מאַכט. די דייטשן ווילדעווען אין פאַריז. כ'ווייס, אפשר האָט מען אים אַמאָל פאַרהאַלטן בעת די לעצטע ראַפלעס (אָבלאַוועס) דורך דער געסטאַ־פּאָ? איך מוז גיין געוויער ווערן".

באַלד נאָך דער אַרבעט איז שעווקעלע אַוועק צו איר געוועזענער היים. דאָס האַרץ האָט ביי איר שטאַרק געקלאַפּט, ווען זי האָט דיסקרעט אָנגע־קלאַפּט אין דער טיר ביי דער הויז־וועכטערין. זי האָט באַלד אינסטינקטיוו דערפילט, אַז עפּעס איז מיט יאָסלען געשען. ווארום איידער זי האָט נאָך באַ־וויזן אַרויסצוזאָגן „באָן־זשור", האָט די הויז־וועכטערין איר דערלאַנגט אַן אָפּענעם בריוו און צוגעגעבן:

— דאָס האָט אַ זשאַנדאַרם געברענגט פון דראַנסי...

דער קאָפּ האָט זיך איר פאַרדרייט, דעם אָטעם — אָפּגעהאַקט. זי איז אַוועקגעפאַלן אין דער שטול, קוים געקומען צו זיך פון דער עמאָציע.

— אָרעמע מאַדאַם — האָט די הויז־וועכטערין זי באַדויערט — די „באָשן" אַרעסטירן יידן... און ווער ווייסט וואָס נאָך ס'וועט זיין...

תיכף איז שעווקע אַהיימגעלאָפן צו זיך אין האָטעל. די מוטער, דער־זעענדיק זי, האָט באַלד דערקענט אין דער טאָכטער'ס פנים, אַז ס'איז עפּעס געשען. אַנשטאַט צוגרייטן צום טיש, ווי אַלעמאָל, ווען שעווקע קומט פון דער אַרבעט, האָט זי געכאַפּט דאָס קינד אין אירע אָרעמס.

— מי יודע, וואָס פאַראַ צרות זיי גרייטן צו פאַר אונז, די נאַציס...

ווי זי וואָלט געהאַט אַ פּאַרגעפּיל, אַז עפּעס שרעקלעכס גרייט זיך. שעוועק האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט דאַרף מען זיך ריכטן אויף אַלעם, שטאַרק זיין, קעמפן פאַר דער עקזיסטענץ. אַצינד, ווען די נאַצי־רויבער כאַפּן אומשולדיקע מענטשן און וואַרפן זיי אין די לאַגערן.

— איז עפּעס פאָרגעקומען מיט יאָסלען? — פרעגט די מוטער דערשראָקן.

— ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין אַן אַבלאַווע און איז איינגעזעצט אין לאַגער פון דראַנסי. אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל צו ראַטעווען אים. מאָרגן פאַר איך קיין דראַנסי.

— און מיך מיטן קינד לאָזטו אַליין?

— לאָמיר קודם זען יאָסלען אַרויסצורייסן פון זייערע לאַפּעס...

צומאָרגנס באַלד באַגינען איז שעוועק אַוועק פון דער היים. זי איז געזעסן אין דער באַן, וואָס פאָרט קיין דראַנסי, מיטן פּנים אומגעדרייט צו דער שויב, פאַר איר זענען פאַרבייגעפלויגן די הינטערשטאָטישע לאַנד־שאַפטן. אין זעלבן וואַגאָן איז געזעסן נאָך אַ גרופּע פרויען, צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער. זי האָט באַלד געזען, אַז דאָס זענען יידישע פרויען, מסתמא אין דער זעלבער לאַגע, ווי זי. אַ יידיש וואָרט האָט זיך דערטראָגן צו איר אויער. זי האָט זיך צוגעזעצט לעבן זיי. זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט. אין זייערע אויגן האָט געפינקלט אַ טרער. איינע פון זיי האָט פּלוצים אַ זאָג געטון:

— געוויס זענט איר אַלע פראַנצויזן. אַזוי ווי מיר דערנענטערן זיך צו דראַנסי, וויל איך אייך זאָגן, טאָמער פרעגט מען ביי אייך די פּאַפּירן, איז אויב איר טראָגט דעם שטעמפּל „זשוויף", זאָלט איר די פּאַפּירן נישט ווייזן.

איז פאַר דער גרופּע פרויען קלאָר געוואָרן, אַז די פרוי איז פון דער ווידערשטאַנד. אַראָפּגייענדיק פון דער באַן אין דראַנסי, האָבן זיך די יידי־שע פרויען אויסגעמישט מיטן גרויסן עולם אויפן וואָקזאַל. אַוועקגעלאָזן צום לאַגער האָבן זיי זיך דורך זייטיקע גאַסן. און ווידער האָט די פרוי, די ווידערשטענדלערין, געזאָגט צו זיי: „אויב איר האָט מעגלעכקייטן זיי צו באַפרייען, אייערע מענער, איז גוט. נאָר איין זאַך — דיסקרעציע".

שעוועק האָט אַלץ נאָכגעקלערט, ווי אַזוי אַרויסצורייסן יאָסלען פון אַ זיכערן טויט. גייענדיק צום לאַגער, שטאַרק פאַרטראַכט, איז איר פּלוצים

דורך אַ געדאַנק — אָ, ווען איך קען שליסן באַקאַנטשאַפט מיט איינעם פון די זשאַנדאַרן... זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און באַמערקט אַ לאַסט־וואָגן, וואָס איז אַרויסגעפאָרן פונעם טויער פון לאַגער. ער איז געווען אונטער אַ שטאַרקער שמירה פון זשאַנדאַרן. טרערן זענען איר געקומען אין די אויגן. זי האָט זיך דערמאָנט וואָס דער פאָטער אירער האָט איר דערציילט וועגן יידישע מאַרטירער, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר זייער אמונה און פאַר זייער פאָלק. זי האָט אַרויסגענומען אַ טיכל און זיך געווישט די אויגן. איצט — האָט זי זיך געזאָגט — איז נישט קיין מאָמענט פון סענטימענטן.

אַ סך מאָל איז זי נאָך געקומען אַהער. טייל מאָל האָט זי זיך געזאָגט, אַז אַלע פּלענער זענען דורכגעפאַלן, כאָטש זי איז געווען קאַלטבלוטיק. אין איינעם אַן אָוונט האָט זי דערפילט, אַז דאָס איז דער דעצידירנדיקער מאָמענט. זי האָט שוין געהאַט אַ באַקאַנטן זשאַנדאַרם און ער האָט צוגעזאָגט איר צו העלפן. ענדלעך איז יאָסל געווען פריי.

יאָסל איז ווידער געווען אין דער היים. די מוטער האָט נאָר געוואַרט אויפן מאָמענט, אַז יאָסל זאָל צוריקקומען צו דער משפּחה.

דעמאָלט האָט שעווקע זיך פאַרבונדן, דורך יענער באַגעגנטער פרוי, מיט דער ווידערשטאַנד. זי האָט דער פרוי דערציילט וועגן איר מאַן און אַז נאָר אַ דאַנק איר דערמוטיקונג, האָט זי באַוויזן אים צו באַפרייען.

אין דער היים האָט יאָסל זיך געשפּילט, אַ גליקלעכער, מיטן קינד. די מוטער האָט נאָר געוואָלט וויסן ביי דער טאָכטער:

— וואָס זאָגט יאָסל צו דיין בריהשקייט?

— מיינע געפילן צו יאָסלען זענען, דעם אמת געזאָגט, כמעט ווי אָפּגעטויט, כאָטש איך האָב זיך מקריב געווען פאַר אים... — האָט זי געענטפערט דער מוטער — איך קען נישט פאַרגעסן, ווי ער האָט דעמאָלט געהויבן די האַנט קעגן דיר.

— זינדיקסט, טאָכטער — האָט די מוטער געזאָגט — אויב דו ווילסט זיין גליקלעך און דערציען דאָס קינד, מוזסטו אַלץ פאַרגעסן און מוחל זיין.

— ער האָט מיר נאָך קיין איין מאָל נישט געזאָגט קיין גוט וואָרט, כאָטש איך האָב געהאָרעוועט מיט אים צוזאַמען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ס'איז אמת, קיין שום צערטלעכקייט האָט ער איר נישט אַרויסגעוויזן. ווער שמועסט נאָך, באַזוכן אַ טעאַטער, אָדער אַ קינאָ.

— אפשר האָט ער מורא צו גיין אין גאַס, צוליב די אַבלאַוועס? — האָט די מוטער אים געפּרוווט צו פאַרענטפערן.

— דו ווייסט זייער גוט, אַז מיר האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן. אונזערע פּאַפּירן זענען אויף „אַרישע" נעמען.

אַזוי האָבן מאַמע און טאַכטער זיך דורכגעשמועסט. דאָס לעבן צווישן פּאָרפאָלק איז דערמיט נישט בעסער געוואָרן. אָבער די מוטער האָט זיך אַלץ געטרייסט:

— זאָל נאָר היטלער איינעמען אַ מיתה משונה, וועט מען אפשר דערהאַלטן אַ גוטע בשורה פון טאַטן אין פּוילן.

ביז די מוטער איז פּלוצים אַוועקגעפאַלן קראַנק. זי האָט איינמאָל געהערט אַ שאַרפן שמועס צווישן דער טאַכטער מיט יאָסלען, און דאָס האָט זי זייער שטאַרק געטראָפן. ווייל יאָסל איז אין דער באַציונג צו זיין יונגער פרוי פאַרבליבן ווי געווען. די דאָקטוירים האָבן נישט געקענט אויסגעפינען, וואָס דער אַלטער איז. עפּעס אַן אינערלעכער ווייטיק שרומפּט איר איין וואָס אַמאָל מער. די טאַכטער איז נישט אָפּגעטראָטן פון דער מוטערס בעט.

יאָסל איז אַוועק שפּאַצירן מיטן קינד, טרעפן זיך מיט אַ באַקאַנטן. ער האָט זיך דאָסמאָל לאַנג פאַרזאַמט און איז נישט אַהיימגעקומען 4 אַזייגער מיט סוזילען. דער זייגער איז שוין געווען 5 און ער איז נאָך אַלץ נישט געווען צוריק. כאָטש ער האָט „אַרישע" פּאַפּירן און רעדט פראַנצויזיש נישט שלעכט. ער איז געקומען, מיטן קינד ביי דער האַנט זייער שפּעט. ער האָט דאָסמאָל געבראַכט טרויעריקע נייעס, וועגן דעם, אַז די נאַצים פירן דורך שחיטות פון יידן אין פּוילן, אַז וואַרשע איז אָפּגעמעקט געוואָרן, צוזאַמען מיט די יידישע גיבורים פון געטאָ. די מוטער איז צוריק אַוועקגעפאַלן אויף איר געלעגער. זי האָט גאָרנישט מער געוואָלט נעמען צום מויל. שעווקע האָט זי געטרייסט:

— פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט מען איבערגעגעבן, אַז די דייטשן ליידן גרויסע מפּלות ביי סטאַלינגראַד.

— הלוואַי, מיין קינד. אפשר וועל איך נאָך האָבן די זכיה צו זען דיין טאַטן... דאָס וועט זיין די נחמה...

די מוטער איז געלעגן האַלב־פאַרחלשט. זי האָט זיך געוואָלט אויפזעצן און נישט געקענט. יאָסל איז געבליבן ווי פאַרשטייפט, אָבער דאָס קינד האָט אים צוגעפירט צום בעט.

— פּאַפּאַ — האָט זי געזאָגט — בעט „פּאַרדאָן“ ביי דער באָבען, וועט זי אפשר צוריק אויפמאַכן די אויגן...

די רייד פונעם קינד האָבן אים שטאַרק געטראָפן, ער האָט זיך דערפילט ווי אַ בעל־תשובה. אָבער פּלוצים איז געשען ווי אַ נס. די אַלטע האָט ווידער אויפגעמאַכט די אויגן, און אַרויסגעשעפּטשעט:

— קומט אַהער נענטער, קינדער, וועל איך אייך געבן מיינע ברכות, אַזוי ווי דער טאַטע וואָלט עס געטאָן, ווארום איך פיל, אַז ער לעבט שוין נישט מער. מיינע כוחות פאַרלאָזן מיך. דעריבער, טאָכטער מיינע, האָב ליב יאָסלען. ער איז גאָרנישט שולדיק. איידער איך גיי אַוועק צום טאַטן, וויל איך איר זאָלט מיר פאַרזיכערן, אַז איר וועט אויספירן מיין בקשה.

זיי זענען ביידע געשטאַנען צונויפגעדריקט, יאָסל מיט שעווקען. דאָס קינד האָט צום ערשטן מאָל אַרומגענומען מיט אירע הענטלעך אירע טאַטעמאַמע. די אַלטע איז אַוועקגעפאַלן אויפן קישן און פאַרמאַכט די אויגן אויף תמיד. זיי זענען געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערטע. סוזעלע האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. יאָסל האָט אויפגעהויבן זיין מיידעלע אויף די הענט און צוגעדריקט דאָס קינד צו זיך.

***

זיי האָבן זיך באַמיט אויסצופירן די צוואה פון דער מוטער, נאָכדעם ווי זיי האָבן דער אַלטער באַגלייט אויפן בית עולם פון „פּאַנטען“. עס איז געווען אַ מין פאַרגליווערטקייט אין זייער הויז. אָבער די קליינע סוזילע האָט אַביסל אויפגעהייטערט די שטוב מיט אירע געלעכטערן און שפּילערייען. יאָסל, אַ דענערווירטער, האָט עס נישט געקענט פאַרטראָגן, האָט אָפּט געשריגן אויפן קינד. די קליינע האָט זיך צעוויינט. דאָס האָט ווידער דערמאָנט די סצענע פון אַמאָל. זיי זענען ווידער געוואָרן אָפּגעפרעמדט. זיי האָבן אָבער געדענקט דער מוטערס צוואה. יאָסל האָט געפּרווט רעדן צו זיין פרוי:

— איך זאָג דיר צו, ביי אַלעם, וואָס איז אונז ביידן הייליק, אַז נאָך נאָך דער מלחמה, וועט דיין מאַמע געבראַכט ווערן צו קבר־ישראל, אַזוי ווי עס פירט זיך ביי יידן. איך, יאָסל, דער פריידענקער, וועל אפילו קדיש זאָגן.

אַ קלאַפּ אין טיר האָט איבערגעריסן זייערע רייד. שעווקע איז געווען זייער איבעראַשט צו דערזען אירס אַ חברטע.

— איך בין איך געקומען אָנזאָגן אַ גוטע בשורה — האָט יענע דער־ציילט — אַז די מפּלה פון די נאַציס איז נאָענט. לאָמיר גיין צום קבר פון אייער מוטער און ברענגען בלומען. זי איז געווען דער קרבן פון די נאַציס.

זיי זענען ביידע געווען שטאַרק גערירט, דאָס איז געווען די אָנער־קענונג פון די ווידערשטענדלער פאַר זייער מוטער. אויך די קליינע סוזילע האָט דערפילט אַז עפּעס האָט זיך געענדערט צום בעסערן אין הויז. צו דער באַשטימטער צייט זענען זיי זיך צוזאַמענגעקומען אויפן בית־עולם „פּאַנ־טען". זייער דערשטוינט איז שעווקע געוואָרן, ווען זי האָט דערזען אָנקו־מען איר אַמאָליקע גרופּע פרויען, מיט וועלכע זי האָט זיך געטראָפן אין דער באַן, פאָרנדיק קיין דראַנסי, כדי אַרויסצוראַטעווען יאָסלען. שעווקע האָט זיך נישט פאַרלוירן. זי האָט זיך האַרציק צעקושט מיט די יידישע פרויען. אָבער דאָסמאָל זענען זיי געקומען מיט אַ גאַנץ אַנדערן ציל. נאָכ־דעם ווי זיי האָבן אַוועקגעלייגט די בלומען אויפן קבר פון דער מוטער, האָט אַ חבר פון די פאַרזאַמלטע גענומען אַ וואָרט און געזאָגט:

— טייערע שוועסטער און ברידער! די היטלעריסטישע בעסטיע האָט באַקומען אַ טויט־קלאַפּ אין סטאַלינגראַד. יעדער איינער פון אונז האָט אַ חוב נקמה צו נעמען אין די מענטשן־פרעסער...

אויף שעווקען איז אויסגעפאַלן צו בלייבן אין קאָנטאַקט מיטן חבר, וואָס האָט גערעדט. זי איז געוואָרן זיין פאַרבינדלעריך. אַזוי איז זי אָפּט אַוועק אויף ראַנדעוווען מיטן חבר, איבערלאָזנדיק יאָסלען מיט סוזילען, אָבער יאָסל איז ווידער געווען אומצופרידן דערפון:

— מיר, מיין טייערע שעווקע, ווילן בלייבן נייטראַל צו די אַק־ציעס...

— איך פאַרשטיי דיך נישט, יאָסל. דו אַליין ביסט געווען פאַרמשפּט אומצוקומען דורך די רשעים, זאָלסט אַזוי רעדן! דאָס פּאַסט פאַר אַ מה־יפית און אַ פּחדן... ווען איך וואָלט עס פריער געוווּסט...

די דאָזיקע ווערטער האָבן יאָסלען שטאַרק וויי געטון. ער האָט אָבער נישט רעאַגירט. פון איצט אָן האָט שעווקע אָנגענומען פאָרזיכטיקייט־מיט־לען. קודם האָט זי באַטראַכט סוזילען צו באַזאָרגן ביים חבר נאָעל. שעווקע

איז אַוועק צו איר פֿאַרבינדלער און אים דערציילט איר פֿאַמיליע־טראַגע־דיע. יענער האָט געזאָגט:

— די זאַך איז נישט אַזוי פּשוט. פּרוּוו נאָך אַמאָל צו רעדן מיט דיין מאַן, זע אים איבערצוצייגן.

אַהיימגעקומען, האָט זי געזוכט אַ פּאַסיקן מאָמענט צו רעדן נאָך אַמאָל מיט יאָסלען. נאָכן אָוונט־ברויט, ווען סוזילע איז שוין געשלאָפֿן, האָט זי זיך געזאָגט: איצט איז דער פּאַסיקער מאָמענט, איידער זי גייט אַוועק־געבן סוזילען אין זיכערע הענט פֿון דער רעזיסטאַנס. טאָמער וועט ער ווייטער ענטפֿערן מיט זיין קאַטעגאָרישן „ניין", וועט זי מוזן אויספֿירן איר באַשלוס קעגן יאָסלס ווילן.

— איך לייד זייער אַ סך — האָט זי גערעדט צו יאָסלען — פֿון דיין שטיין פֿון דער ווייטנס, בעת אַנדערע שלאָגן זיך קעגן שונא. ווען נישט מיין מסירת נפש, וואָלסטו דאָך אַליין אויך דעפּאָרטירט געוואָרן.

אירע אויגן זענען פֿייכט געווען, אָבער זעענדיק יאָסלס איינגעשפּאַרט־קייט, האָט זי ווייטער געפּרוּווט:

— אויב ביסט נישט מסכים מיט מיר, בין איך גרייט אַוועקצוגעבן אונזער קינד, אָפּצוהיטן עס, צו די ווידערשטענדלער, און מיר ביידע וועלן מער נישט האָבן קיין שום מגע־ומשא. איך וואַרט ביז מאָרגן.

אַזוי איז ווידער געקומען דער איבערברוך אין זייער משפּחה־לעבן. באַלד צומאָרגנס האָט זיך שעווקע געטראָפֿן מיט די חברים פֿאַרבינדלער און דערציילט וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין איר הויז.

— אויב אַזוי — האָט דער פֿאַרבינדלער געזאָגט — איז אפֿילו אַ סכנה, אַז דו זאָלסט זיין מיט אים צוזאַמען. וואָרום מ'קען נישט וויסן וואָס פֿאַראַ משוגעתן עס קענען אים קומען אויפֿן געדאַנק. ברענג דיין קינד און מיר וועלן זיך מיטן קינד פֿאַרנעמען.

שעווקע האָט געפֿילט אַ קלעם ביים האַרצן, אָבער זי האָט זיך גע־שטאַרקט, נישט אַרויסגעוויזן עס. אַהיימגעקומען, האָט זי באַלד באַמערקט, אַז עפּעס איז נישט נאָרמאַל. טוט זי אַ פֿרעג יאָסלען:

— וואָס פֿאַראַ סיורפּריזן גרייסטו ווידער צו?

יאָסל האָט באַלד נישט געענטפֿערט, צום סוף זיך אָפּגעריסן:

— כ'לאָז דיר איבער ס'גאַנצע הויז און טו, ווי דיין שכל דיקטירט

דיר. אפשר וועלן מיר זיך נאָך צוזאַמענטרעפן, אויב מיר וועלן איבער־לעבן די מלחמה...

אָפּגעזאָגט דאָס, האָט ער אָן איין וואָרט גענומען זיין פּעקל, האָט זיך אויסגעדרייט צו איר, ווי ער וואָלט איר נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער די ווערטער זענען אים געבליבן פאַרשטיקט אין האַלדז. ער האָט אויפ־געמאַכט די טיר אַרויסצוגיין, אָבער סוזילע איז פּלוצלונג אַריינגעשפּרונ־גען, קומענדיק פון דער שולע. דאָס קינד האָט גלייך דערפילט מיטן אינס־טינקט, אַז עפּעס איז דאָ פאָרגעקומען. ער האָט געקושט דאָס קינד, און ווי אַ קוואַל וואָלט זיך געעפנט פון זיינע אויגן. באַלד דערנאָך איז יאָסל פאַרשווונדן.

שעווקע איז כלומרשט פאַרבליבן רואיק, סטאָאיש. האָט אַרומגענו־מען דאָס קינד, געצערטלט עס און איר געזאָגט:

— קום, מיין האַרציק מיידעלע, כ׳וועל דיר צוגרייטן, ווייל דו פאַרסט אַוועק באַלד נאָכמיטאָג צו אַ טאַנטע. דערפאַר האָט דער פּאַפּאַ דיך אַזוי געקושט...

***

וואָס האָט, אייגנטלעך, באַוויגן יאָסלען קעגנצושטעלן זיך, אַז שעווקע זאָל אַרבעטן אין דער ווידערשטאַנד? אים האָט פאַרדראָסן, וואָס זיי האָבן געמאַכט אַ פאַרזאַמלונג ביים קבר פון זיין שוויגער. נאָך אַ זאַך האָט אים פאַרדראָסן, וואָס שעווקע איז געוואָרן אַ פאַרבינדלערין פון אַ חבר, און ער איז פּשוט געווען אייפערזיכטיק. מ׳נעמט אים צו זיין שעווקען. דאָס האָט אָבער שעווקע נישט גוט אַדורכגעטראַכט. זי איז געקומען צו יאָסלען מיט אַ באַשלאָסענע זאַך, אים צו זאָגן, אַז פון היינט אָן איז זי באַשטימט צו זיין די פאַרבינדלערין פון חבר נאָעל. ווען זי וואָלט עס געווען אַדורגעטראַכט פריער, און געקומען צו אים, עס אויפצוקלערן, וואָלט ער אפשר אַנדערש געהאַנדלט, יאָסל. ווארום ער אַליין איז דאָך אויך געווען אַ געפּרוווטער, כאָטש ער האָט זיך קיינמאָל מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט נישט פאַר־נומען. אָבער פאַר שעווקען איז די אַרבעט אין דער ווידערשטאַנד געווען הייליק און טייער.

דאָס האָט זי אים נישט געזאָגט, און דערפאַר איז זיין אַוועקגיין פון

דער היים נישט געווען, אַזוי ווי דער פּריערדיקער ברוגז. ער איז געטראָפן געוואָרן אין דער טיף פון זיין נשמה. זי האָט אים צומאָל נישט געפרעגט: ווו גייסטו, יאָסל? ווו קען מען דיך זען? גייסט אַוועק? אַזוי האָט זיך באַקומען. זי איז אפילו שטילערהייט, אין זיך, צופרידן געווען. סיי ווי איז סוזילע מער נישט אין דער היים. ווי עס זאָל נישט זיין, מ׳וועט אונטערוואַרטן און זען, וועד עס וועט אַרויסוויזן מער בענקשאַפט צום קינד און — איינער צום אַנדערן. אפשר וועט זיך דאָך אויפוועקן אַ חרטה־געפיל, פון דעם ריס אין זייער לעבן?

די ערשטע פּאָר טעג זענען אַדורך אָן שום ענדערונגען. שעווקע האָט שוין געהאַט נייעס פון איר קינד. די קליינע איז גוט פאַרזאָרגט, שרייבן די באַקאַנטע, וואָס האָבן דאָס קינד געהאַלטן ביי זיך, נאָר זי פרעגט כסדר — ווען קומט שוין די נקמה? דאָס וואָרט האָט דאָס קינד געדענקט פון דער באָבען. זייט יאָסל איז אַוועק, האָט זי נישט קיין שום נייעס פון אים. האָט זי קיין סך צייט נישט געהאַט צופיל אַריינצוקלערן. זי געפינט זיך איינע אַלייך, צווישן אירע פיר ווענט, זי פילט אַרום זיך אַ ליידיקייט.
גייט אַריין צו אַ חברטע פון דער ווידערשטאַנד, און יענע זאָגט איר:

— איך האָב נאָר וואָס געטראַכט פון דיר.

— וועגן וואָס האָסטו געטראַכט? — פרעגט שעווקע.

— עס האַנדלט זיך וועגן דיין יאָסלען. אַלע ווייסן ווי אַזוי דו האָסט זיך איינגעשטעלט אים צו באַפרייען. און איצט, הערן מיר, בלאָנקעט ער זיך אַרום. ווו ער טאָגט, נעכטיקט ער נישט...

שעווקע האָט זיך געפילט געטראָפן. טרערן זענען איר געשטאַנען אין די אויגן. די חברטע האָט זיך אַנטשולדיקט, אויב זי האָט איר וויי געטון.

— כ׳ווייס — זאָגט שעווקע — האָסט מיר נישט געוואָלט וויי טון. אָבער איך פיל זיך שולדיק. ווו האָסטו אים געזען, וויל איך וויסן?

— און וואָס וועט זאָגן דער חבר נאָעל?...

— מיין שליחות פיר איך אויס — זאָגט שעווקע — ווי אַלעמאָל. מען קען מיר גאָרנישט פאָרוואַרפן.

— אויב אַזוי, בין איך גרייט דיר צו העלפן. נישט אומזיסט האָט דער חבר נאָעל דיך אויסגעקליבן פאַר אַ פאַרבינדלערין.

— צי רעדסטו, ווי אַ חברטע, אָדער אויס אייפערזוכט? — איז שעווקע געווען פול מיט חשד.

— איך רעד אַזוי, ווייל נישט יעדער איז פּעאיק צו אַזאַ שליחות. און וואָס שייך יאָסלען, גיי אַריבער צו זיין אַמאָליקן פּאַטראָן.

— צו זיין אַמאָליקן פּאַטראָן? עפּעס גלויב איך נישט. גוט, כ'וועל גיין.

און זי איז אַוועק מיט אַ ביטער געפיל פון דער חברטע. ס'איז געווען געפערלעך צו גיין אין די גאַסן. ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו פילן די מפּלה פון די דייטשן. נאָך סטאַלינגראַד, זענען זיי ווילד אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, געמאַכט אַבלאַוועס. מען האָט געפילט, אַז זייער מפּלה דערנענטערט זיך. אָבער שעווקע האָט איינגעשטעלט איר לעבן, געלאָפן אומעטום, אויפצוזוכן יאָסלען. די געדאַנקען האָבן איר ווייט פאַרטראָגן — פון וואַנען ווייסט די חברטע, אַז יאָסל איז געקומען צו זיין געוועזענעם פּאַטראָן? פון וואַנען ווייסט זי, אַז ער האָט ביי אים אַמאָל געאַרבעט? איך מוז נישט באַלד אַרויפגיין אַהין. איך וועל צוערשט אַריינגיין צו די לאַנדס־לייט.

און זי איז אַוועק צום לאַנדסמאַן, וואָס באַהאַלט זיך אויס אַ 20 קילאָ־מעטער פון פּאַריז. אַזוי האָט איר געראָטן דער אָנגעשטעלטער, וואָס איז אַ פאַרטרויאונגס־מענטש אין זיין געשעפט, אַ זשעראַנט פאַר די דייטשן לפנים.

אָבער איידער זי האָט אונטערגענומען די נסיעה, האָט זי זיך געוואָלט זען מיטן חבר נאָעל. אפשר וועט ער איר עפּעס עצהנען? דערוויל זאָגט איר אַ חבר אָן די גוטע בשורה, אַז סטאַלינגראַד איז געפאַלן, אַז די דייטשע אַרמיי איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. דאָס האָט געוואַלדיק ביי אַלעמען געהויבן די מאָראַל.

אָבער — ווו איז יאָסל? נאָעל נעמט זי אויף וואַרעם. זיי צעקושן זיך, צוליב די גוטע נייעס.

— עס איז צו גלויבן — זאָגט דער חבר נאָעל — אַז גאָר בקרוב וועלן מיר אַלע זיין מאָביליזירט, ווייל די אַלירטע אַרמייען דאַרפן דעבאַרקירן אַ ליאַדע טאָג. דיינע שליחותן זענען פון גרויס וויכטיקייט.

— איך בין געקומען זיך עצהנען מיט דיר, חבר נאָעל, וועגן מיין חבר יאָסל. ער וואַלגערט זיך ערגעץ אַרום.

— רעד קלאָרער — האָט ער זי געבעטן.

— אונזערע אַ פריינדין האָט מיר שטאַרק ווי געטון, דערציילנדיק מיר וועגן אים, אַז ער שלעפּט זיך אַרום אָן אַ היים. מען האָט אים געזען

פאַרן הויז פון זיין געוועזענעם פּאַטראָן. און גראָד דער פּאַטראָן האָט אונז זייער אַ סך שלעכטס געטאָן. האָב איך באַשלאָסן זיך צו פאַרבינדן מיט אַ לאַנדסמאַן, וואָס איז מסוגל אים אויסצוגעפינען. אַלץ האָט זיך אפשר באַ־קומען צוליב מיר. איך האָב צו לייכטזיניק געהאַנדלט. עס איז אָבער נישט לייכט צו קומען צום לאַנדסמאַן, ווייל ער איז אויסבאַהאַלטן ביי זיינס אַ פּאַרטרויאונגס־מענטש, וואָס אַרבעט ביי אים אין געשעפט, באַזעצט דורך אַ זשעראַנט פון די דייטשן, פּונקט ווי אַלע יידישע געשעפטן, דער אָנגע־שטעלטער וווינט אַ 20 קילאָמעטער פון פּאַריז. איך האָב זיך שוין פאַר־שטענדיקט מיטן אָנגעשטעלטן. נאָר איידער איך נעם אונטער מיין נסיעה, בין איך געקומען צו דיר ח׳ נאָעל, זאָלסט מיר עצהגען, ווייל אויך ביים צעשיידן זיך האָב איך געהאַנדלט לויט דיין עצה...

— יאָ, חברטע שעווקע, דער פּלאַן וואָלט אפשר גוט געווען, ווען דו פּאָלגסט מיך. אַצינד מיין איך אַזוי: קודם מוזסטו זיך זען מיט דיין לאַנדס־מאַן. שפּעטער וועלן מיר שוין זען, וואָס עס בלייבט איבער צו טאָן. פאָר און זיי מצליח.

שעווקע האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז תיכף אַוועק אויפן ראַנדעוווּ מיטן אָנגעשטעלטן. ער האָט טאַקע געוואַרט אויף איר אין דער באַשטימטער צייט. ער איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען, זיך באַגריסט מיט איר, און איז גלייך צוגעטרעטן:

— איר ווייסט, ער איז זייער צופרידן, מיין פּאַטראָן, אַז איר קומט אים זען. שוין לאַנג ווי ער וואַרט אויף אייך, האָט ער מיר געזאָגט.

— אויב אַזוי — זאָגט שעווקע — קאָן איך אפשר היינט מיטפאָרן מיט אייך?

— אוודאי קענט איר.

און זיי זענען ביידע באַלד אַוועק צום גאַר דע ל׳עסט. איינגעשטיגן אין וואַגאָן, האָבן זיי געקוקט דורכן פענצטער, און געזען פון צייט צו צייט אַדורכלויפן אַ צוג, פול געפּאַקט מיט דייטש מיליטער. עס האָט איר דער־מאָנט די ווערטער פון חבר נאָעל, וועגן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע, און וואָס פאַרא געשעענישן עס גרייטן זיך בקרוב. אָבער דער מיטפאָרער האָט איבערגעריסן אירע טראַכטענישן און אָנגערופן זיך:

— איר ווייסט, דער זשעראַנט פון געשעפט הייבט אָן צו ווערן אָביסל

אומרואיק די לעצטע טעג. איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס? וואָלטן די געשעפטן געגאַנגען שלעכט, וואָלט איך פאַרשטאַנען. עס איז אָבער פאַרקערט, די לעצטע טעג האָבן מיר נאָך בעסער געאַרבעט ווי פריער. ווער זענען די קונים? די אַלטע קליענטעל פון אַמאָל איז פאַרשוווּנדן. עס קומען אַ סך דייטשן. אָבער די לעצטע טעג באַווייזן זיך מערסטנס פּראָווינציעלע קליענטן.

— דאָס טאַקע האָב איך געוואָלט וויסן — באַמערקט שעווקע.

אַזוי שמועסנדיק, זענען זיי אָנגעקומען אינעם שטעטל. מען האָט נאָך באַדאַרפט גיין צופוס צוויי קילאָמעטער, ביז זיי זענען אָנגעקומען צום פּאַוויליאָן. דאָס האַרץ ביי שעווקען האָט גענומען האַסטיקער קלאַפּן. עפּעס אַן אומרו האָט זי באַהערשט. זי האָט זיך דערמאָנט דאָס געפיל, וואָס זי האָט געהאַט בעת זי איז געפאָרן קיין דראַנסי, אַפּצוראַטעווען יאָסלען. איר מוטער האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. אַך, וואָס פאַראַ הייליקע מאָמענטן דאָס זענען געווען. אָבער איצט איז די זאַך אַנדערש. איך גיי זען אַ לאַנדסמאַן, און אָט שטיי איך אומבאַהאָלפן, נישט וויסנדיק וואָס צו זאָגן. דער לאַנדסמאַן פאַלט איר אין די אָרעמס, ווי זי וואָלט זיין טאָכטער געווען, פירט זי אַריין אין זיין באַזונדערן צימער, הייבן ביידע אָן צו רעדן יידיש.

— צי ווייסטו מיין בראָך? — זאָגט ער צו איר.

— וואָס איז געשען? — פרעגט שעווקע.

— די רוצחים האָבן מיר צוגערויבט מיין פרוי און מיין גיטעלען. דאָס איז געווען אין דעם טאָג, ווען זי איז געפאָרן קיין פּאַריז אויף דער לוויה פון דיין גאָטזעליקער מוטער, צוזאַמען מיט מיין גיטעלען. אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, האָב איך נאָך אַ שטיקל האָפענונג... ווער ווייסט?...

— לאָמיר האָפן, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן און די מערדער וועלן באַצאָלן פאַר אונזערע קרבנות. דו ווייסט נאָך נישט אַלץ פון אונזער גרויסן יידישן בראָך...

— אָבער וואָס האָט דיר פלוצים געברענגט צו מיר? מיין קינד... איך אַנטשולדיק זיך, רוף דיר, מיין קינד...

— איר דאַרפט זיך נישט אַנטשולדיקן. איך זע אייך ווי מיין פאָטער...

— יאָ, מיין קינד, וואָס האָט דיך באַוויגן זאָלסט זיך זעען מיט מיין אָנגעשטעלטן? ער איז אַ ווילער מענטש. זיי רופן מיך „גראַן־פּער".

— וואָס עס האָט מיך געבראַכט צו אייך? מיין יאָסל איז אַוועק פון מיר, שוין אַ שטיקל צייט. ער האָט זיך באַוויזן ביי די דאָרקינס. איר ווייסט ווער זיי זענען... וואָלט איך אייך געבעטן, אַז אייער יידן־פריינט זאָל זיך זען מיט זיי, געוואָר צו ווערן.

— אָבער וועלכע רעזולטאַטן דערוואַרסטו?

— ווען כ'בין געפאָרן אַרויסראַטעווען יאָסלען פון דראַנסי, האָב איך אויך נישט געוווסט וואָס עס וועט אַרויסקומען.

— נו, גוט, כ'וועל אַלץ טאָן דיר צו העלפן. שפּעטער וועלן מיר שוין זען. און לאָמיר האָפן, אַז אַלץ וועט זיין מיט מזל.

און שעווקע איז אַוועק מיט אַ באַרואיקט געפיל, אַז אויך דאָסמאָל וועט זי אַרויסראַטעווען יאָסלען פון אַלע געפאַרן; אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט צוריקקומען זייער רואיק משפּחה־גליק.



# נאָך דער מלחמה 1945 - 1939

מען האָט נאָך אין פּאַריז געשפּירט דעם פּולווער אין דער לופט אין אָקטאָבער 1944, ווען הענרי מיט מאַניען, און זייערע קינדער, האָבן זיך אומגעקערט צו זייער אַלטער היים; די היים, אויף וועלכער זיי האָבן אַלע יאָרן אַזוי שווער געהאָרעוועט. צוריקבאַקומען זייער דירה, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט אויפן תוהו ובוהו, וואָס די נאַצישע רשעים האָבן דאָ אָנגע־מאַכט. זיי האָבן צוגערויבט אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט; דאָס, וואָס איז פאַרבליבן, האָבן דירעשט צוגערויבט די פראַנצויזישע לאָקאַטאָרן, פאַרגיפ־טעט פון נאַצי־אַנטיסעמיטיזם.

מען האָט אַלץ ווידער געמוזט אָנהייבן פון בראשית. מיט אַ סך גע־דולד און אויסדויער, איז ווידער באַשאַפן געוואָרן די היים, אַ דאַנק זייער כוח און מוט. די קינדערלעך זענען פאַר דער צייט אונטערגעוואַקסן. דעם צווייטן יוני איז רחלה אַלט געוואָרן 18 יאָר. בעת דער מלחמה האָט מען קיין געבורט־טאָג נישט געפּייערט און אַצינד, קיין עין־הרע — אַ כלה־מיידל.

הענרי איז אַביסל צופיל פאַרנומען געווען מיט געזעלשאַפטלעכע עני־נים. אָבער ווי פאַרנומען ער איז נישט געווען, האָט ער אַלץ פאַרזאָרגט פאַרן הויז. וועגן דעם אַלעמען האָבן זיך דורכגעשמועסט די עלטסטע טאָכ־טער, רחלע, מיט דער מוטער. זי איז אויסגעוואַקסן אַ שיין מיידל, קיין עין־הרע, רחלע. און זייט זי פאָרט אויף וואַקאַציע מיט אירע חברטעס, האָט זי זיך זייער שיין אַנטוויקלט. אַזוי דערציילט זי דער מוטער אירער וועגן אַ בחור פון טוניס, זייער אַ סימפּאַטישער.

— אָבער — זאָגט רחלע — איך האָב אים גאָרנישט צוגעזאָגט. איך האָבן בלויז געגומען דעם אַדרעס פון זייגע עלטערן.

וועגן דעם האָט מאַניע זיך דורכגעשמועסט מיט הענריך, און אַזוי ווי

עס האָט זיך גראָד געוואָנדן אַ סוחר פון קראָקאָדיל־לעדער פון טוניס צום סינדיקאַט פון אַרטיזאַנען וועגן זיין סחורה, האָבן העברי און מאַניע באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע קיין טוניס. אָבער מאַניע האָט נישט געקענט איבערלאָזן דאָס הויז, די קינדער, איז העברי געפאָרן אַליין.

קיין טוניס איז ער געפאָרן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן. דאָרט האָט ער געטראָפן אַ שיינע יידישע קהילה, ספרדים. ס'איז געווען אַ שטעטל נישט ווייט פונעם הויפּט־צענטער. ער האָט געזען ווי פרויען טראָגן גע־בעקסן אויף גרויסע בלעכן. דאָס האָט אים דערמאָנט אין זיין שטעטעלע אין פוילן, ערב א יום־טוב, ווען יידישע פרויען פלעגן טראָגן אַזלעכע בלעכן מיט געבעקס צום בעקער. ער האָט אָפּגעשטעלט איינעם, לויטן אויסזען, אַ ייד, און אים געפרעגט: וואָס זאָל עס באַדייטן? האָט אים יענער געענטפערט, אַז היינט איז פורים...

העברי האָט זיך אַביסל פאַרשמעט, פאַר זיך אַליין. היתכן, איך זאָל נישט געדענקען אַזאַ שיינעם יידישן יום־טוב? ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין חסידישער היים, פורים־צייט... און ער איז גאָר אין די לעצטע יאָרן אַנגעשטעקט געווען מיט פאַרפירערישע תורות, וואָס האָבן געפּרעדיקט אָפּצוּוואַרפן אַלע יידישע גלויבונגען... פרייהייט, ברידערלעכקייט צווישן אַלע פעלקער... און מיר, יידן, וועלן במילא אויסגעלייזט ווערן צוזאַמען...

ער האָט אָבער געהאַט דאָ אויסצופירן אַ וויכטיקע שליחות, וועגן זיין טאָכטער רחלע. זי האָט דעם טוניסער יידישן בחור באַקענט אין אַן „אָבערזש"־אכסניה פאַר יוגנטלעכע. איז העברי אַוועק אויפן אַדרעס. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ביי דער משפּחה. זיי האָבן געפירט אַ בעקעריי. ס'איז דאָרט געשטאַנען אַ שטיקל טומל, ערב פורים, פון דער גרויסער צאָל יידישע פרויען, וואָס זענען געקומען מיט זייערע בלעכן געבעקס.

— מיט וואָס קען איך אייך דינען? — האָט געפרעגט דער ברייט־ביניקער ייד.

העברי האָט זיך געפילט אַביסעלע קרעמפּירט:

— איר זייט אוודאי דער פאָטער בוגריס? אפשר וואָלט איך געקענט רעדן מיט אייער זון ראָבער?

— וועגן וואָס?

— עס האַנדלט זיך אין אַן אינטימען ענין... וועגן אַ יידיש מיידל פון פאַריז...

יענער אַנטשולדיקט זיך אויף עטלעכע רגע'ס. העניי וואַרט מיט אומגעדולד. ס'האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט. יענער קומט צוריק, אַביסל אַ צערודערטער. מען דערקענט, אַז דער פּאַטער בוגריס קומט פון אַן ערנסטן שמועס, ער פאַרענטפערט זיך מיט אַ שמייכל:

— איר וועט מיר מוחל זיין, מיין ליבער ייד! איך האָב זיך אַביסל פאַרזוימט. מיין זון ראָבער איז נישטאָ אין הויז. לאָמיר דערווייל צוגיין אין בית־הכנסת, אויב איר ווילט, וועלן מיר הערן לייענען די מגילה.

— מיט פאַרגעניגן — ענטפערט העניי.

און זיי גייען. אין דער שול האָט דער עולם זיך איבערגעקוקט, תיכף דערקענט אַ פרעמדן אין שטעטל. אייניקע האָבן זיך שטיל דערנענטערט, געפרעגט ביים פּאַטער בוגריס, ווער ס'איז דער פרעמדער? און אַלע האָבן העניין דערלאַנגט שלום־עליכם. דערווייל האָט ער געהערט לייענען די מגילת אסתר. ווען דער בעל־קורא האָט אויסגערופן **המן**, איז געוואָרן אַזאַ געקלאַפּערײַ און אַ געפּילדער, פּשוט פאַרטויבט צו ווערן. זיי זיצן, די פּיס אונטער זיך, און דאָס האָט געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק אויף אַן אשכנזישן יידן. קיין פרויען האָט ער דאָ אין דער שול אינגאַנצן נישט געזען.

דערנאָך האָט העניין דער ייד, דער בעקער בוגריס, פאַרבעטן צו דער פּורים־סעודה. אָבער דעם זון האָט ער נאָך אַלץ נישט געזען. נאָכן מאָלצייט, איז העניי צוריק אַוועק אין האָטעל. ער האָט שוין אָבער באַוויזן צו אינפאָרמירן זיך צווישן די יוגנטלעכע. ער האָט זיך גלייך דערוווסט, אַז ראָבער בוגריס איז שוין... אַ באַווייבטער... און דאָס איז געווען פאַר אים אַן אנטוישונג, און אפשר אַן אומגליק פאַר זיין טאָכטער רחלע. אַצינד איז אים פאַרבליבן זיך צו פאַרבינדן מיטן סוחר פון קראָקאָדיל־לעדער. העני־רי האָט זיך פּרעזענטירט אַלס פּרעזידענט פון זיין אַרטיזאַנען־סינדיקאַט פון דער לעדער־בראַנזשע אין פּאַריז. ביי יענעם איז עס געווען אַן אויסער־געוויינלעכע געשעעניש. נאָך אַ ווייל וואַרטן, האָט זיך דער סוחר גופא באַ־וויזן. ער איז געווען זייער צופרידן, פון העניס קומען. זיי האָבן זיך אונ־טערגעהאַלטן וועגן פאַרשידענע פאַך־ענינים, און זענען לסוף אַריבער וועגן מסחר פון קראָקאָדיל־פעל.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די ערשטע אַוואַנטורע רחלעס. אָבער מיט טוניס איז נישט געווען פאַרענדיקט.

אַהיימגעקומען, האָט ער געמוזט באַנוצן זיך מיט פאַרשידענע אויס־ריידן פאַר זיינע בני בית, נישט צו דערציילן זיי דעם גאַנצן אמת. ווייל עס איז געווען פיינלעך. די מוטער האָט רחלען זייער דעליקאַט געמוזט אויפ־קלערן דעם ענין.

אַזוי זענען אין הויז ביי העברין, נאָך דער ביטערער מלחמה, געווען נייע פראָבלעמען. רחלע איז שוין געווען 21 יאָר אַלט. מען האָט אין הויז געפּראַוועט איר געבורטס־טאָג אויף אַ זייער פייערלעכן אופן, אָבער ס'איז צייט געווען אַ טראַכט צו טון וועגן אַ תכלית... און די מוטער, חיה־מרים, האָט געווונטשן, אַז ביי רחלעס 22־טן געבורטס־טאָג וועט זיכער געפּייערט ווערן איר פאַרקנסונג. דער גאַנצער פאַרזאַמלטער עולם האָט געהויבן די בעכערס, און העברי האָט געהאַלטן אַ שטיקל טאָסט פאַר זיין ליבער טאָכ־טער.

כמעט זעקס חדשים שפּעטער איז ווידער אויפגעשוואומען דער פּראָבלעם: טוניס. אָבער דאָסמאָל נישט מיט אַ בחור פון „אָבערזש דע לאַ זשענעס", נאָר מיט אַ בחור פון אַ זייער אָנגעזעענער משפחה. ער האָט שטודירט אין פּאַריז. ער האָט אַנומלטן שפּאַצירט צווישן די מאַראָקינערי־סטאַנדן און דערזען אַ בליענדיקע בלום — רחלען. ער נעמט זיך אָן מיט קוראַזש און פאַרפירט מיט איר אַ שמועס. רחלע זאָגט אים:

— דאָ איז נישט דאָס אָרט צו שמועסן וועגן אייערע געפילן. אַז איר ווילט, קומט אין אָוונט אַריין צו אונדז...

דער יונגערמאַן איז טאַקע געקומען, אָבער רחלע איז געהאַט אַוועק מיט די קינדער אין סינעמאַ; אַזוי אַרום האָבן איר'ע עלטערן זיך באַקענט מיטן דרייסטן בחור. און העברי האָט זיך געטראַכט: לויט זיינע הייסע, פאַר־ליבטע רייד, פּאַסט זיך עס גיכער פאַר א יונג מיידל, וואָס חלומט פון אַ וווּנ־דערלעכן פּרינץ, וועלכער קומט פון אַ ווייטן לאַנד, ווי מען זעט עס אין די ראָמאַנטישע פילמען. אָבער די אַוואַנטורע איז גראָד געפעלן געוואָרן חיה־מרימען. אפשר? עס האָט איר דערמאָנט אין אירע אייגענע איבערלעבונ־גען מיט יאָרן צוריק... דער פּרינץ, וואָס האָט איר אָפּגעוואַרט מיט אַ שי־רעם אין האַנט, ביים אַרויסגיין פון סינעמאַ...

דער יונגערמאַן האָט געפרעגט צי ער קען קומען, ווען רחלע וועט זיין אין שטוב? צומאָרגנס איז דער בחור ווידער געקומען און געברענגט אַ בו־קעט בלומען. רחלע איז געווען אין הויז, אָבער זי האָט אים אויפגענומען אָן

ענטוזיאַזם, אים געדאַנקט פאַר די בלומען. אויך העברי איז געבליבן קיל. מאַניע רופט זיך אָן:

— איר האָט שוין אַביסל געשמועסט, זעצט זיך, ביטע,ביים טיש, צוזאַמען מיט אונדז.

העברי האָט געשמועסט מיט רחלען. ער וויל וויסן ביי דער טאָכטער, פאַרוואָס זי איז אַזוי גלייכגילטיק, און ער זאָגט איר:

— רעד מיט מיר אָפענע דבורים, טאָכטער!

— פּאַפּאַ — ענטפערט זי — ער זעט מיר אויס צו דרייסט. מיטן ערשטן אויגנבליק, איז ער גלייך גרייט געווען „אָפּצורייסן די בלום און אַריינשטעלן אין זיין קלאַפּע"... כ'בין זייער ווייט פון די סענטימענטן...

העברי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס דערמאָנט איר יענעם בחור פון „אַבערזש דע לאַ זשענעס". האָט ער דער טאָכטער אָבער געוואָלט איבער־צייגן, אַז דער בחור איז אין גאַנצן אַן אַנדערער. דער בעסטער באַווייז: דער אינטערעס, וואָס ער ווייזט אַרויס צו דער מוטער.

רחלע נעמט דעם פאָטער אונטערן אָרעם און קומט אַריין אין גרויסן צימער. זי אַנטשולדיקט זיך. דער בחור שטעלט זיך אויף מיט אַ סך עלע־גאַנץ און בעט די האַנט ביי רחלען. ער פירט זי צו צום פּלאַץ, טאַקע ווי מ'זעט עס אין די פילמען. די סאָרט העפלעכקייט האָט רחלען אויך נישט שטאַרק אימפּאָנירט. אָבער אויף העפלעכקייט האָט זי געענטפערט מיט העפלעכקייט. פריילין שאַנטאַל מעלדעט, אַז עס קומען געסט. עס קומט אַריין די שוועסטער מאַניעס מיט איר מאַן פעליקס. באַלד קומט אסתרל מיט איר מאַן, אויך זעליג מיט זיין פרוי. העברי האָט זיך אויף די אַלע געסט, וואָס אַן אמת, נישט געריכט אין דעם אָוונט. ער גיט אַ קוק אויף זיין פרוי — זייערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. דער שמייכל מאַניעס האָט אים גלייך אַלץ קלאָר געמאַכט... אַז עס איז געווען צוגעגרייט מיט אַ כיוון.

די געסט ווערן פאַרגעשטעלט דעם פרעמדן בחור. ער שטעלט זיך פאָר מיט גרויס העפלעכקייט:

— מיין נאָמען איז זשאַק געז, אינדוסטריעלער פון לעדער־אויסאַר־בעטונג.

רחלע גאַפט, זי איז עמאָציאָנירט. מען זעט אָן די צופרידנקייט אויף איר באַחנט פּנימל. אַלע קינדער, אפילו פּאַלאַ, העלפן שאַנטאַלן אויפ־נעמען די משפחה. דער טיש איז פיין צוגעגרייט, ווי אויף אַן אמתער פאַר־

לאָבונג. אויף אַזויפיל האָט זיך העברי נישט גערירכט. אפשר האָבן די געסט יאָ עפּעס געוווּסט? עס ווייזט זיך אַרויס, אַז בלויז די טויבמאַנס, פון מאַ־ניעס צד, האָבן אַלץ געוווּסט. מאַניע האָט זיך אוודאי גע׳עצה׳ט מיט זיי.

רחלע איז געזעסן לעבן איר פאָטער. העברי האָט גוט פאַרשטאַנען די געפילן פון זיין עלטסט קינד. ער האָט געלויבט די עסטעטישקייט און דעם געשמאַק פון דער מוטער, וואָס האָט עס אַלץ צוגעגרייט. די משפחה־פאַר־ווײַלונג האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט. פּלוצים שטעלט זיך אויף דער עלטסטער שוואָגער פעליקס טויבמאַן און זאָגט, אַז פּאַר אַזאַ מין פאַרוויי־לונג פּאַסט זיך צו ווינטשן מזל־טוב. די מוטער האָט, זעט אויס, פון ערשטן מאָמענט אָן איינגעזען, אַז זשאַק געז איז רחלס אמתער זיווג. העברי האָט אָבער געטראַכט, אַז דאָס קינד זאָל ח״ו נישט ווידער געשטרויכלט ווערן. און ס׳איז געשען דאָס אומדערוואַרטע פון פעליקסן מויל, ווינטשנדיק: מזל טוב! דער פּרעטענדענט, זשאַק געז, האָט, ווי אין אַ סצענאַריאָ, זיך געגעבן אַ שטעל אויף, איז צוגעגאַנגען צו העברין און געבעטן די האַנט פון רחלען. דאָס אַלץ — אויף אַ זייער עלעגאַנטן אופן. העברי האָט מסכים געווען, גע־געבן זיין צושטימונג. רחלע האָט דערביי געקוקט איר פאָטער אין די אויגן, צעשראָקן און מיט פרייד. זשאַק איז באַלד צוגעגאַנגען צו רחלען און איר געבעטן די דערלויבעניש זי אַ קוש צו טאָן. דער קוש איז באַגלייט געוואָרן מיט וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן. אין מאַניעס אויג האָט זיך געפּערלט אַ טרער.

זשאַק און רחלע האָבן עפּעס גערעדט צווישן זיך, דערנאָך האָבן זיי פייערלעך מיטגעטיילט די משפחה, אַז זשאַק לאַדנט איין רחלען מיט די על־טערן קיין טוניס, כדי זיך צו באַקענען מיט זיין משפחה. דעמאָלט האָט העב־רי זיך אָפּגערופן:

— ווי איר האָט דאָ מיט צופרידנקייט בייגעוווינט, איז דורכגעפירט געוואָרן אונדזער אַלעמענס שמחה.

מ׳האָט זיך נאָך אַמאָל געווונטשן מזל טוב. אָבער זשאַק האָט געבעטן, אַז דער המשך פון דער שמחה זאָל פאָרקומען ביי זיינע עלטערן, אין טוניס. איז געבליבן צו באַשטימען די רייזע קיין טוניס. ז׳ערמיט האָט זיך פאַרענ־דיקט די פאַרלאָבונג פון רחלען מיט איר באַשערטן.

נאָכן אַוועקגיין פון די געסט, האָבן זיך העברי און מאַניע געמיטלעך אַדורכגעשמועסט. „לאָמיר האָפן — האָט העברי געזאָגט — אַז עס וועלן

נישט זיין קיין אַנטוישונגען, ווי דאָס איז געווען די ערשטע רייזע קיין סוס".

— חס וחלילה — זאָגט מאַניע — זאָל גאָט אָפּהיטן!

און זי האָט זיך אַ ביסל אָפּגעווייִנט פון האַרצן. העגרי האָט זי באַרו־איקט. נאָכדעם האָבן זיי גענומען רעדן זאַכלעך וועגן דער נסיעה. ער גיט צו פאַרשטיין מאַניען, אַז עס וואָלט אוודאי גוט געווען, ווען זיי מאַכן די רייזע צוזאַמען, מען מוז אָבער טראַכטן וועגן די איבעריקע קינדער; כאָטש די פריילין שאַנטאַל גיט זיך מיט אַלעם אַן עצה. אַזוי אַז נאָר העגרי מוז באַגלייט רחלען, כדי צו באַקענען די משפּחה געז. ס'איז זייער וויכטיק צו וויסן מיט וועמען מ'איז זיך משדך. „אַזוי ווי מיר האָבן שוין אַביסל דער־פאַרונג, וועט זיכער אויסקומען צו פאַרבינדן זיך מיט אַ רב פון טוניס, כדי נאָכצופרעגן זיך וועגן דער משפּחה געז; צי זשאַק איז נישט אַמאָל פאַרהיי־ראַט, אָדער געווען?..."

טייערע מאַניע, דיין מאַן מוז פאָרן אַליין, אָן דיר. לאָמיר האָפן, אַז ס'וועט נאָך אויסקומען צו פאָרן צוזאַמען מיט די קינדער, נאָך רחלס חתונה. וואָרעם זי וועט דאָך זיכער ווינען דאָרט. בלי נדר, נאָך שבת פאָרן זיי. ווי נאָר זיי וועלן קומען, שיקן זיי אַ טעלעגראַמע פון דער משפּחה געז, אַזוי ווי זשאַק האָט פאָרגעלייגט.

העגרי האָט גענומען צוגרייטן די רייזע. דערליידיקט אַלע איינצלהייטן אין געשעפט, וואָס שייך די געזעלשאַפטלעכע ענינים. די מוטער האָט רחלען צוגעגרייט צו דער נסיעה, ווי עס פּאַסט פאַר אַ כלה־מיידל, ווען זי פאָרט באַזוכן די עלטערן פון איר חתן.

עס איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג — חתונה מאַכן דאָס ערשטע קינד! פאַרליבט באַלד ביים ערשטן צונויפטרעף. רחלע איז נאָך אַלץ גע־ווען אונטערן רושם פון דער אויפנאַמע, וואָס די מוטער האָט צוגעגרייט מיט אַזויפיל געשמאַק.

די קינדער זענען נאָך געשלאָפן, ווען העגרי מיט דער טאָכטער האָבן פאַרלאָזן די היים. מאַניע איז מיטגעפאָרן צו דער באַן; כאָטש ד אָ ס האָט זי געבעטן. וואָרום מאַרסעיל איז צו ווייט, צו באַגלייטן זיי צו דער שיף, וואָס וועט זיי אַריבערפירן דורכן מיטללענדישן ים ביז טוניס. זיי האָבן אפשי־לו געזאָלט פאָרן מיט אַן עראָפּלאַן, אָבער מאַניע האָט זיך קאַטעגאָריש קעגנ־געשטעלט. די מלחמה־בהלות זענען נאָך געלעגן אין זכרון.

און אָט איז דער צוג אָוועק. ער איז געלאָפן מיטן מאָנאָטאָנעם קלאַפּן פון די רעדער. רחלע, דאָס כלה־מיידל, האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן פּאָטערס אַקסל, מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט זי עפּעס געמורמלט — שוין צום צווייטן מאָל ווי אַ בחור פון ווייטן צפון־אַפריקע... עס איז אפשר שוין מיין מזל... זשאַק רופט אַרויס סימפּאַטיע. דאָס מסתמא האָבן געמורמלט אירע ליפּן.

די דאָזיקע מחשבות האָבן דורכגעדרונגען אויך העגרין, ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין מאַרסעיל; די שטאָט, וואָס האָט העגרין דערמאָנט אַזוי־פיל איבערלעבונגען פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אין דער צייט פון דער רעזיסטאַנס. אַ טאַקסי האָט זיי אָפּגעפירט צום פּאָרט, וואָס וועט זיי פירן איבערן מיטללענדישן ים, צו די ברעגן פון טוניס; דער זעלבער ים, אויף וועלכן עס חלומט יעדער ייד, ווייל ביי זיינע ברעגן ליגט אויך אונדזער היימלאַנד, מדינת ישראל. זיי גייען דורך דעם „פּאַסערעל" פון דער שיף. די שיף איז נישט קיין נייע, אָבער ווי זי וואָלט צום ערשטן מאָל געשניטן די ברויזנדיקע כוואַליעס פון ים. די פראַנצויזישע מאַנשאַפט איז העפלעך. אַלע פּאַסאַזשירן האָבן אויסגעזען אין זייערע אויגן, ווי — יידישע. וואָרום געוויינלעך האָבן ווייניק פראַנצויזן פאַרלאָזן זייער לאַנד.

העגרי און רחלע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דער קאַבינע, און האָבן געהאָפט, אַז דער ים וועט זיי קיין צרות נישט פאַרשאַפן. זיי זענען דערנאָך אַרויס אויפן דעק, איינגעאָטעמט דעם פרישן ים־ווינט. טייל פּאַסאַזשירן האָבן גערעדט צווישן זיך אַראַביש, כאָטש זיי זענען געווען אייראָפּעאיש געקליידעט. ערשט איצט האָבן זיי דערפילט, ווי דער ים הייבט זיך אָן צו וויגן. טייל פּאַסאַזשירן האָבן פאַרלאָזן דעם דעק, אָבער העגרי מיט דער טאָכטער האָבן נאָך לאַנג שפּאַצירט. אַזוי אַרום איז פאַרביי דאָס איבלען. פון עסן איז קיין פראַגע נישט געווען, כאָטש די מאכלים זענען געווען זייער געשמאַקע.

ערשט צו חצות האָט דער ים זיך איינגעשטילט. די נאַכט איז אַדורך בשלום. פרימאָרגן איז דער עולם ביים פרישטיק אין עס־צימער געווען שי־טערלעך. די זון איז שוין געשטאַנען הויך, ווען די שיף האָט זיך דערנענ־טערט צו די ברעגן פון טוניס. דער עולם פּאַסאַזשירן האָט זיך גענומען גרייטן צום אַראָפּגיין. רחלע און העגרי האָבן זיך דערפילט דערפרישט. אי־בערהויפּט, ווען זיי האָבן פון ווייטן אויפן ברעג, דערזען זשאַקן, באַגלייט

פון אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר 7. דאָס האָט אין דער ערשטער רגע אַביסל שאָקירט העגרין. אָבער ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן — זיין ברודערס ייִנגעלע, זיזי. אַן אַראַבער, וואָס האָט באַגלייט זשאַקן, האָט זיך פאַרנומען מיטן באַגאַזש. זשאַק האָט רחלען געפירט אונטערן אָרעם, ווי זיי וואָלטן געווען אַלטע באַקאַנ־טע. העגרי האָלט זיך אונטער גוטמוטיק מיטן ייִנגעלע זיזי. עס איז געווען אַ שיינער שפּאַציר אין גרויסן ציטראָען־וואָגן איבערן טוניזער בעלוועדער, ריזן פּאַלמען־ביימער צעשטעלט אין ביידע זייטן. אין דער לופט האָבן גע־שוועבט מולטי־קאָלירקע פייגל.

ענדלעך קומען זיי אָן. אַן עסטעטיש, אַרכיטעקטאָניש הויז, באַצירט מיט כל המינים בלומען אַרום די מאַרמאָר־ווענט. די אַלטע מוטער, אַ זייער סימפּאַטישע, נעמט רחלען אין אירע אָרעמס, און אַלע אָנוועזנדיקע באַגע־גענען אונדז מיט אַ ברייטן שלום־עליכם. זשאַק פירט העגרין מיט רחלען איבער דער ווינונג, און כאָטש זשאַק האָט גערעדט צו רחלען שטיל, האָט עס העגרי דערהערט, און אפשר האָט ער עס טאַקע געזאָגט, ער זאָל דער־הערן...

מען האָט זיי אַריינגעפירט אין עס־צימער. דאָרט זענען געווען פאַר־זאַמלט זשאַקס שוועסטערלעך און ברידערלעך, אַן עין הרע, איבער אַ מנין. עס שטייט גרייט אַן אַפּעריטיוו. נאָך איידער מיר מאַכן דעם ערשטן לחיים, באַווייזט זיך דאָקטער שאַרפּאַטי מיט זיין פרוי, און זשאַק שטעלט אים פאָר פאַר רחלען מיט די ווערטער:

— מיט דער בלום וועל איך שאַפן אַ פאַמיליע, מיט גאָטס הילף...

אַזוי גיבן די ייִדן־ספרדים אַלעמאָל צו. דר.סאַרפּאַטי און פרוי שמייכ־לען:

— לאָמיר האָפן, אַז זשאַק געז ווערט וויסן ווי אָפּצוהיטן אַזאַ וווּנדער־לעכע בלום אין אייער ערדישן גן־עדן.

און העגרי, דער פאָטער רחלס, ענטפערט:

— דעם ערדישן גן־עדן האָב איך געהאַט דאָס גליק צו שאַפן מיט אַ יידישער טאָכטער פון אשכנזישע עלטערן, און מיר האָפן צו דערציען און אויסגעבן אונדזערע דריי קינדער לחופה, ולמעשים טובים, אם ירצה השם...

די דאָזיקע ווערטער האָבן שטאַרק אימפּאָנירט זשאקס פריינט דר. סאַרפּאַטי, וועלכער האָט אָפּגעענטפערט אין עברית:

— אמן!

נאָכן אפעריטיוו קומט צו הענרין צו די אַלטע מוטער זשאַקס, נעמט הענרין אונטערן אָרעם, און אַלע געסט און די משפחה פאָלגן נאָך. אָבער הענרי בעט, אַז ס'פּאַרפּאַלק, רחלע און זשאַק, זאָלן די ערשטע פאַרנעמען די פלעצער, ווייל עס איז געשריבן — זאָגט ער — חתן דומה למלך. דערויף האָבן אַלע אַפּלאָדירט.

די אויפנאַמע, די תנאים, וואָס רחלעס מוטער האָט אָנגעהויבן אין פּאַריז, ווערט איצט דאָ פאַרגעזעצט. עס האָבן אויפן טיש נישט געפעלט פון די שענסטע און בעסטע מאכלים. הענרי האָט זיך אויפגעשטעלט און געהאַלטן אַ טאָסט:

— זאָל זיין מיט מזל און בקרוב — אַ חתונה!

און ער בעט רחלען און זשאַקן תיכף צו שיקן אַ טעלעגראַמע צו מאַניען קיין פּאַריז. די בקשה איז דערפילט געוואָרן. זיי האָבן דאָ באַדויערט, וואָס מאַניע, רחלעס מוטער, איז נישט מיט זיי ביי דער שמחה. די שוועסטער און ברידער פון חתן האָבן זיי פאַרבעטן יעדער איינער צו באַזוכן זייער היים. דאָס וואָלט געהייסן, אַז רחלע מיט הענרין זאָלן פאַרבלייבן אין טוניס כאָטש נאָך אַ וואָך צייט, אָבער זיי האָבן געקענט פאַרבלייבן העכסטנס ביז מיטוואָך, אויף שבת מוזן זיי צוריק זיין אין דער היים. אַ קלייניקייט, איבערגעלאָזט מאַניען מיט די קינדער, מיטן געשעפט, אינגאַנצן אַליין.

מען האָט זיך געגרייט צו דער חתונה. הענרין איז פאַרבליבן צו דערליידיקן דאָ דאָס וויכטיקסטע ביי די רבנים, אַהיימגעקומען מיט אַ באַשייניקונג, אַז זשאַק איז נישט קיין פאַרהייראַטער... דאָס האָט ער טאַקע באַקומען, דורך עדות פונעם טוניסער ראַבינאַט, פאַר אַ שיינעם „באַקשיש", אין מזומן...

זיי האָבן צוויסן געטאָן זשאַקן און זיין משפחה, אַז זיי פאָרן צוריק דאָנערשטיק. עס זענען געקומען זיך געזעגענען די גאַנצע משפחה, פריינט, צו דער שיף. ס'איז כמעט אַ מנהג ביי די טוניסער יידן: קליין און גרויס קומען צום פּאָרט. זיי מאַכן העוויות, געוואָלדן, איינער שרייט איבער דעם אַנדערן. אַזאַ געוויינהייט... זשאַק האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּשיידן פון רחלען. ערשט מיטן סיגנאַל, אַז די שיף גייט אָפּ, האָט ער זי פאַרלאָזן און דער „פּאַסואַר"-דורכגאַנג איז אָוועקגענומען געוואָרן.

די שיף האָט געריַרט פון פּאָרט אַרויס מיט אַ הייזעריק פייפן, באַגלייט מיט רוישיקע קולות פונעם עולם. רחלע און הענרי זענען אַוועק אין

זייער קאַיוטע. זיי זענען דערנאָך אַרויס שפּאַצירן אויפן דעק, כאָטש די כוואַליעס זענען געווען שוימיקע, האָט די זון געשטראַלט ביז ווייט אַראָפּ. די פּאַסאַזשירן האָבן פֿאַרפֿולט דעם דעק, צוגעקוקט זיך צום שפּיל פֿון די ריזיקע פֿיש, וואָס זענען אַרויס פֿון די ים־טיפֿענישן. אַזוי — ביזן אוונט־ברויט. מען איז צוריק געגאַנגען אין זאַל, וווּ עס האָט געשפּילט אַן אָר־קעסטער.

באַגינען איז מען ווידער אַרויס שפּאַצירן און פֿאַרברענגט דעם גאַנצן טאָג אויף דער פֿרישער ים־לופֿט. שפּעט נאָכן אָוונט־ברויט האָט די שיף געאַנקערט אין מאַרסעיל. עס איז נאָך געווען גענוג צייט צו נעמען דעם צוג קיין פּאַריז. דער שלאָף־וואַגאָן איז געווען באַקוועם, געמיטלעך. דער ריטם פֿון באַן־געלויף האָט זיי איינגעוויגט אין אַ זיסן שלאָף, — ביז פּאַריז.

מאַניע מיט די קינדער זענען געקומען זיי אַפּוואַרטן. ווייזט אויס, אַז זשאַק האָט צוויסן געטאָן טעלעגראַפֿיש, ווען זיי קומען אָן קיין פּאַריז. די פֿרייד איז געווען אין לשער. די ערשטע, וואָס איז אַרויס מיט פֿריידיקע רייד, איז געווען די יינגערע טאָכטער זייערע, דעניז, וועלכע איז שוין אויך געווען אַ מיידל, קיין עין־הרע, 17 יאָר — ווי די יאָרן לויפֿן!

— קודם אַ דאַנק פֿאַר די שיינע קאָרטן, וואָס איר האָט אונז גע־שיקט. דאָס איז געווען אַ סוּרפּריז פֿאַר אונז אַלעמען.

דאָס האָט געזאָגט דער יונגסטער, דער „קדיש״ פּאָל וואַיאַן. די קינ־דער כאַפּן רחלען אונטערן אָרעם, און העני מיט מאַניען גייען זיי נאָך און שעפּן נחת.

— וואָס דערציילסטו, מאַניעשי, פֿון דער היים? — האָט העני גע־פֿרעגט.

— אַלץ, ווי דו וואָלסט געווען דערביי. נאָר איין זאַך האָבן מיר נישט געקענט דערליידיקן — דאָס איז די קאָפּ־דרייעניש מיטן אַרטיזאַנער־סינ־דיקאָט. גאַנצע טעג רוט נישט די טיר. מען האַלט אין איין פֿרעגן: ווו איז דער פּרעזידענט? מיר האָבן, זאָגן זיי, שווערע פּראָבלעמען מיטן באַקומען אַ ביסל לעדער פֿאַר דער פֿאַבריקאַציע. צו גלייכער צייט אָבער קומען אָן באַשטעלונגען פֿון די קליענטן. זיי פֿאַרלאַנגען די נייע מאָדעלער.

— וואָס ווילסטו, מיר האָבן צו טאָן מיט פּראָווינצן. זיי קען מען נישט זאָגן, אַז יעדער איינער מאַכט שבת פֿאַר־זיך. דערפֿאַר האַלטן זיי אין איין לויפֿן, בעטן עצות, ווי אַזוי צו באַקומען אַביסל לעדער, וואָס די רעגירונג

טיילט צו יעדן אַרטיזאַן. יידן האָבן פאַרשטאַנען זיך אַן עצה צו געבן, נישט ח״ו אַריינצופאַלן. יידן האָבן אַן אַנדערע אויפפאַסונג אין האַנדל, ווי די פּראַנצויזן. כאָטש דאָס איז נישט די ראָל פון אַ פּרעזידענט אויפצוקלערן די מיטגלידער זיינע פון סינדיקאַט, ווי אַזוי זיי זאָלן פירן זייער מסחר. אָבער בישקשה, זיי וועלן זיך שוין אַליין אָנשטויסן, אַז מיט דער באַגרענעצטער צאָל לעדער, וואָס די רעגירונג גיט, קען מען קיין פאַבריקאַציע נישט פירן, אפילו אַן אַרטיזאַן, וועלכער אַרבעט נישט גרויס. עס איז זייער וויכטיק, אַז דער אונטערנעמער זאָל וויסן איין זאַך: זען צו עקזיסטירן, אויף וואָס פאַראַ אופן עס זאָל נישט זיין. דער סוחר דאַרף פאַרשטיין: ער זאָל זיין אין אָרדע־נונג מיטן שטייערן־אַמט... טאָמער פאַרשטייט ער עס נישט, קען ער זייער טייער באַצאָלן, כפל כפלים... און רואינירט ווערן...

מען קען קיין קלוגער מיטן „פּיסק״ נישט זיין. וואָרום זיי זענען ראַ־פינירטע פּסיכאָלאָגן, די שטייער־אינספּעקטאָרן; ווען זיי קומען אויף אַ קאָנטראָלע, איז שווער זיך פון זיי אַרויסצוקריגן. דאָס וועט אָנהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז די באַגרענעצונג וועט נישט אויפהערן מיט לעדער, פּונקט ווי מיט בוי־מאַטעריאַלן. דערפאַר עקזיסטירט דער שוואַרצער־מאַרק...

— מיין טייערער העברי — זאָגט מאַניע — ס׳וואָלט צייט געווען זאָלסט זיך באַפרייען פון די אַלע דאגות, מיר האָבן חתונה צו מאַכן אונזער קינד. דערפאַר האָב איך תיכף גענומען אַלץ צוגרייטן באַצייטנס. מיר דאַרפן זיך גוט אונטערגאַרטלען מיט די אַלע אויסגאַבן. עפּעס אַ קלייניקייט, איבעראַרבעטן די וווינונג אַליין וועט אונז קאָסטן די אויגן פון קאָפּ, ווי מען זאָגט.

— זיי פּולשטענדיק רואיק. אַלץ וועט זיין ווי צום בעסטן. נאָר געדולד.

העבריס ווערטער האָבן זי טאַקע באַרואיקט. פון דעם טאָג אָן איז געווען קלאָר, אַז ביז צום באַשטימטן זמן פון ריחלס חתונה, וועלכע פאַלט אויס אין חודש דעצעמבער 1948, מוז אַלץ זיין פיקס און פאַרטיק. די חופּה וועט פאָרקומען אין דער סינאַגאָגע פון רי נאָטר דאַם דע נאַזאַרעט. די צייט איז געווען כראָנאָמעטרירט. די „וויפראַוווע״ איז געמאַכט געוואָרן לויטן פּלאַן פון דער טייערער מאַניען. לײדער, האָט זי נעבעך געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל מיט די פינאַנסן, וואָרעם די רעגירונג האָט פּלוצים אַנטווערטעט די 5־הונדערטער פראַנקן דורכן מיניסטער רענעי מאַיער. דאָס איז געווען אַן אמתע רואינירונג פון אַ סך מענטשן. מאַניע האָט באַקומען אַ נערוון־

אַטאַקע און האַנרי האָט זי קוים געקענט באַרואיקן. צום סוף האָט זי איינגע־זען, אַז דאָס האָט גאָרנישט געשטערט די צוגרייטונג צו דער חתונה פון זייער טאָכטער. ס'איז נאָר אויסגעגאַנגען צו געלט...

אָבער עס האָט געפעלט אַ קליינינקייט, אַז מאַניעס געזונט־צושטאַנד זאָל צעשטערן די שמחה אין הויז. ווען די חתונה־טעג האָבן זיך אָנגערוקט, איז אַלץ געווען גרייט. די חופה איז פאָרגעקומען 15 אַזייגער, אין דער סי־נאַגאָגע, אויף רי נאָטר דאַם דע נאַזאַרעט, צווישן דער גאַנצער משפחה, אַ סך פריינד. קינדערלעך, ווי מלאכימלעך, זענען געגאַנגען פאָרויס פון דער באַחנטער כלה, און האָבן אונטערגעטראָגן דאָס חופה־קלייד. בחורים און מיידלעך, צו פּאָרלעך, האָבן מיט גרויס כבוד באַגלייט דעם טראָן־צוג. העני־רי האָט געפירט זיין טאָכטער, די כלה. מאַניע האָט געפירט דעם חתן, ביז אונטער דער חופה. הרב זשאַיס האָט געגעבן חופה וקדושין. די אָרגלען און דער כאָר האָבן באַגלייט די ברכות פון הרב זשאיס און זיין דרשה.

נאָך דער צערעמאָניע אין דער שול, איז דער עולם אַוועק צום חתונה־זאַל. דער אָרקעסטער האָט אַלעמען אויפגענומען מיט פריילעכע לידער, דעם יונגן פּאָרל, די חתן־כלה — מיט „מזל־טוב". כאָטש עס איז דעם טאָג געפאַלן אַ שניי, איז דער חתונה־זאַל געווען פול מיט אַ פּאָר הונדערט מענ־טשן. ווען הענרי מיט מאַניען זענען אָנגעקומען צום זאַל, האָט מען אויס־געשריגן: „די מחותנתטע האָט זיך געקויפט אַ פּלאַץ אינעם שניי"... ווייל זי איז געפאַלן, זיך אויסגעגליטשט. הענרי איז צוגעלאָפן זי אויפצוהייבן, און זי האָט אויסגעשריגן: „אַ געפאַלענעם העלפט גאָט!"... אפשר האָט זי געוואָלט דערמיט מאַכן אים אַ פאָרוואורף, פאַרוואָס ער האָט זי נישט גע־פירט אונטערן אָרעם?

אַריינקוקנדיק אין זאַל, האָט זיך דער גאַנצער עולם ספּאָנטאַן אויפגע־שטעלט, אָפּצוגעבן כבוד דער מוטער פון דער כלה; די מוטער, וואָס האָט אַזויפיל האַרץ, כוח און ענערגיע אַריינגעלייגט אין דער שמחה פאַר איר טאָכטער.

די שמחה האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך חצות. דער עולם האָט זיך גאָר־נישט געקענט שיידן, און מען האָט נאָך לאַנג פאַרבראַכט.

**
*

נאָך דער חתונה פון רחלען מיט זשאַקן, האָבן זיך אונטערגערוקט נייע זאָרגן. מען האָט זיך געדאַרפט שיידן אינעם הויז פון די עלטערן מיטן עלטסטן קינד. די גאַנצע משפּחה האָט זיך פאַרזאַמלט אויפן אעראָדראָם אין אָרלי. לעצטע קושן און האַלדזן און — דער פויגל פון שטאָל און אײַזן טראָגט אַוועק אַ שטיק פון זייער לעבן צום ווייטן טוניס, מיט דער האָפֿע־נונג צו דערהאַלטן גוטע נייעס. פאַר מאַניען איז עס ממש געווען אַ פּסיכאָ־לאָגישער שאָק, וואָרום דער הויז־דאָקטער האָט געראַטן תיכף צו פאַרלאָזן פּאַריז.

אין הויז איז הענרי פאַרבליבן מיט זיין יונגערער טאָכטער דעניז און מיטן צען־יאָריקן ייִנגעלע פּאָל. אמת, פריילין שאַנטאַל האָט געפירט די באַ־לעבאַטישקייט ווי געהעריק. אָבער מאַניעס אָפּוועזנהייט האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף הענריען, אויף די קינדער. מאַניע האָט זיך געפונען 15 קי־לאָמעטער פון פּאַריז, און הענרי איז אָפט אַרויסגעפאָרן צו איר. זייער גוטער פריינט שאַרל זילבערבערג ז״ל האָט געשטעלט זיין אויטאָ און זיין צייט צו זייער דיספּאָזיציע. דאָס שווערע געמיט פון מאַניען האָט אָנגעהאַלטן אַ גע־נוג לאַנגע צייט, ביז זי האָט ענדלעך גובר געווען איר פּסיכישן צושטאַנד, און אַלץ האָט זיך ווידער נאָרמאַליזירט אין הויז.

די נייעס פון רחלען זענען געווען גליקלעכע — זי האָט זיך געריכט צו ווערן אַ מוטער. דאָס האָט מאַניען צוריקגעבראַכט צו איר נאָרמאַלן צושטאַנד. זי האָט תיכף גענומען צוגרייטן אַ פּלאַן. קודם — רחלע זאָל צו־ריקקומען קיין פּאַריז, ווען זי וועט שוין זיין אין די הויכע חדשים. איר ווונטש איז דערפילט געוואָרן. ענדע יאַנואַר 1948 איז שוין רחלע געווען צוריק אין הויז ביי די עלטערן. די גאַנצע משפּחה און פיל פריינט האָבן שוין געוווסט, אַז רחלע וועט אינגיכן געלעגן־ווערן.

און עס איז, מיט מזל, געבוירן געוואָרן זייער אייניקל, אַ ייִנגעלע. מאַ־ניע האָט זיך גענומען צוגרייטן דעם ברית־מילה און צו דער גלייכער צייט — אַ פּדיון־הבן. די מוטער און די באָבע זענען געווען גליקלעך,שוין אָפּ־גערעדט פון פאָטער און זיידן. נישט געווען צו זיי קיין גלייכן.

די פייערונג פון דאָפּלטן יום־טוב לכבוד דעם נייעם מיטגליד פון דער משפּחה, איז די שמחה פאָרגעקומען אין דער רחבותדיקער דירה פון הענ־רין מיט מאַניען. די צוגרייטונג איז געווען מלכותדיק. ביים פּדיון־הבן, האָבן די געסט אָנגעבראַכט גאָלד־מתנות, וואָס האָבן געוויגן מער ווי דאָס

קינד. דאָס ייִנגעלע האָט מען אַ נאָמען געגעבן זשעראַר, ביים יידישן האָט דער פאָטער צוגעגעבן זיין פאָטערס נאָמען, יוסף בן יעקב.

מען האָט פאַרבראַנגט אַזוי ביז שפּעט אין אָוונט. דערווייל האָבן די עטלעכע פרומע יידן, צוזאַמען מיטן מוהל, זיך אָוועקגעשטעלט דאַווגען מנחה־מעריב. ס'איז געווען ווי אַ געוויסע קדושה צום יום־טוב פון די גליק־לעכע עלטערן, רחלע מיט זשאַקן, און פון די גליקלעכע באָבע־זיידע. מאַ־ניעס פּנים האָט געשטראַלט פון נחת און פרייד. אָבער העגרי איז געווען אַביסל באַאומרואיקט פון מאַניעס געזונט־צושטאַנד.

ער האָט באַשלאָסן זיך צו עצהנען מיט אַ קאַרדיאָלאָג, און יענער האָט אים געזאָגט, אַז מאַניעס צושטאַנד איז אַביסל אַלאַרמירנדיק. אָבער דאָס האָט ער מאַניען נישט דערציילט. איין זאַך האָט פּראָפעסאָר יאַקאָעל יאָ געזאָגט מאַניען ?

— צי האָט אייער מאַן געוווסט אַז איר האָט געגומען איינשפּריצונגען קעגן דיק־ווערן ?

די רעוועלאַציע איז פאַר העגרין געווען זייער פּיינלעך. ער האָט גע־וואָלט וויסן, ווער עס איז דער שאַרלאַטאַן־דאָקטער ? ער איז קיינמאָל נישט געוויער געוואָרן דעם סוד. דער פּראָפ. יאַקאָעל האָט מאַניען געהיילט ווי עס באַדאַרף צו זיין, און זי האָט זיך געבעסערט אין געזונט.

און די צייט איז געגאַנגען. יעדעס יאָר איז מען זומער־צייט געפאָרן צו רחלען קיין טוניס. ביז עס איז איין מאָל אָנגעקומען אַ בריוו פון רחלען, מען זאָל איר שיקן די יונגערע שוועסטער דעניז, ווייל זי שוואַנגערט מיטן צווייטן קינד. דאָס ייִנגעלע זשעראַר איז שוין אַלט געווען פיר יאָר און האָט זיך זייער שיין אַנטוויקלט. האָבן העגרי און מאַניע באַשלאָסן צו שיקן דע־ניזן צו איר שוועסטער קיין טוניס, כאָטש דעניז האָט געמוזט איבעררייסן איר שטודיום. זי האָט זיך זייער פלייסיק געלערנט. אָבער מאַניע האָט דאָך געוואָלט דעניז זאָל פאָרן צו דער שוועסטער.

אויך דעניז האָט דאָרט געהאַט זייער פיל דערפאָלג צווישן דער יידי־שער יוגנט פון טוניס. זי איז געווען אַביסל פריידיק־איבערראַשט. זי האָט טאַקע זייער שיין געזונגען, און דאָס האָט ביי אַלעמען אויסגענומען.

אָבער העגרי האָט באַטראַכט און געהאָפט, אַז דעניז וועט געפינען איר זיווג צווישן די אשכנזישע יידן.

רחלע און זשאַק האָבן דעמאָלט באַשלאָסן ענדגילטיק צו פאַרלאָזן

טוניס, זיך געבּרענגט צוציען קיין פּאַריז און האָבּן געפונען אַ דירה אויף רי דע טרעוויז. זיי האָבּן שוין איצט געהאַט צוויי קינדער, דאָס יונגערע — אויך אַ יינגעלע, וואָס טראָגט דעם ביבּלישן נאָמען דאַניעל. דער ברית־מילה פון דאַניעלן איז פאָרגעקומען טאַקע אין פּאַריז, אין זייער הויז אויף רי דע טרעוויז.

בעת דער שמחה האָט דעניז באַקאַנט אַ בּחור. ס'האָט לאַנג נישט גע־דויערט און עס זענען ווידער געפּראַוועט געוואָרן די תּנאים ביי דער צוויי־טער טאָכטער דעניז. אַ זמן־חתונה איז אָפּגעשטימט געוואָרן אויף מאַי 1953, צום געבּורטס־טאָג פון דעניזן. אין דער זעלבּער צייט איז דאָס יינגערע יינגל פון מאַניען און העגרין אַלט געוואָרן 13 יאָר, און עס איז געפייערט געוואָרן אַ שיינע בּר־מצווה אין דער שיל פון זשיליען לאַקרואַ. די גאַנצע משפּחה האָט זיך משמח געווען. עס איז אויך געקומען דער פעטער ישראל מיט זיין פרוי, פון נאַנסי.

אַצינד האָט מען געטראַכט וועגן צוגרייטן די חתונה פון דעניזן. העג־רי האָט דעמאָלט געהאַט גרויסע זאָרגן מיטן זשעראַנט פון זייער וווינונג. דאָס האָט אים אָפּגעקאָסט אַ סך געלט. מ'האָט אויך געדאַרפט רעמאָנטירן די דירה, וואָס איז במשך פון דער אָקופּאַציע אָפּגעלאָזן געוואָרן. די דירה האָט דער זשעראַנט פון הויז געוואָלט אָפּנעמען ביי העגרין, מיטן פּרע־טעקסט אַז מען האָט נישט קיין רעכט צו פירן אַ קאָמערץ. צום גליק האָט העגרי געהאַט אַ פּאַפּיר, וואָס דער זשעראַנט האָט אונטערגעשריבּן. דער אַדוואָקאַט לעדערמאַן האָט געפירט דעם פּראָצעס. דער זשעראַנט פון דעם הויז איז געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון די „לאָקאטער דע באָן פואַ", וואָס האָבּן צוגערויבּט דירה'ס ביי יידן, אויסבאַהאַלטענע פון רוצח. העגרי האָט צוריק דערהאַלטן די דירה, מיט דער הסכּמה פון פּרעפעקט, נאָך דער אינטערווענץ פון דער צענטראַלע פון דער רעזיסטאַנס אין 3־טן אַראָנדיס־מאַן. דעמאָלט האָט דער זשעראַנט געזאָגט:

— איר האָט צוריק אייער דירה, אָבער אַ טאָג וועט קומען, און מיר וועלן זי צוריק דערהאַלטן...

דאָס איז געווען דער פּראָצעס, וועגן וועלכן דער זשעראַנט האָט גע־וואָרנט, און וויִאָס האָט אָפּגעקאָסט אַזויפיל געלט. דער פּראָצעס איז, צום גליק, געוווּנען געוואָרן, גראָד אין דעם גליקלעכן טאָג פון דעניז'עס חתונה. די שמחה אין דער משפּחה איז געווען אַ טאָפּלטע. די שול אויף נאָטרע דאַם

דע נאַזאַרעט איז געווען פול מיט בלומען. די פאָטאָגראַפן זענען דערנאָך געקומען אין חתונה־זאַל פאָטאָגראַפירן דאָס פּאָרל, אַרומגערינגלט מיט די געסט. דעניז מיט איר אויסדערוויילטן ראָבערט בלאו זענען באַגלייט געוואָרן פון די עלטערן, הענרי און מאַניע, און די ליבע מוטער בלאו, וועלכע איז ספּעציעל געקומען פון ישראל, באַגלייטן איר זון אונטער דער חופּה.

גאַנצע אכט טעג האָט געדויערט די שמחה. הענרי און מאַניע זענען פאַרבליבן אין הויז מיט זייער ייִנגסטן קינד, פּאָל־וואַיאַן. ער האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט, אָבער דאָס לערנען האָט ער אַביסל פאַרנאַכלעסיקט. ער האָט געזאָגט, אַז צו פאַרשאַפן זיך אַ סך געלט, מוז מען נישט זיין קיין גרויסער געלערנטער... דאָס ייִנגל האָט תמיד געזוכט סענסאַציעס. אַמאָל קומט ער מיט אַ נייעס:

— אַזוי ווי איך זינג אין אַ כאָר, האָט מען מיך פאַרשריבן מיטצופאָרן קיין רומעניע, גאַסטראָלירן...

ראָבער, דעניז'ס מאַן, האָט אים מיטגעגעבן אַ בריוועלע צו זיינס אַ משפּחה אין בוקאַרעשט. פּאָל האָט זיך דאָרט זייער גוט פאַרשטענדיקט מיטן שוואָגערס משפּחה. ער האָט זיי דערציילט ווי אַזוי זיי זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. צום באַדויערן — האָט ער דערציילט — זענען זיי זייער אָרעמע מענטשן. אויב דאָס איז דאָס גליק פון קאָמוניזם?

מאַניע האָט איצט געהאַט נייע זאָרגן, ווייל פּאָל האָט איר געזאָגט, אַז ער וויל זיך אַנגאַזשירן אין מיליטער, און גראָד איז אין דער צייט אָנגעגאַנגען די מלחמה אין אַלזשעריע, וואָס האָט פאַראָבלט אַ סך יידישע עלטערן. זיי האָבן פּרובירט ווירקן אויף אים, ער זאָל עס נישט טון. אָבער פּאָל האָט זיך איינגעשפּאַרט: אויב ער וועט זיך אַנגאַזשירן פרייוויליק, וועט ער קענען אויסוויילן דאָס לאַנד, צו דינען זיין צייט. הענרי האָט געמוזט מסכים זיין אונטערצושרייבן דעם „אַנגאַזשמאַן", אַז זיין זון זאָל זיך שטעלן פרייוויליק צום מיליטער־דינסט. לאַנג האָט עס נישט געדויערט, און די זשאַנדאַרמען האָבן גערופן פּאָלן זיך צוצושטעלן אויף רי דע ראַי.

אין דעם טאָג איז אין הויז געווען תשעה־באב. קוים מיט צרות איז הענרין געלונגען צו באַרוואַיקן מאַניען. לסוף האָט מען פּאָלן באַגלייט, און אים געווונטשן ער זאָל בשלום אָפּדינען זיין צייט און אַהיימקומען געזונט און פריש.

אָבער דאָס דינען איז נישט צוגעגאַנגען אַזוי פּראָסט און פּשוט. פּאָל איז

טאַקע נישט געפאָרן קיין אַלזשעריע, אָבער דערפאַר האָט ער באַ־דאַרפט דינען אין אַ סך קאָלאָניאַלע לענדער, כאָטש קיין מלחמה האָט ער נישט מיטגעמאַכט. פאַר די עלטערן איז די צייט פון זיין דינען געווען אַן אייביקייט. זיי האָבן געשיקט צו אים אין די ווייטע אַפריקאַנער מקומות פעקלעך און מאַנדאַטן יעדן חודש. אַזוי גאַנצע צוויי און אַ האַלב יאָר.

אויך די פליכטן לגבי די פאַרהייראַטע קינדער זענען נאָך אַלץ געווען גרויסע. צו יעדער צייט האָבן זיי באַדאַרפט די השגחה פון טאַטע־מאַמע. גאָר ספּעציעל — זייער ייִנגערע טאָכטער דעניז. זיי האָבן נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין סטאַבילע, זיכערע פּרנסה. אויך האָט זייער ערשט קינד, אַ טייער מיידעלע, עליזאַבעט, געהאַט אַ מכשול מיט אַ פּיסעלע, וואָס מ'האָט עס געמוזט לייגן אין גיפּס. דעניז האָט דערפאַר געוואָלט, אַז דאָס קינד זאָל זיין ביי דער באָבע־זיידע. דאָס האָט איר אַ סך פאַרלייכטערט. אַזוי אַז זי האָט געקענט העלפן איר מאַן ראָבערט אין דער פּרנסה אין זיין יובילער און זייגער־געשעפט.

ווי ס'זאָל נישט זיין, האָבן העניי און מאַניע תמיד געהאַט אַביסעלע זאָרג פון זייערע חתונה־געהאַטע קינדער. אפילו די עלטסטע טאָכטער, רחלע, וואָס האָט געפירט אַ שיין לעבן, האָט אויך באַדאַרפן פון צייט צו צייט אַ בליק פון די עלטערן. וואָרום רחלע האָט שוין מיט מזל געהאַט אַ דריט קינד, אַ מיידעלע, אַניק האָט מען עס גערופן. זי האָט געזאָגט, רחלע, אַז ס'איז איר נישט לייכט יעדעס יאָר צו פאַרשוואַנגערן און איר מאַן זשאַק האָט זיך געמוזט עצהנען מיטן הויז־דאָקטער. זייט דעמאָלט איז רחלעס געזונט־צושטאַנד געווען פול מיט קאָמפּליקאַציעס. כאָטש אין פּרנסה איז זיי זייער גוט געגאַנגען. די קינדער זענען דערצויגן געוואָרן אויף אַ גבי־רישן אופן. אָבער נישט אַלץ האָט זיך לסוף גוט פאַרענדיקט.

די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן. דער עלטסטער זון, זשעראַר, איז ביי 17 יאָר שוין געווען אַ באַשעליער. די אַנדערע האָבן זיך אויך נישט שלעכט געלערנט. דער פאָטער האָט איינגעצויגן דעם פּאַסיק און געטראַכט וועגן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דורך דער צייט איז רחלע געזונט געוואָרן. זשאַק איז געווען אַ פּעאיקער מענטש, אַ קענער פון לאַטיין, פון מאַטעמאַטיק.

בינו לבינו איז פּאָל באַפרייט געוואָרן פון מיליטער און ער האָט גע־טראַכט חתונה צו האָבן. ער האָט זיך באַקענט מיט אַ ייִדיש מיידל. מאַניע איז געווען צופרידן און זיך געגרייט צו אַ נייער שמחה אין דער משפּחה.

די תנאים זענען געווען זייער פרייַלעכע. דערווייל האָט פּאָל באַדאַרפט אָפּגע־רירט ווערן אויף אַ קני. ער האָט זיך געטאָן אַ קלאַפּ ביי אַן עראָפּלאַן, בעתן מיליטער־דינסט. די אָפּעראַציע איז גוט אַדורך, אָבער ער האָט אַ צייט גע־דאַרפט גיין מיט אַ שטעקן, כדי צוריק צוגעוווינען דעם פוס צו זיין נאָר־מאַלן טראָט. און דאָס האָט אפשר די עלטערן פון זיין מיידל געשטויסן נישט צו דערלאָזן זייער טאָכטער צום שידוך.

פּאָל האָט במשך פון דער צייט צוריק געגומען גיין נאָרמאַל. ער האָט לאַנג נישט געזוכט און קענען־געלערנט אַן אַנדער מיידל. די חתונה איז געווען ווי אַלע רייכע חתונות. זיין שווער האָט אים געגעבן אַ גוט קאָנפעק־ציע־געשעפט. פּאָל איז אָבער אויך דאָס מאָל געשטרויכלט געוואָרן, גע־וואָר ווערנדיק, אַז זיין שיין ווייבל איז שוין געווען אינטערנירט אין אַ פּסי־כיאַטרישן אַנשטאַלט, און דאָס האָט דערפירט צו אַ גט.

פּאָל האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט פאַרלאָזן דאָס קאָנפעקציע־געשעפט, נאָך אַ פּאָר יאָר אַריינלייגן האָרעוואַניע. אויך די אַדוואָקאַטן האָבן איינגע־שלונגען אַ סך געלט. דער פאָטער פון זיין גע׳גטער פרוי האָט האָט זיך געוואָרפן מיטן גאַנצן כוח צו רואינירן דאָס געשעפט, ביז באַנקראָט. די מו־טער, מאַניע, האָט אים געטרייסט, פּאָלן, אַז ער וועט סוף כל סוף זיין גליק געפינען.

הענרי און מאַניע האָבן ווייטער געפירט זייער מאַראָקינערי־פאַבריקל. זיי האָבן געשעפּט נחת פון די אייניקלעך. רחלע האָט געהאַט צוויי זין און אַ טאָכטער. דעניז אויך דאָס זעלבע, צוויי זין און אַ טאָכטער. זייער פּעאַי־קע קינדער. די עלטערן זייערע איז נישט שלעכט געגאַנגען אין דער בראַנ־זשע פון זייער פאַבריקאַציע.

דעמאָלט האָבן הענרי און מאַניע באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו עס האָט געלעבט מאַניעס אַ ברודער. ס׳איז געווען גראָד דעמאָלט, ווען פּאָל האָט באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט זיין אמתער באַ־שערטער, פון פראַנצויזישן יחוס. די חתונה איז פאָרגעקומען אין אַ שיינעם פּאַרק פון דער געמישטער משפחה, נישט ווייט פון שאַרטר.

עס איז דאָרט פאָרגעקומען אַ נישט־אנגענעמער אינצידענט, אָבער אָן קאָנסעקווענצן. וואָרום די מוטער פון דער כלה האָט געמוזט פונעם חתונה קוכן דעם נישט יידישן פּאָרל־סימבאָל אַראָפּנעמען. דאָס איז געווען פיינלעך. עס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין אָוונט. די אָוונט־

קילקייט האָט אָפּגעפּרישט זייערע געמיטער, נאָכן זומער־טאָג. אונטער די קלאַנגען פון אָרקעסטער, האָט זיך דער עולם געווײלט. צולעצט האָבן חתן־כלה זיך אַריינגעזעצט אין גרויסן „פּעזשאָ״־וואָגן, און געלאָזן זיך אויף זייער האָכצייט־רייזע.

אויך העברי און מאַניע האָבן זיך גענומען גרייטן צו זייער רייזע אין ראַטנפאַרבאַנד. זיי זענען אָבער צוריקגעקומען פון דער נסיעה אַנטוישטע.

באַלד נאָך זייער צוריקקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, האָבן זיי באַשלאָסן צום ערשטן מאָל באַזוכן מדינת ישראל. דאָס איז געווען אין יאָר 1965. דאָס איז געווען אַ גרויסע דערמוטיקונג, נאָך זייערע אַנטוישונגען — צוריקצוגעפינען דעם אייביקן יידישן קיום.

זייט די ערשטע רייזע קיין ישראל, איז נישט געווען כמעט דאָס יאָר, אַז העברי און מאַניע זאָלן נישט פאָרן אַהין, צו דערוואַרעמען זייערע יידישע נשמות. העברי האָט אפילו אָנגעשריבן אייניקע רעפּאָרטאַזשן אין דער יידישער צייטונג אין פּאַריז.

איין יאָר האָט מאַניע דורכאויס געוואָלט נאָך אַמאָל צו באַזוכן גרענאָבל, די שטאָט פון די רעזיסטאַנס־יאָרן, צו פאָרן זיך אָפּרוען אין די בערג פון איזער. זי האָט אויך שטאַרק באַאיינפלוסט איר טאָכטער רחלע מיטן איידעם זשאַק, זיי זאָלן עולה זיין קיין ישראל. די גוטע רעקאָמענדאַציע איז געקומען פון אַ ישראל־תושב, אַ שליח אין פּאַריז. ד׳עם שליח, אַ פּראָמינענטער, רעליגיעזער מענטש, זיין נאָמען איז געווען עד ציון, האָט העברי באַקענט אין פריינטשאַפט־קלוב, ווו ער איז געווען אַ קאָנפעראַנסיע. דער זעלבער עד ציון האָט אויך באַקענט מאַניען. דער שליח האָט מאַניען און העברין איינגעלאַדן צום סדר אויף פּסח. ביים סדר זענען געווען פאַרזאַמלט ביז צוואַנציק יידן. די פרוי פון עד ציון האָט משמח געווען דעם עולם ביים סדר, האָט זייער שיין געזונגען. איר מאַן פלעגט זי רופן: קאַנאַריקל...

פון דעם טאָג אָן האָט מאַניע כסדר אינספּירירט איר רחלען מיטן מאַן, זיי זאָלן עולה זיין קיין ישראל, אין גוטע באַדינגונגען. דאָס צוגרייטן האָט געדויערט אַ שטיקל צייט. ענדלעך איז באַשטימט געוואָרן די דאַטע אויפן חודש יוני 1972.

— אַצינד — האָט מאַניע געזאָגט צו די קינדער — אַזוי ווי ס׳איז מיר, גאָט צו דאַנקען, געלונגען די קינדער געז זאָלן עולה זיין, וועלן מיר קענען פאָרן זיך אָפּרוען אין די בערג אַרום גרענאָבל, אין שאַטאָ ד׳הערביע.

אַלץ איז צוגעגרייט געוואָרן ווי ס'באַדאַרף צו זיין. די קינדער זענען אַלע מסכים געווען. בפרט — רחלע.

— טוסט גוט — האָט זי געזאָגט דעם פאָטער — וואָס איר פאָרט אַביסל אין די בערג. מיר וועלן דערווייל אָפּפאָרן קיין ישראל און פאַר־שפּאָרן דער מאַמען צו פאַרגיסן טרערן. איך קען זייער גוט איר כאַראַקטער. איר דאַרפט פאָרן אַהין, ווו איר האָט אָפּגעראַטעוועט אונזער אַלעמענס לעבן. איך דערמאָן זיך, פּאַפּאַ, ווען דו ביסט אַהיימגעקומען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, נאָך דער גרויסער מאַניפעסטאַציע אין גרענאָבל, דעם 11־טן נאָוועמבער 1943. איך און די מאַמע האָבן שטאַרק מורא געהאַט, זאָלסט נישט האָבן געווען צווישן די 900 אַרעסטירטע דורך די עס. עס.־באַנדעס, מיט דער מיליץ פון דאַרנאַן. ווען איך דערמאָן זיך, גרינצלט ביי מיר די הויט.

— דאָס — זאָגט העני — טאָרן מיר אוודאי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. היינט, ווען דו גרייטסט זיך עולה צו זיין אין לאַנד פון מיינע חלומות, זיי וויסן, מיין קינד, אַז דאָרט רוט מיין הייליקע מוטער אויפן בית־הקברות טרומפּעלדאָר אין תל־אביב, אונטער אַ מאַרמאָרענער מצבה. איר נאָמען אויף דער מצבה איז: חיה בת שמואל זיינוול. אשה הצנועה בר'ב זאב יהו־דה דלוזשנאָווסקי. איר מיידלישער נאָמען: ווילטשקאָווסקאָ. אַז איר וועט קומען אין מדינת ישראל בשלום, זאָלט איר ביי דער ערשטער געלעגנהייט גיין אויף קבר אבות. דאָס איז דער איינציקער קבר פון אונזער משפּחה. וואָרום אין לאָדזשער געטאָ זענען אַלע אונזערע משפּחה־מיטגלידער אומ־געקומען דורך די דייטשע רוצחים, ימח שמם, און זענען נישט געקומען צו קבר ישראל.

דעם אמת געזאָגט, איז העני נישט געווען אַזוי באַצויבערט פון דער נסיעה קיין גרענאָבל. וואָרום געגלויבט האָט ער, אַז דער פריינטשאַפט־קלוב וועט זיך נישט וועלן אַזוי לייכט שיידן מיט זייער קאָנפעראַנסיע אויף אַ חודש צייט. זיי האָבן פאָרגעלייגט, אַז העניין זאָלן באַגלייטן נאָך עטלעכע פרויען פון קלוב צו שאַטאָ ד'הערביע, וועלכער געהערט צום „קאַזשאסאָר", במילא צום פאַרייניקטן יידישן פאָנד־סאָציאַל.

אָבער די קינדער זענען געווען צופרידן, וואָס זייערע עלטערן פאָרן אין די בערג אַרום גרענאָבל. געפאָרן זענען זיי אָנהייב יוני 1972. די קינד־

דער זענען געקומען צו דער באַן זיך געזעגענען מיט זייער מוטער, צום באַדויערן — ס׳לעצטע מאָל! און די מעשה נורא איז געווען אַזוי:

מאַניע האָט זיך לעצטנס נישט זייער גוט געפילט. דאָס איז געווען נאָך אַ זייער שווערע גריפּע, וואָס איז אומגעגאַנגען ווינטער־צייט. גראָד זענען פאָרגעקומען די אַקציעס פון דער ציוניסטישער ווערבירונג פאַר דער גרויסער אידענטיפיקאַציע מיט מדינת ישראל. און מאַניע האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הייליקער אַרבעט בכל לבבך ובכל נפשך. צום באַדויערן, איז זי געפאַלן קראַנק און די גריפּע האָט זיך פאַרצויגן. דער דאָקטער, וואָס האָט איר געהיילט, האָט מורא געהאַט פאַר קאָמפּליקאַציעס, מיטן סיסטעם, וואָס פאַרבינדט דאָס האַרץ.

נאָך צען וואָכן, איז געלונגען מאַניען צוריקצושטעלן אויף די פיס. אַן אמתער יום־טוב איז געווען לכבוד מאַניעס געזונט ווערן. ווען די זון האָט זיך צוריק באַוויזן, ס׳האָט געשמעקט מיט פרילינג, האָט זי באַגלייט האַנרין אין פריינטשאַפט־קלוב. אַלע האָבן זי דאָרט זייער פריינטלעך אויפגענומען. די אָנפירערין, מאַדאַם עליזאַבעט גאַרא, האָט זי תיכף פאַרשריבן אַוועקגעשיקט צו ווערן דורך דער „קאָאָפּעראַסיאָן פעמינין״.

געפאָרן זענען זיי, ווי געזאָגט, אין די ערשטע טעג פון חודש יוני 1972. אין גרענאָבל האָט זיי אָפּגעוואַרט אַ לוקסוס־קאַר און זיי אָפּגעפירט אין שאַטאָ פון הערביע, אַן ערך 15 קילאָמעטער פון גרענאָבל. דאָרט האָט יעדער באַקומען זיין צימער. אַ פיין מיטאָג־עסן איז געווען צוגעגרייט. נאָכן עסן האָבן זיי שפּאַצירט אין פּרעכטיקן גרויסן פּאַרק. די לופט איז געווען פריש, כמעט זומערדיק. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ פּאָר טעג.

פלוצים איז דער הימל צוריק פאַרוואָלקנט געוואָרן. ס׳איז אויך געוואָרן קאַלעמוטנע אויף דער נשמה. אין די בערג, אַז די וואָלקנס פאַרדעקן דעם הימל, איז די נאַטור ווי אין טרויער. אָבער אויף מאַניען האָט עס ספּעציעל נישט געווירקט, ווייל זי האָט דאָך געהאַט לעבן זיך האַנרין. צומאָרגנס איז שוין דער הימל ווידער געווען אויסגעלייטערט. מען האָט געוואַרט אויפן יום־טוב, וואָס די יידישע קהילות פון ליאָן, גרענאָבל האָבן זיך געגרייט צו פייערן אין פּאַרק, אינעם שלאָס. טייל פּענסיאָנערן האָבן זיך אויסגעמישט מיטן עולם. עס איז דאָרט געווען אַן אויסשטעלונג פון דער גאָלדענער תקופה אין שפּאַניע, פּאָלקלאָר־שפּילן, אַלץ פאַרבונדן מיט מדינת ישראל.

פאַרשטייט זיך, אַז מאַניע האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט און זי האָט געהאַט אַ באַגער מיטצוווירקן צום דערפאָלג פון קהלישן יום־טוב. די פייערונג האָט געדויערט פון באַגינען ביז שפּעט אין טאָג אַריין. מען האָט זיך געזעצט צום געגרייטן טיש מיט גרויס אַפּעטיט. די נאַכט איז מאַניע זייער רואיק געשלאָפן. אויך צומאָרגנס האָט זי זיך זייער גוט געפילט ביים טיש אין עס־זאַל. זי האָט פאַרלאַנגט אַ טאָפּלטע פּאָרציע פלייש, אַ ביפשטעק.

— צעקיי עס גוט! — האָט האַנרי געזאָגט — וואָרן אויב נישט, בלייבט עס ליגן ביים מאָגן.

זי האָט בשלום אָפּגעגעסן. דאַן איז מען אַרויס אין פּאַרק, אויף דער פרישער לופט. די זון האָט געשיינט, דער זומער האָט זיך געשטעלט אין זיין גאַנצער פּראַכט. זיי זענען אַוועק אין טעלעוויזיע־זאַל זען אַ פילם. אָבער מאַניע האָט פּלוצים מער נישט געקענט איינזיצן. האַנרי איז געוואָרן אַביסל אומרואיק און איז מיט איר אַרויס צוריק אין פּאַרק. ער האָט זי געלאָזן אַליין שפּאַצירן און איז איר דיסקרעט נאָכגעגאַנגען אומבאַמערקטערהייט. ער האָט געזען, ווי זי דרייט זיך אָפּ פון די פריינט, וואָס האָבן איר אַרומגערינגלט. האָט זיך האַנרי משער געווען, אַז דאָס איז עפּעס נישט נאָרמאַל. ער האָט געזען ווי זי גייט צוריק אַרויף אין צימער. האָט ער זיך גלייך געלאָזן גיין נאָך איר. ווען ער איז אַריבערגעטרעטן די שוועל, האָט ער גלייך באַמערקט, ווי מאַניע איז משנה צורה. זי איז געלעגן אויפן בעט, אַ בלייכע. האַנרי האָט זי אָפּגעפרישט מיט קעלניש וואַסער. זי האָט מער נישט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט. דאָס לשון איז איר ווי אָפּגענומען געוואָרן. ער איז געלאָפן תיכף רופן די דירעקטאָרין פונעם שאַטאָ. זי האָט מאַניען געמאַכט אַן איינשפּריצונג. די גרויסע צאָל מענטשן, וואָס זענען זיך אָנגעלאָפן, האָט מען געבעטן צו פאַרלאָזן דאָס צימער. לסוף האָט די דירעקטאָרין אַרויסגערופן די גיכע־הילף פון גרענאָבלער שפּיטאָל, ווארעם קיין דאָקטער אינעם שאַטאָ איז נישט געווען. די דירעקטאָרין גופא האָט קיין גרויסע מעדיצינישע קענטעניש נישט פאַרמאָגט. אפילו קיין איינשפּריצונג האָט זי אויך נישט געטאָרט מאַכן. שפּעטער האָט מען זיך דאָס דערוווסט. מען האָט געוואַרט אַ שפּאָרע צייט אויף דער גיכער הילף.

דערווייל פאָרען זיך אָן אַ שיעור פרויען אַרום מאַניען און האַנרין

מיידט מען אויס. ער שטייט אַן אובאַהאָלפּענער, און ווייסט נישט וואָס צו טאָן אין אַזאַ ביטערער לאַגע.

ענדלעך, נאָך אַ קנאַפּע שעה וואַרטן, איז די גיכע הילף געקומען, אָבער — אָן אַ דאָקטער! זונטיק איז אין שפּיטאָל כמעט נישטאָ קיין דאָק־טער, בלויז יונגע דאָקטוירימלעך. מען ברענגט אַריין אַ טראָג־בעטל און מען נעמט צו מאַניען. אין ערשטן מאָמענט האָט זיך האַנרי כמעט נישט אָריענטירט וואָס דאָ קומט פאָר. ער פאָרט מיט מיטן קעטשל. פּלוצים באַמערקט ער ווי די צוויי יונגען אַמפּערן זיך מיט דער קראַנקער, ווייל זיי ווילן איר מיט כוח אָנטאָן אַן אָקסיזשען־מאַסקע, זי זאָל קענען פרייער אָטעמען. דאָס זעענדיק, זאָגט האַנרי צו די צוויי דאָקטוירימלעך, אויב זי וויל נישט די מאסקע פון אָקסיזשען, דאַרף מען זי נישט צווינגען. אָבער אַזוי ווי מען האָט מאַניען אַריינגעפירט אין שפּיטאָל, האָט האַנרי געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז זיי וועלן אים נישט האָרכן.

צוגייענדיק צום בעטל, ווו די טייערע מאַניע איז געלעגן, אַ רואיקע, אָן וויטיקן, האָט האַנרי באַוויזן איר אַ קוש צו טאָן, און ער האָט איר פאַר־לאָזן, מיטן ווונטש זיך אינגיכן צו זען געזונטערהייט. דאָס האָט געדויערט בלויז אַ רגע, און די צוויי דאָקטוירימלעך פון אַמבולאַנס אין דער גיכער הילף האָבן האַנרין אָפּגעשטופּט פון טראָג־בעטל און מאַניען אַוועקגע־טראָגן אין רעטונג־זאַל. זי האָט באַדאַרפט נישט מער ווי אַ בעט צו רוען.

אין וואַרטע־זאַל דרייען זיך אַהין און צוריק פאַרשידענע מענטשן, ווער מיט פאַרוויינטע אויגן, ווער מיט אַ וויי אין האַרצן, אַנדערע — מיט אַ שטילער תפילה אויף די ליפּן.

אַזוי זענען אַוועק שעהן, ווי אַן אייביקייט. האַנרי איז שוין געווען זייער דערשעפּט. יעדע מינוט — אַ שעה, פול מיט יסורים און — בטחון. פון צייט צו צייט איז אַרויסגעקומען אַ שליח מיט אַ נייעס פאַר די אַלע, וואָס האָבן דאָ געוואַרט. צום באַדויערן — נאָר טרויעריקע נייעס; ווארום יעדעס מאָל האָט מען געהערט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין, אָדער אַן אויסגע־שריי: „פאַרוואָס האָט איר מיר נישט צוגעלאָזט... צום סוף פון לעבן?"...

און האַנרי זיצט, אַ צוזאַמענגעבראָכענער, שוואַרצע מחשבות עקבערן אים... פּלוצלונג רופט מען אים אַריין אין ביורא. ער שטייט אויף מיט אַ ציטער אין האַרצן. אָט שטייט ער פאַר זיין ביטערן גורל.

— דער גורל אייערער — זאָגט דער מאַן פון ביוראָ — איז לײַדער...
אײַער ליבע פרוי האָט אײַך פאַרלאָזן... אויף תמיד...

דערהערט די ווערטער, איז האַנרי פּלוצים ווי אַרײַנגעפאַלן אין אַ תהום. יענער האָט אַ כאַפּ געטון האַנרין אין זײַנע שטאַרקע הענט, נישט צו לאָזן אים זינקען. ווען ער האָט אויפגעריסן זײַנע אויגן, אין נעפּל, האָט ער דערזען צוויי פּערזאָן. זיי האָבן אים געפירט אונטערן אָרעם, מיטצו־גיין, זען, זיך געזעגענען מיט דער, וואָס האָט אים אַ שטיק לעבן באַגלייט, זײַן מאַניע, די מוטער פון זײַנע קינדער, קנאַפּע פופציק יאָר צוזאַמענלעבן, אין פריידן, אין ליידן.

זיי האָבן אים אַרײַנגעפירט אין אַ צימער און ער האָט דערזען מאַ־ניען שלאָפן — איר אייביקן שלאָף. ער איז צוגעפאַלן, גענומען זי וועקן, וואָרום איר פּנים האָט געשײַנט, ווי זי וואָלט זיך באַלד באַדאַרפט אַ הייב טון, אויסשטרעקן צו אים אירע אָרעמס. און האַנרי האָט דערהערט אַ שטימע, ווי ס׳וואָלט געווען נישט זײַנע, אַ ציטערדיק קול: שמע ישראל אדוני אלוהינו אדוני אחד... ברוך דיין אמת... האַנרי האָט זיך אויפ־געריסן מיט דרך ארץ, און נאָכגעשעפּטשעט די ווערטער פון דעם ייד, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דער יידישער קהילה אין גרענאָבל.

ווער ווייסט ווי אַזוי האַנרי וואָלט געווען פאַרענדיקט זײַן געזעגע־נען זיך מיט זײַן נשמה יתירהדיקער מאַניען, ווען נישט דער ייד, וואָס האָט אויסגערופן דעם נאָמען: חיה־מרים־מאַניע, בת ר׳ דוד בולוואָ.

ווען דער שליח פון דער גרענאָבלער קהילה האָט פאַרענדיקט זײַן תפילה, האָט ער איבערגעגעבן האַנרין אַ קליין תהילימל, אויף וועלכן עס געפינט זיך פאַרצייכנט די דאַטע פון דער טהרה, דאָס רעכט־טון מאַ־ניעס, דורך דער גרענאָבלער חברה קדישא. די דאַטע איז געווען: ביום ה׳ תמוז תשל״ב, דעם 18־טן יוני 1972.

נאָכן שליח׳ס אַוועקגיין, איז האַנרי געבליבן מיט זײַן נשמהדיקער מאַניען אַליין, און האָט געשעפּטשעט מיט זײַנע ליפּן דעם תהילים פון דוד המלך: אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים... ביי די ווערטער זענען אָנגעקומען די שפּיטאָל־באַדינער מיט דער חברה־קדישא און צו־גענומען פון האַנרין זײַן געטרייע, ליבע, פרוי און מוטער פון זײַנע קינדער. עס האָבן זיך באַוויזן צוויי אָנגעשטעלטע פון שאַטאָ ד׳הערביע און זיי האָבן געפּרוּווט טרייסטן האַנרין. אָבער — צי האָט דען געקענט זײַן אַ

טרייסט? זיי האָבן האַנרין פאַרזאָרגט אַלע נייטיקע ענינים, וועלכע ער גופא איז מער נישט פעאיק געווען צו דערליידיקן. זיי האָבן אים צולעצט איבערגעלאָזן עלנט, אַליין אין האָטעל־צימער.

האַנרי האָט מער נישט געקענט צומאַכן קיין אויג. דאָס תהילימל האָט אים איצט דערהאַלטן די נשמה. צומאָרגנס פאַרמיטאָג זענען געקומען האַנריס זון פּאָל־וואַיאַן און זיין פרוי. די טרערן האָבן דערשטיקט דאָס לשון. אין אַזאַ געדריקטער שטימונג, האָבן די קינדער גענומען דערליי־דיקן דאָס איבערפירן מאַניען קיין פּאַריז.

דאָס יידישע פּאַריז איז מאַסנוויז געקומען צו דער לוויה דעם 22־טן יוני 1972. דער זון פּאָל־וואַיאַן האָט געזאָגט קדיש מיט אַ צעבראָכענער שטימע. אַ הספד איז געמאַכט געוואָרן פון אַ חשובן פריינד. מאַניע רוט אין איר אייגן קבר אויף באַניע, ביי פּאַריז.

נאָך דער לוויה האָבן זיך אַלע קינדער פאַרזאַמלט אַרום זייער פאָטער, כדי צו זעצן זיך שבעה צוזאַמען אינעם הויז פון זייער מוטער, וואָס האָט זיי געפירט צו דער חופה, צוזאַמען מיט איר מאַן. ס'איז געווען אַ מנין בעתן שבעה זיצן, פאַר מאַניעס הייליקער נשמה.

נאָך שבעה איז רחלע, צוזאַמען מיט איר מאַן און טאָכטער, געקו־מען געזעגענען זיך. זיי האָבן זיך געקליבן עולה צו זיין קיין ישראל. דאָס מאָל איז האַנרי זייער טרויעריק געווען, ביים אָפּפאָרן פון זיין עלטס־טער טאָכטער מיט אירע בני־בית; ווייל די מוטער האָט זיך אַזויפיל מי געגעבן וועגן זייער עליה און — זי איז נישט מער געווען דערביי. מיט וויפל שטאָלץ און פרייד האָט זי גערעדט וועגן דער עליה פון אירע קינ־דער, מיט האָפענונג, אַז אַלע וועלן זיך סוף כל סוף אַריבערקלייבן קיין ישראל. אַ שווערע נאָסטאַלגיע איז געפאַלן אויף האַנרין, כאָטש ער האָט זיך געדאַרפט פרייען. די איבעריקע קינדער האָבן אויסגעדריקט זייער ווונטש, אַז נאָך די שלושים זאָל זייער פאָטער מאַכן אַ רייזע קיין ישראל, כדי זיך אַביסל צו דערמוטיקן. דאָס האָט געזאָגט דער יינגסטער, פּאָל־וואַיאַן:

— דער פאָטער איז געבליבן אַליין און אין ישראל וועט ער קומען צו זיך.

עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אל מלא רחמים דורך הרב שליט״א שמוקלער. אויך אַ פאָרשטייער פון די „פּראָגרעסיווע״ האָט געהאַלטן

אַ הספּד. דער זון פּאָל־וואַיאַן האָט געזאָגט קדיש נאָך זיין מוטער. לעבן אים איז געשטאַנען זיין פאָטער, אונטערגעהאַלטן דורך זיין יינגסטער טאָכטער דעניז, מיט איר מאַן.

האַנרי האָט זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט אין דעם פּריינטשאַפּט־קלוב, אַלס קאָנפערענסיע, אָבער זיין איינזאַמקייט האָט קיי־נער נישט געקאָנט באַגרייפן. זיין איינציקע טרייסט איז געווען — צו פאַרצייכענען אויף פּאַפּיר זיינע איבערלעבונגען. עס זענען אַוועק שווערע טעג און וואָכן, ביז דער קלוב איז מיטן זומער־סעזאָן געשלאָסן גע־וואָרן, פון העלפט יולי 1972 ביז אָנהייב אָקטאָבער.

דעמאָלט האָט דער זון פּאָל־וואַיאַן און די טאָכטער דעניז צוגעגרייט זיין רייזע. זיי זענען געקומען מיט די נויטיקע רייזע־זאַכן, מיט אַן עראָפּלאַן־בילעט, פּשוט גענומען דעם טאַטן אונטערן אָרעם און אַוועק־געפירט צום אַעראָדראָם אין אָרלי, און דער אַוויאָן האָט אים געפירט קיין ישראל.

פיל פון זיינע פריינד האָבן אים כמעט נישט דערקענט. זייט דעם אומגליק מיט מאַניען האָט ער זיך מער נישט געגאָלט, איז געוואָרן אפילו נאָכלעסיק אין זיין אָנטאָן, כאָטש ער איז אַלעמאָל געווען געקליידט ריינלעך, אָפּגעהיט. אָבער זיין טאָכטער דעניז האָט כסדר געזאָרגט פאַר אים, נישט פאַרלאָזן אויף קיין רגע. זי האָט יעדן טאָג טעלעפאָנירט צום פאָטער, ווייל זי האָט געפילט, אַז זיין לעבן הייבט אָן צו זינקען. ער פלעגט זיך אַדורכשלייכן די גאַסן ווי אַ שאָטן. די קינדער, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר אים, וואָס האָבן צוגעגרייט זיין רייזע קיין ישראל, האָבן אים דערהאַלטן ביים לעבן.

אָבער ווען ער האָט געשיקט זיינע לעצטע לופט־קושן צו די קינדער, איז אַריין אין אַוויאָן, האָט ער דערפילט אין זיך אַן ענדע־רונג. אין דער צייט ווען דער אַוויאָן האָט זיך אויפגעהויבן אין די וואָלקנס און האָט אים געפירט צום זוניקן לאַנד, צו מדינת ישראל.

## זכרונות פון נעכטן און היינט

נאָך קיינמאָל, ווי היינט, זענען מיר נישט געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט אונזער נאַציאָנאַלן לעבן, מיט די פאָלקס־אינטערעסן. אָבער ווי האָט עס אויסגעזען מיט יאָרן צוריק, ווען קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען קיין פראַנקרייך באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ?

נישט אַלע, ווי ס׳איז באַקאַנט, זענען געקומען אויף אַ לעגאַלן וועג. ס׳האָט אָבער דעמאָלט גלייך אָנגעהויבן צו ברויזן און פולסירן אַ יידיש לעבן. ס׳רוב יונגע מענטשן, האָבן זיי מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער אַלטער היים התלהבות, אומגעהויערן אידעאַליזם.

עס האָבן זיך באַוויזן די שטרעמונגען אין יידישן לעבן מכל המינים. יעדער איינער באַלאַדן מיט איבערציייגונגען פאַר אַ ליכטיקן מאָרגן. עס זענען פאַר דער צייט געווען שווערע מאָמענטן, קריזיסן, אָבער יידן האָבן זיך דאָך איינגעפלאַנצט אין לאַנד. די געזעלשאַפטן, וואָס זענען אויפגעקומען, האָבן זיך פאַרצווייגט, פאַרזייט געזונטע זוימען. עס איז אַנטשטאַנען אַ קולטור־געזעלשאַפט, אָנגעפירט פון חשובע עסקנים ; פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פּאָליטישע גרופּירונגען. עס זענען אונטערגעוואַקסן קינדער, וועלכע מיר האָבן אָבער קיין שום יהדות נישט געלערנט. און דאָס האָט זיך אָפּגערופן ביזן היינטיקן טאָג. מיר האָבן די קינדער איבערגעענטפערט די פראַנצויזישע שולן, און דאָרט זענען זיי ביסלעכווייז פאַרפרעמדט געוואָרן פון אונז. מיר, די געקומענע פון מזרח־אייראָפּע, האָבן אָבער וויטער געצויגן אונזער גייסטיקע חיונה פון אונזערע אבות. מיך האָט נאָך אַלעמאָל פאַרבונדן מיין היים־שטאָט לאָדזש.

נאָך עטלעכע און צוואַנציק יאָר לעבן אין פּאַריז, האָב איך אין יאָר 1937 באַשלאָסן צו פאָרן אַהיים. קיין גרויס נחת האָב איך דאָרט נישט גע־

האָט, חוץ דעם, וואָס איך האָב צוריקגעזען מיין משפחה. אויף אַ גאַס אין לאָדזש האָב איך געזען ווי ווילדע כוליגאַנעס, פּוילישע פּאָליציי, האָבן געשלעפּט יידישע יינגלעך פאַר זייערע געקרייזלטע פּאהלעך. איך האָב געוואָלט רעאַגירן, אָבער אַ קרוב, וואָס איז געווען ביי מיין זייט, האָט מיך אָפּגעהאַלטן:

— זיי פאַרזיכטיק... זיי וואַרטן נאָר, די באַנדיטן, מען זאָל זיך זיי קעגנשטעלן... דאָס זענען גזלנים...

צוריקגעקומען אַהיים, קיין פּאַריז, איז ביי מיר נאָכמער געשטאַרקט געוואָרן דער ווילן צו העלפן בויען אונזער יידישן ישוב אין פראַנקרייך. עס איז גראָד דעמאָלט אויסגעפּאַלן די צייט פון פאָלקס־פראָנט, וואָס האָט פאַרלייכטערט אַ סך יידן איינצואָרדענען זיך. אָבער לאַנג האָט די לעאָן־בלום־רעגירונג נישט אָנגעהאַלטן. דער וועלט־שלום איז געווען באַדראָט דורך היטלערן, ימח שמו. פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבן אים נאָכגעגעבן אין זיינע פּרעטענסיעס וועגן טשעכאָסלאָוואַקיע און ס׳איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער שענדלעכער מינכען־אָפּמאַך. דאָס איז גווען אין 1938.

סך־הכל אַ יאָר שפּעטער איז געקומען דער שענדלעכער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך אין מאָסקווע. די מלחמה איז געשטאַנען ביי דער שוועל. דער יידישער ישוב האָט איבערגעלעבט די ערשטע גרויסע קאַטאַסטראָפע; יידישע עסקנים האָבן נישט גערוט, געשאַפן פאַרשיידענע הילף־אַנשטאַלטן, פאָלקס־קיכן. מאַסן יידן זענען פרייוויליק אַוועק אַנגאַזשירן זיך אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, קעגן היטלער־דייטשלאַנד. די פרויען און קינדער זענען פאַרבליבן אויף הפקר, נאָכדעם ווי זייערע מענער זענען אַוועק אויפן פראָנט. אין סעפּטעמבער 1939 האָבן די מערי׳ס עוואַקואירט פיל פרויען און קינדער אין דער ווייטער פּראָווינץ.

דאָס האָט געדויערט, ביז די פאַשיסטישע חילות זענען אַריינגעדרונגען אין פראַנקרייך. פּאַריז איז געפאַלן אין יוני 1940. די רענאָ־רעגירונג האָט דעמיסיאָנירט און איבערגעגעבן די מאַכט דעם מאַרשאַל פּעטען. דאָס איז געווען אַ רעגירונג פון פאַראַט. תיכף האָט מאַרשאַל פּעטען געבעטן אַ פייער־איבעררייס ביי די דייטשן. צוויי מיליאָן פראַנצויזישע סאָלדאַטן זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט און זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד.

צו דער זעלבער צייט איז דאָ געבוירן געוואָרן די ווידערשטאַנד־באַ־

וועגונג, ווען ס׳איז דערגאַנגגען דער אַפּעל פון גענעראַל דע גאָל פון לאָנדאָן. פראַנקרייך איז שוין געווען פונאנדערגעטיילט אין צוויי באַזונדערע זאָנעס: די נאָרד־זאָנע און די זיד־זאָנע. אין דער זיד־זאָנע, אין ווישי, איז געווען דער פעטען־שטאַט (נישט קיין רעפּובליק).

אין די יידישע געגענטן האָבן זיך באַוויזן אויפרופן אין יידיש, נישט אונטערצוואַרפן זיך די נייע ראַסן־געזעצן קעגן יידן. אין אַ סך פאַמיליעס זענען געווען וויכוחים, נישט צו מעלדן זיך אין קאָמיסאַריאַט אַלס ייד. אָבער דאָס רוב יידן זענען געגאַנגען אין די קאָמיסאַריאַטן — ווי מען האָט עס געפאָדערט — און געמאָלדן זיך אַלס יידן. אויף זייער קאַרט־ד׳אידאַנטיטע איז אָוועקגעלייגט געוואָרן אַ שטעמפּל: „זשוויף״... ייד.

עס האָבן זיך שוין געפונען פראַנצויזישע קאָלאַבאָראַטאָרן, ווי אויך די פּאָליציי, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן דייטשן אָקופּאַנט. נאָך אַ קורצער צייט, האָט מען געכאַפּט יידן און זיי געשיקט אין לאַגער פּיטיוויע, אין באָן לאַ ראָלאַנד. דעמאָלט איז אַנטשטאַנען אַן אמתע בהלה צווישן יידן. מען האָט אָנגעהויבן זיך אַריבערצושמוגלען אין דער א. ג. פרייער זאָנע. אַ סך יידן זענען געכאַפּט געוואָרן, אָפּגענאַרט געוואָרן דורך שמוגלערס. ס׳איז נאָך געווען אַ רעלאַטיווע פרייהייט פאַר יידן אין דער פרייער זאָנע, דער עיקר פאַר יידן, פראַנצויזישע בירגער. אָבער אכזריותדיק האָט די פעטען־רעגירונג געהאַנדלט לגבי יידן־אויסלענדער. זיי האָבן יידן פאַרשיקט אין טרויעריק־באַקאַנטן לאַגער פון גירס, נישט ווייט פון פּאָ. דערמיט האָבן זיי דירעקט געהאָלפן אויסליפערן יידן צו די היטלער־מערדער.

אויך די פעטען־רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן ראַסן־געזעצן. דאָס האָט געהערט צום טרויעריק־באַרימטן קסאוויע וואַלאַ. זענען יידן געלאָפן אין דער פרייערער זאָנע, אונטער דער איטאַליענישער אָקופּאַציע. דאָס האָט זיך געצויגן ביז דעמאָלט, ווען איטאַליע האָט געבעטן אַן אַרמיסטיס. די היטלער־חילות האָבן איבער נאַכט באַזעצט אויך די איטאַליענישע אָקופּאַציע־זאָנע. דאָס איז געשען אין חודש אויגוסט 1943. זיי האָבן געשמידט אין קייטן דעם איטאַליענישן גאַרניזאָן פון גרענאָבל און זיי דעפּאָרטירט.

אין און אַרום גרענאָבל איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע רעזיסטאַנס־באַוועגונג. עס זענען געפאַלן אַ סך קרבנות, אין צוזאַמענשטויסן מיט די ס. ס.־באַנדעס. די מלחמה איז אַריין אין איר אַנטשיידנדיקער פאַזע. דער קאַמף האָט זיך געצויגן פון פראַנקרייך, ביז די ווייטע סאָוויעטישע פראַ־

ווינצן, ביז די איטאַליעניש עאַלפּן. פאַר אונז, יידן, איז געווען איין ציל — שלאָגן זיך קעגן די דייטשע מערדער, ווייל קיין אַנדערע האָפענונגען האָבן מיר נישט געהאַט איבערצולעבן דעם גרויל.

עס זענען ענדלעך אָנגעקומען די חדשים, ווען עס האָט זיך געגרייט דאָס דעבאַרקירן פון די אַליאירטע אַרמייען, די אַמעריקאַניש־ענגלישע חיילות. דאָס איז שוין געווען כמעט אין דער העלפט פון יאָר 1944.

טרויעריק איז געווען דער יידישער חשבון נאָך דער מלחמה. מיר האָבן פאַרלוירן 6 מיליאָן פון אונזערע טייערסטע. די קרעמאַטאָריעס, די גאַז־קאַמערן — דאָס האָט קיינמאָל די געשיכטע פון דער מענטשהייט נישט געזען. אין די באַפרייטע לאַגערן האָבן זיך די ווייניק געראַטעוועטע יידן געוואַלגערט ווי סקעלעטן.

מיר האָבן זיך אומגעקערט פון דער מלחמה, הונגעריקע, באָרוועסע, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. די דירות פון די אָפּגעראַטעוועטע יידן זענען גע־ווען פאַרנומען אין פאַריז פון די לאָקאַטאָרן „דע באָן־פּוא". ווער געדענקט דען נישט די טרויעריקע סצענעס, ווען פרויען מיט קליינע קינדער האָבן זיך געוואַלגערט אין די קאָרידאָן פון די הייזער, ווו זיי האָבן אַמאָל גע־וווינט?

מיר האָבן גענומען דעם גורל אין אונזערע אייגענע הענט, פאַרשטאַ־נען אונזערע אויפגאַבן און התחיבותן לגבי דעם איינהייטלעכן ישוב, בפרט — לגבי מדינת ישראל. עס זענען נאָך אָבער פאַרבליבן יידן, וועלכע לאָזן זיך פאַרטושן די מוחות פון די פאַלשע שבתי־צביניקעס. זיי דרשנען תמיד נאָך וועגן אַ כלומרשטער דערלייזונג, ברידערלעכקייט, יושר.

היינט, ווען מיר גיבן אַ קוק אויף אונזער יידישער וועלט, מיטן רע־נעסאַנס פון מדינת ישראל, ווערן מיר פול מיט גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט סוף כל סוף גובר זיין אַלע שוועריקייטן, וואָס פירן צום ענדגיל־טיקן שלום פאַר מדינת ישראל, עד לעולם ועד.

אָבער אַ האַרבע קשיא: צי האָבן אַלע יידן אין אונזער ישוב, אין פראַנקרייך, פאַרשטאַנען ווי געהעריק אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון אונ־זער רענעסאַנס אין ישראל?

די גאַרע וועלט שטוינט פון דעם פלאַמיקן אויפברויז פון די סאָוויע־טישע יידן, וועלכע פאָדערן זייערע רעכט עולה צו זיין קיין ישראל, כדי צו פאַרברידערן זיך מיט זייערע משפחות. די סאָוויעטישע מאַכט טאָר נישט

אָפּזאָגן די יידן זייערע מענטשלעכע רעכט: דאָס איז, אגב, בפירוש פאָרמו־לירט אין זייער קאָנסטיטוציע וועגן מענטשן־רעכט; אין די פּעסער פון די סאָוויעטישע יידן איז אָנגעשריבן שוואַרץ אויף ווייס, אַז זיי זענען פון יידי־שער נאַציאָנאַליטעט. עס איז פּשוט א מעשה נורא, וואָס דאָרט קומט פאָר, וואָס פאַראַ אכזרויתן דאָרט ווערן אָפּגעטאָן די יידן. די מעטאָדן זייערע זענען געבנוי ווי אין די סטאַלין־צייטן, ווי בעת דעם בלבול פון די יידישע דאָקטוירים, ווי בעת דעם מאָרד איבער די יידישע שרייבער.

און די יעווסעקעס פון פאַריז... מען האָט נאָך געגלויבט, אַז עפּעס וועט זיך אַ ריר טאָן. מען האָט געוואַרט אויף אַ פּראָטעסט פון זייערע אָנ־פירנדיקע חברים, אָבער עס איז נישט געקומען. זיי האָבן מער נישט גע־קענט לייקענען, אַז די יידישע קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד איז דערשטיקט געוואָרן; אַז זיי האָבן דאָרט פאַרמאַכט דעם יידישן טעאַטער, די יידישע שולן. דאָס אומברענגען די יידישע שרייבער, קינסטלער און יידישע אינ־טעלעקטואַלן, און עד היום ווייסט מען נישט ווו זייער געביין איז אַהינגע־קומען.

די מיליטאַנטן פון „אוניאָן", ווי געזאָגט, האָבן נאָך אַלץ געגלויבט, אַז עס וועט קומען אַ פּראָטעסט מצד זייערע אָנפירער פון רי דע פּאַראַדי. אָבער זיי האָבן, ווי תמיד, מאַנעווורירט, באַשלאָסן גאָר צו שיקן אַ דעלע־גאַציע קיין מאָסקווע, צווישן וועלכע: מ. ווילנער, חיים סלאָוועס. מען האָט געוואַרט אויף אַ גרויסער באַריכט־פאַרזאַמלונג פון דער דעלעגאַציע. אָבער קיין שום באַריכט־פאַרזאַמלונג איז נישט פאָרגעקומען. אין אַ שמועס מיטן חבר ווילנער, האָט ער אונדז געזאָגט בזה הלשון:

— פאָניע בלייבט פאָניע...

ווי זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל: אַ טויטער האָט אויך ליב דעם אמת... ווי דער חבר ווילנער וואָלט אונדז געוואָלט דערמיט זאָגן, אַז די סאָוויעטן האָבן אָנגענומען די צאַריסטיש־היטלערישע מעטאָדן לגבי יידן און לגבי דער יידישער קולטור.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט דר. ח. סלאָוועס זיך אָנגענומען מיט קו־ראַזש און פאַרעפנטלעכט אַ מאמר אין דער אַמעריקאַנער „יידישע קולטור". דאָס האָט פאַרשטענדלעך אַרויסגערופן שטורמישע וויכוחים צווישן די לינק־געשטימטע יידישע קרייזן איבער גאָר דער וועלט. מען האָט אויך געגלויבט, אַז פיל וועלן זיך אָפּרייסן פון די „אוניאָן"־קרייזן, פון דער אָנ־

פירנדיקער קליקע. אָבער די ברויזנדיקע כוואַליעס זענען אַוועק, און עס האָט זיך כמעט גאָרנישט געענדערט.

דאָס איז געשען אין יענע יאָרן, ווען מדינת ישראל איז ווידער באַ־דראָט געוואָרן פון אַלע זייטן. דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געהעצט, געשיקט געווער־טראַנספּאָרטן צו די אַראַבער, כדי צו פאַרטיליקן ישראל. עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה פון די 6 טעג. אין די דאָזיקע פאַרכטיקע טעג האָט די נשמה ביים וועלט־יידנטום אויפגעציטערט. פון דעם טאָג אָן האָבן פיל מיליטאַנטן פון „אוניאָן״ אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן זייערע פאַרעטערישע שבתי־צביניקעס אויף תמיד.

נאָך דעם זיג איבער אונדזערע שונאים, האָבן זיך באַוויזן נייע שטרע־מונגען ביי די געוועזענע לינקע. עס זענען געבוירן געוואָרן נייע פּראָגרעסי־ווע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אָפּצוגעבן אַלע זיי־ערע כוחות פאַר מדינת ישראל. מיר האָבן אויך געזען, אַז דער „פאַרבאַנד פון די יידישע סאָסיעטעס״ האָט אָנגענומען אַ נייע, פּאָזיטיווע שטעלונג לגבי ישראל. צו ערשט האָט מען זיי נישט געגלויבט. דאָס זענען דאָך גע־ווען די זעלבע, וואָס זענען יאָרן לאַנג געגאַנגען אין שפּאַן פון די זעלבע לייט פון דער רי דע פּאַראַדי. אַ סך יידן האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ טאַקטישער מאַנעוור פון „אוניאָן״, וואָס נאָר די אַרבעט זייערע און זייער אויפריכטיקע טעטיקייט פאַר ישראל, וועט באַווייזן, אַז זיי האָבן פאַקטיש פאַרלאָזן דער רק״חישן „אוניאָן״. מיר האָבן אָבער געגלויבט די ווערטער פון עקשנותדיקן קעמפער און טייערן ייד, דר. משה סנה.

וואָס שייך דער „נייע פּרעסע״, איז אַ פאַקט, אַז זיי האָבן פאַרלוירן אַ סך לייענער. וואָרום פיל פשוטע יידן האָבן זיך איבערצייגט, אַז די צייַ־טונג דינט נישט מער אונזער פאָלק, נאָר זיי דינען די עבודה זרה, דעם א. ג. קאָמוניזם. עס איז כדאי אומצוקערן זיך און זען — וואָס פאַראַ שטע־לונג האָבן זיי פאקטיש פאַרנומען מלחמה־צייט 1939־45, זייער שטעלונג אין דער יידישער ווידערשטאַנד פון לינקן פליגל און צו די אָנגעווייטיקטע יידישע דאגות? למען האמת, מוז געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן געהאַט קאָנ־טאַקטן מיט די יידישע מאַסן אומעטום.

איך קען עס זאָגן פון מיין קליינער פּראַקטיק. אַלס ווידערשטענדלער, אויפן פּראָפּעסיאָנעלן געביט, צווישן די יידישע לינקע קרייזן, איז מיר אויסגעקומען צו קומען אין באַרירונג מיט אַ סך יידישע משפחות. מיר איז

אויסגעקומען צו שמועסן מיט יידן וועגן אונזערע יידישע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען, פון שטאַנדפּונקט פון אַ **ייד**.

אָבער נאָך דער מלחמה, ווען מיר האָבן, מידע, צעבראָכענע, אָבער פול מיט בטחון, אָנגעהויבן צוריק אויפשטעלן די יידישע געזעלשאַפטן, דעמאָלט האָט דער „אוניאָן" אָנגענומען אַ היפּוכדיקע שטעלונג צו די פּרינציפּן לגבי די אמתע יידישע פאָלקס־אינטערעסן.

נאָך מער בולטער איז געקומען צום אויסדרוק זייער רק"חישע טענדענץ נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה. זיי האָבן געהאַנדלט לגבי דעם יידישן פאָלק, נישט ווי עס האָבן געטאָן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה לגבי זייער לאַנד. די פראַנצויזישע קאָמוניסטן האָבן ערלעך געקעמפט קעגן נאַצישן שונא. אָבער די יידישע קאָמוניסטן האָבן זיך אָפּגעקערט פון אונזערע יידישע אינטערעסן, געשטעלט זיך אָפן אויף דער זייט פון אונזערע שונאים.

דאָס מוזן מיר תמיד געדענקען.

## וועגן אָפּשטאַם פון יידישן ישוב אין פראַנקרייך

ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער באַרימטער „סנהדרין", לויט דער אָרדאָנאַנץ פון נאַפּאָלעאָנען, האָט עס דעמאָלט אַרויסגערופן אַ גרויסן ענטוזיאַזם צווישן יידן אין פראַנקרייך און אויך אין דער גאַנצער יידישער וועלט. זינט דעמאָלט זענען אַ סך וואַסערן אָפּגעפלאָסן אונטער די בריקן אין דער סען. די גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין לאַנד האָבן זיך אויך אויסגעווירקט אויפן יידישן ישוב.

ערב דעם אויפברוך פון 20־סטן יאָרהונדערט, איז אויך געקומען די אַנטיסעמיטישע כוואַליע — דער טומל אַרום דרייפוס־פּראָצעס. דער פּראָצעס האָט באַאומרואיקט די יידן נישט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר יידן אין דער גאָרער וועלט. עמיל זאָלאַס „זש'אַקיז" האָט אָפּגעהילכט ווי אַ פרייהייט־רוף פון די ערלעכע אינטעלעקטועלע און האָט געהאָלפן אָפּצושרייען דעם אַנטיסעמיטישן בלבול, צו באַפרייען דעם קאַפּיטאַן דרייפוס, נאָך אַ לאַנגער צייט שמאַכטן אויפן „טייוול־אינזל".

זינט דעמאָלט האָט דער יידישער ישוב אין פראַנקרייך זיך אַנטוויקלט. די אימיגראַציע איז דאָ געוואַקסן, דער עיקר נאָכן דורכפאַל

פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905־6. די רעאַקציע אין רוסלאַנד האָט פיל יידן געצווונגען צו נעמען דעם וואַנדער־שטאָק אין דער האַנט. ס'רוב יידן זענען אַוועק קיין אַמעריקע, אָבער אויפן וועג קיין אַמעריקע, האָבן זיך פיל יידן אָפּגעשטעלט אין פּאַריז און האָבן זיך דאָ באַזעצט אויף תמיד.

אַ דאַנק דעם צופלוס פון מזרח־אייראָפּעאישע יידן, איז דער ישוב דאָ אויסגעוואַקסן און זיך אַנטוויקלט. אָבער איידער וואָס־ווען, איז אייראָפּע ווידער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער שחיטה פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914. פראַנקרייך אַליין האָט געהאַט איבער צוויי מיליאָן טויטע אויף די שלאַכטפעלדער. דאָס אייראָפּעאישע יידנ־טום האָט אויך געהאַט אַ סך קרבנות. נאָך פיר יאָר בלוט־פאַרגיסונג, האָט די וועלט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

ווען די וועגן זענען געוואָרן פרייער, האָבן פיל יידן אין מזרח־אייראָפּע פאַרלאָזן זייערע אַלטע היימען, איבערילאָזנדיק דאָרט זייערע משפחות.אַזאַ איז געווען דער גורל פון יונגן יידישן דור אין פוילן. מאַסן יוגנטלעכע זענען געלאָפן איבער די גרענעצן און פיל פון זיי זענען אָנגעקומען קיין פראַנקרייך.

צווישן דער גרויסער צאָל יונגע מענטשן בין איך אויך געווען. פיל זענען געקומען אָהער אָן וויזעס, און זיי האָבן געהאַט נישט ווייניק אויסצושטיין פון די פּאָליציייאישע צרות. עס איז שווער געווען זיך איינצומעלדן, עס זענען אָבער דאָך געווען זייטיקע אופנים זיך צו לע־גאַליזירן און צו פאַרבלייבן אין לאַנד. נישט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן די שוועריקייטן און זענען צוריק אַהיימגעפאָרן קיין פוילן.

אַזוי איז דאָ אַנטשטאַנען אַ נייער ישוב. אַ נייע ערע איז געבוירן געוואָרן. ס'זענען אויפגעקומען געזעלשאַפטן, פּאַרטיי־גרופּן. אויך אין פּריוואַטן לעבן זענען יענע ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן געווען פרוכטיק. פּאָר פיל פון די יונגע עמיגראַנטן האָט זיך דאָס לעבן צעבליט אין קאָליר־פולע פאַרבן. עס איז געווען אַ וווקס פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, פאַר אַ גוטן יידישן המשך.

יידן האָבן אין פראַנקרייך געלעבט זייט לאַנגע דורות, פון 11־טן יאָרהונדערט אָן, און אפשר נאָך פריער. דאָ האָבן געבליט יידישע קול־טור־צענטערן, ישיבות. אויך אונזער גרויסער רש״י ז״ל איז געבוירן,

געלעבט און געשאַפן אין פראַנקרייך. זיי האָבן אָבער דורך אַלע דורות געהאַט אויסצושטיין צרות פון דער קירכע, דער עיקר מצד די יעזואיטן.

גאָר אַן אַנדערע לאַגע איז געווען פאַר די איינגעוואַנדערטע יידן אין די אָנהייב 20־קער יאָרן. אָבער זייער שנעל האָבן זיך אָנגערוקט נייע פינצטערע וואָלקנס אויפן הימל. אין דייטשלאַנד איז היטלער גע־קומען צו דער מאַכט, און אײדער וואָס־ווען, איז אונטערגעקומען דאָס יאָר 1938, מיט טרויעריקן מינכענער אָפּמאַך. זייט דעם טאָג האָט די וועלט זיך געפונען אין אַ סכנה פון אַ נייער וועלט־שחיטה.

מיט אַ יאָר שפּעטער, אָנהייב סעפּטעמבער 1939, איז היטלער באַ־פאַלן פוילן. פאַר דעם איז נאָך געווען דער אומגלויבלעכער סיורפּריז — דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך, צווישן קאָמוניסטישן רוסלאַנד און דייטשן נאַציזם. דער פּאָליטישער שווינדל האָט באַשיימפּערלעך באַוויזן זייערע פּאָליטישע צילן; צו פאַרכאַפּן און צעטיילן זיך מיט די פּוילישע טעריטאָריעס, אויסער אַנדערע באַפאַלענע לענדער.

דעמאָלט האָבן זיך פיל יידן געלאָזן לויפן אויף דער סאָוויעטישער זייט, זענען פאַרוואָגלט געוואָרן אין ווייטן רוסלאַנד. זיי האָבן טאַקע אויס־געמיטן די גאַז־אויוונס פון היטלערן, אָבער נישט ווייניק צרות האָבן זיי אויך דאָרט געליטן.

## דער רענעסאַנס פון מדינת ישראל

קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר האָבן די רשעים אַלץ געטאָן אונז אויס־צוראָטן. אָבער אָט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן די נבואה פון טעאָדאָר הערצל אין יאָר 1947. דעמאָלט האָבן די פאַראייניקטע פעלקער, מיט אַ מערהייט שטימען, באַשלאָסן צו שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע יידישע מלוכה אין ארץ ישראל. צו דער גלייכער צייט האָט דוד בן־גוריון ז״ל פּראָקלאַ־מירט מדינת ישראל, עד לעולם ועד. דערמיט איז פאַרזיכערט געוואָרן דער המשך, צו שמידן די גאָלדענע קייט אין אונזער אייגן לאַנד. ווייל דאָס פאָלק אונזערס האָט דאָך דורך אַלע צוויי טויזנט יאָר נישט אויפגעהערט צו בעטן אין די תפילות אונזער אומקער קיין ארץ ישראל.

אָבער אין זעלבן טאָג, ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די יידישע מדינה, אין 1948, האָבן די ענגלענדער, וועלכע האָבן געהאַט ביז דעמאָלט

דעם מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע, לויטן באַשלוס אין סאַן רעמאָ אין 1923, צו העלפן שאַפן אַ נאַציאָנאַלע יידישע היים, אָפּגעגעבן דאָס געווער זייערס דעם אַראַבישן לעגיאָן, וועלכער האָט זיך געוואָרפן אויף דער יונגער יידישער מדינה, ווי היישעריקן, גלייך עס איינצושלינגען. די 600.000 יידן האָבן זיך פאַרטיידיקט ווי לייבן. עס איז געשען אַ נס, ביים אָפּשלאָגן דעם אַראַבישן לעגיאָן און אַלע אַנדערע שונאים. דאָס איז געווען די הגנה!

פון דעמאָלט אָן האָט ישראל זיך באַפעסטיקט, באַשאַפן מעגלעכקייטן פאַר עליה פון יידן פון אַלע גלות־לענדער. יידן אין דער וועלט האָבן געהאָלפן ישראל מיט אַלע מעגלעכקייטן. אויך יידן אין פראַנקרייך זענען אויפגעשטאַנען ווי אַ וואַנט צו פאַרטיידיקן מדינת ישראל.

אונזער פראַנצויזישער ישוב האָט זיך פאַראייניקט, פאַר די זעלבע צילן. עס זענען אויך צוגעקומען עטלעכע הונדערט טויזנט יידן פון צפון־אַפריקע. ביי היינטיקן טאָג ציילט דער ישוב אַן ערך זעקס הונדערט טויזנט נפשות. כן ירבו.

סיי געזעלשאַפטלעך, סיי עקאָנאָמיש, שטייען יידן נישט שלעכט. אָבער דער הויפּט־פּראָבלעם איז — אונזער יוגנט! אַ שטאַרק אָנגעווייטיקט פּראָבלעם, אָבער נישט האָפענונגסלאָז. עס זענען פאַראַן גרויסע דאגות וועגן די געמישטע חתונות, וואָס באַדראָען אונזער המשך. מען דאַרף זיך אָנשטרענגען צו שאַפן נייע מעטאָדן פאַרן חינוך. עס זענען פאַראַן אַ סך גוטע עסקנים, סיי אין די קהילות, סיי אין פאַראייניקטן יידישן סאָציאַלן פאָנד, זיי פאַרנעמען זיך מיט די ענינים פון חינוך און מיר האָפן אויף גוטע רעזולטאַטן. וואָס שייך יהדות, קענען מיר זאָגן מיטן פולן אָפּטימיזם, אַז מיטן אָנקומען פון די ספרדישע יידן, האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט צום בעסערן. אַזוי קען מען געפינען נישט נאָר די אַמאָליקע פאַרמאַכטע שולן, נאָר סינאַגאָגעס פון דער פּראָווינס האָבן זיך צוריק געעפנט, אויך אַ סך נייע שולן און סינאַגאָגעס זענען צוגעקומען אין אַ סך שטעט און שטעטלעך אַרום פּאַריז, ווי אין דער פּראָווינץ.

דאָס איז אַ גרויסע דערגרייכונג. עס דאַרף אויך געזאָגט ווערן, אַז די ליובאַוויטשער חסידים האָבן אַ גרויסן חלק אין דער אויפלעבונג פון אונזער יהדות. אַזוי ווי מיר האָבן באַרירט די פראַגע וועגן חינוך, זאָל אויך עפּעס געזאָגט ווערן וועגן אונזערע אשכנזים, דער עיקר יידן, געקומענע פון פוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט זענען מיר

באַגאַנגען אַ גרויסע עוולה לגבי אונזערע קינדער, במילא — קעגן זיך גופא, דערמיט, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזן אונזערע קינדער בלויז אויף די פראַנצויזישע פאָלקס־שולן, צו לערנען וועלטלעכע בילדונג, נישט צו טראַכטן וועגן אַ רייך־יידישער דערציאונג, ווי אונזערע אבות. עס ווענדט זיך אין די מעגלעכקייטן פון יעדן יחיד באַזונדער. מיר האָבן פאַרזען צו געבן די קינדער אַ דערציונג פון יהדות.

דאָס האָט ביסלעכווייז אָפּגעפרעמדט אונזער יוגנט פון אונזער פאָלק. אמת, מיר האָבן געמאַכט שיינע בר־מצוות פאַר די זין, אין בית הכנסת, צווישן פיינע יידן; ווער שמועסט נאָך, חתונות — מיט גרויס גדלות, אין די שענסטע זאַלן. לעצטנס האָבן אפילו אשכנזים גענומען אַריינדרינגען אין דער עלטסטער שול, אין דער ראָטשילד־סינאַגאָגע. געפראַוועט חתונות אין די הערלעכסטע זאַלן, נאָך דער חופה־וקדושין, משמח צו זיין די יונגע פּאָר־פעלקער, פאַר אַ גליקלעכן המשך, צו ברענגען נייע דורות פאַר אונזער יידיש פאָלק.

אָבער היינט צו טאָג האָבן מיר ב״ה אונזער אייגן יידיש לאַנד, וואָס מיר היטן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, עד לעולם ועד. מיר שיקן אונזערע קינדער אויף וואַקאַציע קיין ישראל. פיל יידן באַשליסן צו פאַרלאָזן דעם גלות, עולה זיין קיין ישראל. דאָס איז אוודאי צום באַגריסן. דאָס פאַרמערט אונזער אָנהאַלט אין אונזער לאַנד, צו שטאַרקן עס זייט דער באַפרייאונג־מלחמה אין 1948. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז מדינת ישראל ראַנגלט זיך מיט אירע שונאים. זייט דער יום־כיפור־מלחמה האָט ישראל אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן אָנשטרענג, אָפּצושטויסן די שונאים. די צה״ל כוחות קעמפן, כאָטש זיי גיבן אַוועק טייערע קרבנות.

אויפן מיליטערישן געביט האָט די ישראל־אַרמיי מנצח געווען. דאָס האָבן באַשטעטיקט די בעסטע מיליטערישע עקספערטן. דעריבער מוזן מיר טאָן אַלץ, וואָס אין אונזערע מעגלעכקייטן, נאָכמער צו פאַרזיכערן דעם אייביקן קיום פון אונזער לאַנד, מדינת ישראל. חי וקים.

## פאַרוואָס די יעווסעקציע האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין פראַנקרייך, און פאַרוואָס זי האָט דעם איינפלוס פאַרלוירן ?

יידן פרעגן זיך טיילמאָל : פאַרוואָס איז דער יידישער ישוב דאָ לאַנגע יאָרן געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דער יעווסעקציע ? ווען מיר עס פרווון צו פאַרענטפערן :

לאָמיר אַ בליק טון ווי אַזוי האָט אויסגעזען אונזער יידישער ישוב מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק ? באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן. תיכף האָט אָנגעהויבן צו ברויזן און פּולסירן אַ יידיש לעבן. דאָס איז מערסטנס געווען אַ יוגנט, פול מיט התלהבות און אידעאַליזם, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים. עס זענען אויפגעשטאַנען באַוועגונגען, פּאַרטייען פון כלערליי שאַטירונגען, און אַלע האָבן זיי געטראָגן מיט זיך האָפענונגען פאַר אַ בעסערן, ליכטיקן מאָרגן.

עס זענען דעמאָלט געווען אַפטע עקאָנאָמישע קריזיסן, וועלכע האָבן שטאַרק געטראָפן די יונגע אימיגראַציע, דאָך האָבן יידן מיט זייער עקשנות און אויסדויער זיך ביסלעכווייז איינגעפלאַנצט אין לאַנד. געווען יידן, וואָס האָבן אפילו בעת די קריזיסן געמאַכט גוטע געשעפטן. עס זענען פאַרזייט געוואָרן געזונטע זוימען — קודם כל אַ קולטור־געזעלשאַפט. עס האָבן נישט געפעלט קיין ענערגישע עסקנים, אויך פּראָפעסיאָנעלע טוער, בעל־מלאכהשע פאַראיינען (אַרטיזאַנען), פּאָליטישע גרופּירונגען. דאָס פאַמיליע־לעבן האָט זיך דאָ איינגענעסטיקט, עס זענען געקומען נייע דורות.

אָבער זיי האָבן, צום באַדויערן, די קינדער קיין שום יהדות נישט געלערנט, נאָר די פראַנצויזישע שולן האָבן געהאַט די השפעה איבער זיי.

די גייסטיקע ירושה פון דער אַלטער היים איז די נייע דורות נישט איבער־געגעבן געוואָרן. עס האָט זיך, אמת, דערוועקט די נאָסטאַלגיע צו זען נאָך אַמאָל די משפחה אין פוילן, לעבנדיק שוין דאָ עטלעכע און צוואַנציק יאָר. די בענקשאַפט האָט זיי צוריקגערופן אַהין, וווּ זייער וויג איז אַמאָל געשטאַנען און — וואָס האָבן זיי דאָרט געזען?ווילדע פּוילישע כוליגאַנעס האָבן געשלעפּט יידישע יינגלעך פאַר זייערע געקרייזלטע פּיאהלעך, און אַז עמיצער האָט באַמערקט אַ זשעסט אַנצונעמען זיך פאַר די יידישע קינ־דערלעך, האָט מען אים אָפּגעריסן, געבעטן זיך ביי אים: די כוליגאַנעס זוכן נאָר אַזעלכע, וואָס שטעלן זיך קעגן, כדי צו וואַרפן זיך אויף אים.

נאָך דער נסיעה אין אונזערע אַלטע היימען, האָט זיך געשטאַרקט אין זיי דער ווילן וואָס מער איינצוואָרצלען זיך אין דעם נייעם לאַנד, אין פראַנקרייך, ווו מען האָט אונז געלאָזן לעבן במנוחה. עס האָט זיך אויך אָנגערוקט די סאָציאַלע איבערקערעניש אין לאַנד, דער פאָלקס־פראָנט, און דאָס האָט דערמעגלעכט פיל יידן בעסער איינצואָרדענען זיך. עס איז געווען די פאָלקס־פראָנט־רעגירונג, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַ־נען דער סאָציאַליסט, דער ייד, לעאָן בלום. אָבער לאַנג האָט זיין רעגירונג נישט אָנגעהאַלטן. זי איז געשטירצט געוואָרן דורך די רעכטע קרייזן, אונ־טערן איינפלוס פון אויפגייענדיקן פאַשיזם אין היטלער־דייטשלאַנד.

פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבן אים כסדר נאָכגעגעבן, דעם היט־לער־מערדער, האָבן אונטערגעשריבן דעם טרויעריק־באַרימטן מינכענער אָפּמאַך וועגן טשעכאָסלאָוואַקיע, און געגלויבט דערמיט אָפּצוראַטעווען דעם שלום אין איראָפּע. דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1938.

אָבער לאַנג האָט עס ליידער נישט אָנגעהאַלטן. סך הכל איין יאָר שפּע־טער איז אויסגעבראָכן די מלחמה. עס איז געווען נאָכן שענדלעכן מאָלאָ־טאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך. די מלחמה פון 1939 ביז 1945 האָט געהאַט טרוי־עריקע קאָנסעקווענצן אויך פאַר אונזער יידישן ישוב. תיכף האָבן זיך גע־שאַפן פאַרשידענע הילף־קאָמיטעטן, הילף־אַנשטאַלטן, צו ברענגען אונ־טערשטיצונג די ברייטע יידישע מאַסן, וואָס זענען געבליבן אָן אַרבעט און אָן פּרנסה. איניציאַטיוון זענען געווען פון כלערליי מינים, פון אַלע פּאַר־טייען און באַוועגונגען. יידן האָבן זיך פרייוויליק אַנגאַזשירט און זענען אַוועק אין קאַמף קעגן פאַשיזם. די מערסטע זענען געשיקט געוואָרן אין

פרעמדן־לעגיאָן, אויך אין דער ניי־געשאַפענער פּוילישער אַרמיי אין פראַנקרייך.

פיל פרויען און קינדער זענען געבליבן עלנט, אָן שפּייזער, ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך; כאָטש די מוניציפּאַליטעטן האָבן אַוועקגעשיקט פרויען און קינדער אין דער ווייטער פּראָווינץ, מורא האָבנדיק, אַז פּאַריז וועט אויס־געשטעלט זיין אין די ערשטע מלחמה־טעג אויף באָמבאַרדירונגען. דאָרט זענען זיי פאַרזאָרגט געוואָרן מיט וווינונגען און באַשפּייזונג.

די יידישע היימען זענען געבליבן כמעט אויף הפקר. אַזאַ לאַגע איז געווען, ביז יוני 1940, ווען די פראַנטן האָבן זיך איינגעבראָכן און די פאַ־שיסטישע חיילות זענען אַריינגעדרונגען און אַריינמאַרשירט ווי זיגער אין פּאַריז. דאָס איז געווען אין יוני 1940.

די רענאָ־רעגירונג האָט שוין געהאַט דעמיסיאָנירט און די מאַכט האָט איבערגענומען דער מאַרשאַל פּעטען. דאָס איז, אייגנטלעך, געווען אַ רעגי־רונג פון פאַראַט. תיכף האָט מאַרשאַל פּעטען געבעטן אַ פייער־איבעררייס. די גאַנצע צוויי־מיליאָניקע פראַנצויזישע אַרמיי איז געווען אַרומגערינגלט, אָפּגעשניטן פון זייערע באַזעס און איבער די וועגן פון פראַנקרייך האָבן זיך געשלעפּט די טרויעריקע קאָלאָנעס פון פראַנצויזישע געפאַנגענע, אויפן וועג קיין דייטשלאַנד.

צווישן די פראַנצויזישע קריגס־געפאַנגענע האָבן זיך געפונען פיל יונגע יידישע אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע, און דאָס האָט ווידער אָפּ־געשוואַכט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פּאַריז, דער עיקר — דעם איינפלוס פון די נאַציאָנאַלע יידישע קרייזן.

דעם הויפּט־איינפלוס האָבן געהאַט די יידישע קאָמוניסטן.

***

נאָך דעם 2000־יאָריקן אויסדויער און קאַמף פון יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ, נאָכן לאַנגן פינצטערן גלות, שטעלט זיך אַ האַרבע קשיא: צי האָבן אַלע יידן אין פראַנקרייך פאַרשטאַנען ווי געהעריק אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון קאַמף? נאָך דער מלחמה, ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין אונזערע היימען (ליידער, נישט אַלע), זענען מיר געווען קריעה ובליאה... מיר זענען געווען אויסגעשעפּט סיי פיזיש,

סיי גייסטיק. די שארית הפליטה האָט זיך אומגעקערט, אָבער זייערע היימען זענען ס'רוב געווען באַזעצט פון פרעמדע, די לאָקאַטאָרן „דע באָן פואַ", ווי זיי האָבן זיך דעמאָלט גערופן. ווער פון אונז געדענקט נישט די טרויעריקע סצענעס, ווען פרויען מיט קליינע קינדער האָבן זיך געוואַל־גערט אין די קאָרידאָרן, ווו זיי האָבן אַמאָל געוווינט, וואַרטנדיק מען זאָל צוריק עפענען אַ טיר, זיי אַריינצולאָזן אין זייערע היימען.

עס פרעגט זיך דעריבער: צי האָבן אַלע יידן פאַרשטאַנען, פאַר־וואָס מיר האָבן געמוזט נעמען דעם אייגענעם גורל אין אונזערע הענט. מיר זענען געווען ווי בלאָנדזשענדיקע נשמות, ווי אונזער גרויסער י. ל. פרץ האָט עס געזאָגט.

עס זענען אָבער פאַראַן טייל יידן, וואָס לאָזן זיך פאַרטושן די מוחות פון די פאַלשע שבתי צבי'ניקעס. זיי דרשענען נאָך תמיד וועגן כלומרשטער דערלייזונג, ברידערלעכקייט, יושר, ווי דאָס ווערט געוואָרפן מיט פוסטע פראַזן אין די קאָמוניסטישע לענדער. אָט האָבן מיר געזען דעם פלאַמיקן אויפברויז, אין אָנבליק פון די סאָוויעטישע יידן, וועלכע פאָדערן זייערע רעכט עולה צו זיין קיין ישראל, כדי זיך צו פאַראייניקן מיט זייערע משפחות. די סאָוויעטישע מאַכט טאָר נישט אָפזאָגן דאָס עולה זיין פון יידן, וועלכע פאַרלאַנגען עס. עס איז בפירוש פאָרמולירט אין זייער קאָנסטיטוציע, ווו עס רעדט זיך וועגן מענטשן־רעכט... עס גע־פינט זיך דאָך אין די פּעסער פון סאָוויעטישע יידן אָנגעשריבן שוואַרץ אויף ווייס, אַז זיי זענען פון יידישער נאַציאָנאַליטעט.

וואָס פאַראַ אומברחמנותדיקע אכזריות עס ווערט אָפּגעטאָן דעם סאָוויעטישן יידנטום. די מעטאָדן זייערע דערמאָנען אונז אין די סטאַ־ליניסטישע צייטן, אין די בלבולים פון די „מערדער אין ווייסע כאַלאַטן". יעדער פון אונז געדענקט נאָך די שטעלונג פון די יעווסעקעס אין פאַריז. אָבער דעמאָלט האָט מען נאָך געגלויבט, אַז עפּעס האָט זיך פאָרט אַ ריר געטאָן אין געוויסן זייערן. די יעווסעקעס גופא האָבן געוואָרנט אויף אַן ענערגישן פּראָטעסט מצד די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן, קעגן סטאַליניס־טישע מעטאָדן, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד האָט אָנגעוואָנדן אויף אַזאַ ברוּ־טאַלן אופן. אַזוי אויך איז די יידישע וועלט געוווּיר געוואָרן וועגן אָפּ־שטעלן די יידישע פרעסע, וועגן פאַרמאַכן דאָס יידישע קונסט־טעאַטער

פון מאָסקווע, די שולן, און צולעצט — דאָס אומברענגען אַ דור און אַן עליטע יידישע שרייבער, קינסטלער, בכלל יידישע אינטעלעקטואַלן, און עד היום ווייסט מען נישט ווו זייער געביין אפילו איז אַהינגעקומען.

די אָנהענגער פון „אוניאָן" האָבן געגלויבט אין אַ פּראָטעסט פון זייערע אָנפירער אויף רי דע פּאַראַדי. אָבער זיי האָבן נאָך אַלץ מאַנע־ווירט און — באַשלאָסן צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין מאָסקווע. צווישן די געשיקטע זענען געווען: מ. ווילנער, דר. ח. סלאָוועס, יודין. מען האָט געוואַרט אויף אַ גרויסער באַריכט־פאַרזאַמלונג פון דער דעלעגאַציע. אָבער קיין שום באַריכט־פאַרזאַמלונג איז נישט פאָרגעקומען.

אין אַ שמועס מיטן חבר ווילנער וועגן דער דעלעגאַציע, האָט ער אונז געזאָגט בזה הלשון: פּאָניע בלייבט פּאָניע! דאָס האָט ער מיט זיינע ווערטער געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז די סאָוויעטן האָבן אָנגענומען צאַ־ריסטישע־היטלעריסטישע מעטאָדן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. מיט אַ צייט שפּעטער האָט דר. ח. סלאָוועס זיך אָנגענומען מיט אַ סך קוראַזש און פאַרעפנטלעכט אַ מאמר אין זשורנאַל „יידישע קולטור" אין אַמעריקע, אין שייכות מיט די אָפּגעטוענע מעשים אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָס האָט, פאַרשטענדלעך, אַרויסגערופן שטורמישע וויכוחים צווישן די לינק־געשטימטע יידישע קרייזן איבער דער גאָרער וועלט. אויך דאָ האָט מען געגלויבט, אַז דאָס וועט לכל הפּחות אַרויסרופן אַ דעסאָלידאַריזירונג פון די אוניאָן־מיליטאַנטן מיט דער אָנפירנדיקער קליקע. צום באַדויערן, זענען די ברויזן אַוועק מיט גאָרנישט, און די מחנה מיליטאַנטן האָט ווייטער געשפּאַנט אין דער אַלטער רוטינע זייערער, אָן קיין שום ענדערונגען.

הקיצור, ס'איז אָפּגעפלאָסן אַ שפּאָרע צייט, ביזן טאָג, ווען פון אַלע זייטן פון מדינת ישראל האָבן די אַראַבער געשאַרפט זייערע ציינער, באַ־קומען אָן אַ צאָל געווער־ליפערונגען פון ראַטנפאַרבאַנד, כדי אָנצוגרייפן און פאַרטיליקן ישראל. אין די דאָזיקע 6 טעג האָט די נשמה ביים וועלט־יידנטום אופגעציטערט. פון דעם טאָג אָן האָבן אַ סך מיליטאַנטן פון „אוניאָן" אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן זייערע פאַרעטערישע שבתי־צביניקעס. מיטן זיג פון מדינת ישראל איבער די יידישע שונאים, האָבן זיך באַוויזן נייע שטרעמונגען ביי די געוועזענע לינקע. עס זענען געבוירן געוואָרן נייע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל

אַלץ צו טאָן פאַר מדינת ישראל. מיר האָבן אויך געזען ווי דער פאַרבאַנד פון די יידישע סאָסיעטעס האָט אָנגענומען אַ נייע שטעלונג לגבי ישראל. אָבער אַ סך יידן האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן, אַז דאָס איז נאָר בלויז אַ טאַקטישער מאַנעוור פון „אוניאָן", וואָס נאָר די נאָענטע צוקונפט וועט באַווייזן זייער אמתן פּרצוף, צי זיי האָבן פאַקטיש פאַרלאָזן דעם רק"חישן „אוניאָן". לאָמיר האָפן אויף פּאָזיטיווע מעשים פון פאַרבאַנד לטובת מדינת ישראל, ווי ס'האָט אָנגעוויזן דער עקשנותדיקער קעמפער און טייערער ייד משה סנה ז"ל.

וואָס שייך דעם רק"ח־בלעטל „די נייע פּרעסע", האָבן זיי פאַרלוירן אַ סך לייענער, ווארום יעדער איינער האָט זיך שוין איבערצייגט, אַז אַזאַ יידישע צייטונג קאָן נישט דינען אונזער פאָלק, ווייל זיי דינען די עבודה זרה פון א. ג. קאָמוניזם.

ס'איז כדאי אַ קוק צו טאָן אויף צוריק: בעת דער לעצטער מלחמה — וואָס פאַראַ שטעלונג האָט געהאַט דער יידישער ווידערשטאַנד פון לינקן פליגל צו די אָנגעוויטיקטע יידישע דאגות? דאָ מוזן מיר פעסט־שטעלן, למען האמת, אַז זיי האָבן געהאַט ענגע פאַרבינדונגען מיט די יידי־שע מאַסן אומעטום. איך אַליין בין געווען אין דער ווידערשטאַנד, און בין געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּראָפּעסיאָנעלן געביט, טאַקע צווישן די יידישע לינקע קרייזן. כ'בין געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַ סך יידישע משפחות, וועלכע זענען געווען נע ונד. איך האָב גערעדט צו זיי יידישע רייד, געברענגט ביישפּילן פון אונזער תנ"ך, אין דעם אמתן נאַציאָנאַלן זין פון אונזער עקזיסטענץ און פון אונזער קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

נאָך דער מלחמה, ווען מיר האָבן, מידע און צעבראָכענע, פול מיט בטחון, אָנגעהויבן צוריק אויפצושטעלן די יידישע געזעלשאַפטן, דעמאָלט האָט דער „אוניאָן" געפריידיקט היפּוכדיקע פּרינציפּן לגבי די יידישע פאָלקס־אינטערעסן. זייער בולט איז אַרויסגעקומען די רק"חישע טענדענץ נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה. אַזוי ווי עס זאָגט זיך: אַ משומד אויף צו להעכיס. אַזוי האָבן זיי געהאַנדלט.

נישט אַזוי האָבן דאָס געטאָן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה לגבי זייער לאַנד. זיי האָבן געפירט אַ העלדישן, אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן שונא, צו פאַרטיידיקן זייער לאַנד. אַזוי האָט

לכל הפחות באַדאַרפט זיין די שטעלונג פון די לייט פון רי דע פאַראַדי לגבי ישראל, וועלכע שטייט אין אַ האַרטנעקיקן קאַמף פאַר איר עקזיס־טענץ, פאַר זיכערע גרענעצן, פאַר שלום. פאַר דער מלחמה פון 6 טעג איז דאָס לאַנד געווען כמעט ווי הפקר פאַר די אַראַבישע אָנפאַלער.

דאָס מוזן מיר, יידן, תמיד געדענקען. אַזוי ווי אַ פרומער ייד לייגט תפילין יעדן טאָג; ווי עס האָט ריכטיק אָנגעוויזן דוד בן גוריון ז״ל וועגן תפילין־לייגן. קיינער קען נישט לייגן קיין תפילין פאַרן צווייטן. יעדער איינער מוז האָבן זיינע התחייבותן פאַר מדינת ישראל.

# פון מיין טאג־בוך

## קעגן דער „איירּאָפּעאישער געמיינשאַפט", וואָס דאַרף פאַרווירקלעכן די געבעלס - טרוימען!

23־טער מערץ 1954

פאַר יעדן קלאָרזעעוודיקן מענטש, וואָס האָט געלערנט פון דער טראַגישער פאַרגאַנגענהייט, איז טרויעריק־קלאָר, אַז די אידייע פון דער „איירּאָפּעאישער געמיינשאַפט", לויטן מוסטער פון די באָנער און פּאַריזער אָפּמאַכן, שטאַמט פון געבעלס פּראָפּאַגאַנדע־קוועלן. צי קען נאָך אַ געליטענער פון דער נאַצישער באַרבאַריי צווייפלען, אַז אָט די אָפּ־מאַכן צילן צוריקגעבן די היטלערישע הענקער די וואָפן פון מאַסן־אויס־ראָטונג, כדי זיי זאָלן קענען פאָרזעצן זייער מאָרד?

וואָס באַדייט אַ נייע דייטשע ווערמאַכט פאַר אונז יידן, בפרט אין פראַנקרייך, אונזער אַדאָפּטירט היימלאַנד, דאָס לאַנד פון וויקטאָר הוגאָ, עמיל זאָלאַ, אַנאַטאָל פראַנס, זשאַן זשאָרעס? קינדער פון עלעמענטאַרע שולן וויסן צו דערציילן, אַז פראַנקרייך איז במשך פון די לעצטע 75 יאָר דריי מאָל איבערגעפאַלן געוואָרן דורכן דייטשן מיליטאַריזם.

די באַרבאַרישע נאַצי־אָקופּאַציע לעבט אין אַלעמענס זכרון. צי איז מעגלעך, אַז מיר זאָלן פאַרגעסן דאָס, וואָס די היטלערישע ווערמאַכט האָט אָפּגעטאָן ערשט מיט אַזוי ווייניק יאָרן צוריק? אָט די דאָזיקע ווערמאַכט, די ס.ס.־מערדער, געסטאַפּאָ־פּייניקער, די קריגס־פאַרברעכער, מאַסן־אויסראָטער, וויל מען צוריקגעבן וואָפן, אונטערן לעכערלעכן פּרעטעקסט,

אַז זיי, די באַנדיטן, די רויבער און אונטערוועלט־מענטשן, דאַרפן „פאַר־טיידיקן" די ציוויליזאַציע און די זיכערקייט פון אייראָפּע!...

עס איז אַ ביטערער חוזק! אַ ציניש פאַרלעצונג פונעם אָנדענק פון די קדושים, פון די קרבנות פון אָט די מערדער.

מיר איז לעצטנס אויסגעקומען צו לייענען אַן ענגלישע צייטונג. איך האָב דאָרט געזען אויף דער ערשטער זייט אַ קאַריקאַטור, וואָס ווייזט אַדענאַוערן און אַ ניי־געבוירן דייטש קינד — די אייראָפּעאישע אַרמיי — אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישן מונדיר און מיט אַ ר'עוואָלווער אין האַנט. די דאָזיקע קאַריקאַטור איז זייער אַ טרעפלעכע. אַזוי וועט טאַקע אויסזען די „אייראָפּעאישע געמיינשאַפט", וועמענס געשפּענסט וועט הענגען ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד איבער אייראָפּע.

מיר האָט זיך דערביי דערמאָנט די וואָרענונג פונעם גרויסן דייטש־יידישן דיכטער, היינריך היינע, בעת זיין אויפהאַלט אין פראַנקרייך: אַ וואָרענונג צו פראַנקרייך, זיך צו היטן פון דייטשן מיליטאַריזם. די דאָזי־קע וואָרענונג איז נאָך גילטיק ביז היינט צו טאָג.

אַלע דאַרפן פאַרשטיין, אַז דער קאַמף קעגן די באָנער און פּאַריזער אָפּמאַכן, קעגן צוריקגעבן געווער די היטלער־תלינים, איז די הייליקסטע פליכט, וואָס קען זיין.

דעריבער קומט אַ יישר־כוח דעם יידישן איניציאַטיוו־קאָמיטעט פון 3־טן און 4־טן אַראָנדיסמאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט די נאָבעלע אויפ־גאַבע צו מאָביליזירן די יידן פון די דאָזיקע צוויי אַדאָנדיסמאַנען אין גע־אייניקטן קאַמף קעגן דער ווידעראויפלעבונג פון דייטשלאַנד.

עס דאַרפן וואָרעם באַגריסט ווערן זיינע צאָלרייכע איניציאַטיוון אין דאָזיקן קאַמף און דער לעצטער באַשלוס, זיך צו באַטייליקן אינעם גרויסן פאָלקס־מיטינג, וואָס ווערט איינגעאָרדנט דאָנערשטיק, דעם 25־טן מערץ, אין „פּאַלע דע פעט", אויף 199 רי סען מאַרטען, דורכן פאַרבינדונגס־קאָ־מיטעט פון די אָרגאַניזאַציעס פון די געוועזענע קאָמבאַטאַנטן און קריגס־קרבנות פון 3־טן אַראָנדיסמאַן.

מיר רופן די יידן פון די 2 אַראָנדיסמאַנען צו קומען אויפן דאָזיקן פאָלקס־מיטינג. פון אונזער מאַסן־אָנוועזנהייט איז אָפּהענגיק, אַז דער מי־טינג זאָל האָבן דעם נייטיקן אָפּקלאַנג און מעכטיק ביישטראָגן צום קאַמף קעגן צוריקבאַוואָפענען דייטשלאַנד.

דעם 8־טן אַפּריל, 1954

# לאָמיר זיך פאַראייניקן אַרום יידישן אַקציע קאָמיטעט

(צו דער אינפאָרמאַציע־קאָנפערענץ פון „סאָסיעטע סאַוואַנט")

די אינפאָרמאַציע־פאַרזאַמלונג, וואָס עס רופט דער יידישער אַקציע־קאָמיטעט קעגן דער ווידערבאַוואָפענונג פון דייטשלאַנד, דאַרף אַרויסרופן דעם גרעסטן אינטערעס צווישן די יידישע מאַסן אין פאַריז, ווייל וועלכער ייד קען היינט צו טאָג בלייבן גלייכגילטיק צו די זייער וויכטיקע פּראָבלע־מען פונעם יידישן אַקציע־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפ־גאַבע צו שאַפן די איינהייט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין קאַמף קעגן דער ראַטיפיקאַציע פון די אָפּמאַכן פון באָן און פאַריז.

דער קאַמף קעגן דער „אייראָפּעאישער אַרמיי" איז דער קאַמף פון פון גאַנצן פראַנצויזישן פאָלק. פאַר אונז, יידן, איז עס אָבער נאָך אפשר דרינגענדיקער, ווי פאַר אַנדערע, נאָכן שרעקלעכן חורבן פון די יידן אין אייראָפּע. עס איז אונזער אַלעמענס חוב צו נעמען שטעלונג צו דער „אייראָ־פּעאישער אַרמיי", וואָס איז אַ קוים־פאַרדעקטע פאָרם פון אַ נייער ווער־מאַכט, אָנגעפירט דורך היטלערישע גענעראַלן, און וועלכע וועט פירן צו אַ רעוואַנש־מלחמה.

צי שטעלט איר זיך פאָר די סכנה פאַר אונז, יידן, פון אָט אַזאַ נאַ־צישער אַרמיי, וואָס וועט נאָך האָבן צו איר דיספּאָזיציע אַטאָמישע וואָפן און אפשר אויך די הידראָגען־באָמבע ? !

די אַדוואָקאַטן פון דער „ס. ע. ד." (אייראָפּעאישע פאַרטיידיקונג־גע־מיינשאַפט) ווילן אונז איינרעדן, אַז די נאַצישע גענעראַלן זענען גאָר רודף־שלומניקעס. לאָמיר זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דער היפּאָקריטישער פּראָ־פּאַגאַנדע, לאָמיר העלפן נישט צו דערלאָזן צו באַנייען דעם פאַלשן וועג, וואָס האָט געפירט צו די היטלעריסטישע באַוואָפענונגען. מיר קענען, ליי־דער, צו גוט דעם פּרייז, מיר האָבן טייער באַצאָלט, אַז מיר זאָלן רואיק זיך צוקוקן ווי די פּרייסישע בלוטיקע שטיוול גרייטן זיך אויפסניי צו טרעטן אויף די פאַריזער גאַסן.

מיר דאַרפן אַלץ טאָן, כדי צו שאַפן דעם איינהייטלעכן פראָנט, ווי

לאַנג עס איז נישט צו שפּעט. עס טאָר זיך נישט איבערחזרן די צעשפּליטערקייט פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די היינטיקע אינפאָרמאַציע־קאָנפערענץ, וואָס דער אַקציע־קאָמיטעט רופט איין „סאָסיעטע סאַוואַנט״, צילט טאַקע צו שאַפן די פולע איינהייט פון אַלע יידן קעגן דער ראַטיפיקאַציע פון די אָפּמאַכן פון באָן און פּאַריז. איך רוף אַלע יידן, וואָס האָבן נישט פאַרגעסן, וואָס דער היטלעריזם האָט געטאָן מיט אונזערע נאָענטסטע, בייצוווינען די דאָזיקע וויכטיקע קאָנפערענץ.

דעם 10־מאַי, 1954

## די יידישע אַקציע-קאָמיטעטן גייען צו דער קאָנפערענץ געאייניקט דעם 19-טן מאַי

די טוער פון די יידישע אַקציע־קאָמיטעטן, מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען, האָבן אַלס ציל צו מאָביליזירן אין די באַזונדערע אַראָנדיסמאַנען די יידישע באַפעלקערונג קעגן דער ראַטיפיקאַציע פון די באָנער און פּאַריזער אָפּמאַכן. דאָס ראַטיפיצירן די דאָזיקע אָפּמאַכן וועט אומגעהויער פאַרשטאַרקן די געפאַר פון אַ רעוואַנש־מלחמה מצד דער דייטשער מיליטער־קליקע און די קרעמאַטאָריע־צינדערס.

די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַרשטייען עס זייער גוט, ווייל דער פּרייז פון זייער דערפאַרונג איז געווען אַ צו גרויסער און זיי קענען דעריבער נישט בלייבן גלייכגילטיק ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ גרויסער פּאָליטישער געשעעניש, ווי די ראַטיפיקאַציע דורך דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג פון באָנער און פּאַריזער אָפּמאַכן.

עס מוז אַלץ געטאָן ווערן, כדי נישט צוצולאָזן צום צוריקגעבן דאָס געווער די מערדער פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן, די תלינים פון פראַנקרייך און פון כמעט גאַנץ אייראָפּע. לאָמר זיך דערמאָנען: די זעלבע הערן האָבן שוין געפּרעדיקט וועגן שאַפן אַ „פריי אייראָפּע״ אויף אַן ערך טויזנט יאָר, אין וועלכער זיי זאָלן זיין די „הערן־ראַסע״ און די אַנדערע — די שקלאַפן, די אונטערטעניקע.

אָ, ניין! דאָס טאָר נישט געשען! צו אַזאַ פאַרברעכן טאָר מען נישט דערלאָזן! מיר ווייסן, אַז פיל דעפּוטאַטן האָבן אויסצושטיין זייער שווערע נסיונות מצד די אַדוואָקאַטן פון די געלט־זעק. אָבער די נשמה פון אַ פאָלק קען מען נישט אָפּקויפן פאַר קיין געלט, דאָס איז נישט צו באַצאָלן.

און ווי קען דען זיין אַנדערש? נאָך קיין צען יאָר זענען נישט אָפּגעפלאָסן זייט דער צווייטער וועלט־מלחמה, די ווונדן זענען נאָך נישט פאַרהיילט, און שוין וויל מען פון אונז ווידער אַוועקרייסן אונזערע קינדער אויף קאַנאָנען־פליייש. מיר דאַרפן זאָגן די דעפּוטאַטן פון אונזערע קוואַרטאַלן, אַז זיי זענען דאָך אויך טאַטעס, טאָ ווי קענען זיי שטימען פאַר ראַטיפיצירן די באָנער און פּאַריזער אָפּמאַכן?

ס'איז גענוג זיך צו באַקענען מיט די קליינע אותיותלעך פון דעם אָפּמאַך. דער אַרטיקל 20 פון פּאַראַגראַף 2 פונעם אָפּמאַך זאָגט, אַז אַ קאָמיסאַריאַט פון 9 מיטגלידער וועט זיין דער מאַכט־אָרגאַן פון דער אייראָפּעאישער געמיינשאַפט און וועט נישט דאַרפן זיך אָנפרעגן ביי קיין שום רעגירונג, אויך נישט בעטן קיין שום אינסטרוקציעס. ד.ה. אַז עס וועלן געשאַפן ווערן „גאולייטערס", וואָס וועלן באַפעלן איבער די געביטן, וואָס וועלן זיי צוגעטיילט ווערן.

אַזעלכע סאָרט קאָמיסאַרן זענען נאָך פון אונזער זכרון נישט אַרויס! און גערעכט איז עדואַר דאַלאַדיע, ווען ער זאָגט: „די סע.ע.דע. באַדייט תחית המתים פון דער דייטשער ווערמאַכט און פאַר פראַנקרייך — דער פאַרלוסט פון איר אומאָפּהענגיקייט. מיט איין וואָרט — מלחמה! ווער עס לייענט גענוי דורך די באָנער און פּאַריזער אָפּמאַכן, מוז פעסטשטעלן אַז אין יעדן אָפּזאַץ שטאַרט אַרויס מלחמה".

מיר האָבן אין אונזערע יידישע אַקציע־קאָמיטעטן גענוי אַדורכגעשטודירט די אַלע פּאַראַגראַפן און דאָס האָט אונז נאָך בולטער געמאַכט די געפאַר. דערפאַר טאַקע זענען מיר געאייניקט אין די אַקציע־קאָמיטעטן, יידן פון אַלע ריכטונגען. דערפאַר טאַקע זענען מיר איבערצייגט, אַז די קאָנפערענץ, גערופן דורך די לאָקאַלע יידישע אַקציע־קאָמיטעטן פון מיטוואָך דעם 19־טן מאַי אין „האָטעל מאָדערן", וועט אַדורך מיטן גרעסטן דערפאָלג.

19־טער מאַי, 1954

## די קאָנפערענץ פון די יידישע אַקציע־קאָמיטעטן

אין דער אָנוועזנהייט פון צאָלרייכע דעלעגאַציעס פון די פּאַריזער אַראָנדיסמאַנען און פאַרשטעט, אין גייסט פון ברייטסטער איינהייט, איז פאַרגעקומען די קאָנפערענץ פון די יידישע אַקציע־קאָמיטעטן, צו פאַר־שטאַרקן דעם קאַמף קעגן דער דייטשער ווידערבאַוואָפענונג. די קאָנפערענץ האָט נאָך אַ ברייטן מיינונגס־אויסטויש, באַשלאָסן:

1) אָרגאַניזירן דעלעגאַציעס צו די דעפּוטאַטן, 2) זאַמלען אונטער־שריפטן אויף די פּעטיציע־ליסטעס, 3) אַריינציען אין דער קאַמפּאַניע אַלע ברייטערע שיכטן.

ביי׳וויינענדיק די קאָנפערענץ, האָט מען געקענט מעסטן ווי קאַמפּס־אַנטשלאָסן עס זענען די צוממייסטן געליטענע פון דער נאַצישער באַרבאַריי, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז די היטלערישע תלינים זאָלן צוריקבאַקומען זייערע מאָרד־מכשירים.

אינעם זאַל האָט אויסגעפּעלט פלאַץ פאַר די צאָלרייכע דעלעגאַטן־פאַרטרעטער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע זע־נען געקומען פון אַלע אַראָנדיסמאַנען, ווי אויך פון אייניקע פאַרשטעט, כדי זיך צו טיילן מיט זייערע דערפאַרונגען אינעם קאַמף קעגן די באָנער און פּאַריזער אָפּמאַכן, און צוזאַמען, אין גייסט פון איינהייט און קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש, צו באַטראַכטן דיווירקזאַמסטע מיטלען אויף נאָך מער צו פאַרשטאַרקן דעם דאָזיקן קאַמף.

דער סעקרעטאַר פונעם אַקציע־קאָמיטעט פון 3־4־טן אַראָנדיסאָן, דלוזשניעווסקי, דערעפנט די קאָנפערענץ, אָנווייזנדיק אויף איר באַדייט און ראָל. ער דערקלערט דערביי:

„מיר האָבן נישט פאַרגעסן ווי אַזוי און פאַרוואָס מען האָט געראודפט, געברענט און פאַרניכטעט די יידן, ווי קענען מיר דעריבער בלייבן גלייכ־גילטיק אין אָנבליק פון די פּרוּוון צוריקצובאַוואָפענען די הענקער פון די 6 מיליאָן קדושים. די הענקער דאַרפן ווערן אונזערע פאַרבינדעטע אין דער אָ. ג. „אייראָפּעאישער געמיינשאַפט ?״.

דלוזשניעווסקי לאַדט איין אין פּרעזידיום פֿאַלגנדיקע פּערזענלעכ־
קייטן: פּראָפֿ. יאַנקעלעוויטש פֿון דער סאָרבאָנע, פּראָפֿ. מאַנדעלברויט
פֿון „קאָלעזש דע פֿראַנס", מ. ווילנער, אנרי בולאַווקאָ און ב. אַדאַם. פֿונעם
אַלגעמיינעם אַקציע־קאָמיטעט קעגן דער ווידערבאַוואָפֿענונג פֿון דייטש־
לאַנד: קריקאָווסקי, אַדוו. עדעלמאַן, גאָטליב, אַדוו. דימענטשטיין, דר.
קושניער, ש. שטיינמאַן, גוטמאַן, פּרוכטמאַן, זשאַנטמאַן.

ביי וואַרעמע אַפּלאַדיסמענטן נעמט איבער דעם פֿאָרזיץ פּראָפֿ. מאַנ־
דעלברויט, וועלכער באַגריסט די קאָנפֿערענץ אין נאָמען פֿונעם אַלגעמיי־
נעם אַקציע־קאָמיטעט.

מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט ווערט אויסגעהערט דער גוט־דאָקו־
מענטירטער באַריכט פֿון מאַיערהאָלץ, פֿאָרשטייער פֿונעם יידישן אַקציע־
קאָמיטעט פֿון 19־טן, וועלכער דערקלערט: „אין די נאָענסטע טעג וועט
דער פֿאַרלאַמענט דאַרפֿן באַשליסן וועגן דער ראַטיפֿיצירונג פֿון די באָנער
און פּאַריזער אָפּמאַכן. יעדער גיט זיך אָפּ אַ חשבון, ווי גורלדיק, ווי ערנסט
עס איז די לאַגע".

דער רעדנער דערמאָנט דערביי אין עטלעכע זאַצן אין וואָס עס באַ־
שטייט די געפֿאַר פֿאַר פֿראַנקרייך בכלל און פֿאַר יידן בפּרט, מצד די באָנער
אָפּמאַכן: „די אייראָפּעאישע אַרמיי" — איז היינט בולט פֿאַר דער מער־
הייט פֿון פֿאָלק — באַדייט באַוואָפֿענען די נאַציס, אויסשטעלן פֿראַנקרייך
אויף אַ טויט־סכנה און דערפֿירן צו אַ נייער וועלט־שחיטה. אויב די אָפּ־
מאַכן זאָלן ראַטיפֿיצירט ווערן, וועלן מיר אויפֿסניי זעען די ס. ס.־
גענעראַלן, די מערדער פֿון אָראַדור און אוישוויץ, די נאַצי־„דאָקטוירים"
פֿון שטרוטהאָף, אין די גאַסן פֿון פּאַריז. עס וועלן אויפֿסניי באַשטימט ווערן
קאָמיסאַרן פֿאַר יידן־פֿראַגן און די אַנטיסעמיטן וועלן בושעווען, ווי אין
יענע פֿינצטערע צייטן.

מאַיערהאָלץ לייענט פֿאָר אַ רירנדיקן בריוו צו די דעפּוטאַטן פֿון אַ
יידישן פֿאָטער, וועמענס זון איז דערשאָסן געוואָרן דורך די היטלעריסטן,
און ער פֿירט אויס: „לאָמיר אַלץ טאָן, אַז די שרעקלעכע וויזיע זאָל ניט
ווערן אַווירקלעכקייט!".

אונטערשטרייכנדיק, אַז די אויפֿגאַבע פֿון די אַקציע־קאָמיטעטן איז
אויפֿצוקלערן די געפֿאַר און צו מאָביליזירן די יידישע פֿאָלקס־מענטשן, אָן
אונטערשיד פֿון זייער פּאָליטישער אָנגעהעריקייט אין קאַמף קעגן די באָ־

נער אָפּמאַכן, ווייזט דער רעדנער אָן, אַז דער ביז־איצטיקער טעטיקייט־בילאַנס פון די יידישע אַקציע־קאָמיטעטן איז זייער אַ פּאָזיטיווער. ער פאַרענדיקט דערקלערנדיק, אַז עס בלייבט נאָך איבער פיל צו טאָן אויך, אַז עס איז נייטיק אויסצושמידן די ברייטסטע איינהייט — „די גאַראַנטיע פון זיג".

אַלס ערשטער רעדנער אין דער דיסקוסיע טרעט אַרויס דער וועטע־ראַן פונעם אַנטי־ראַסיסטישן קאַמף, קריקאָווסקי. ער ציט אונטער דעם סך־הכל פון דער אָפּגעטוענער אַרבעט פונעם אַקציע־קאָמיטעט אין 10־טן אַראָנדיסמאַן, דערמאָנענדיק דעם גרויסן דערפאָלג פון די דורך אים איינגעאָרדנטע מיטינגען און די איינהייט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין קאַמף קעגן צוריק־אויפשטעלן היטלערס אַרמיי.

## אַ באַזוך אין ראַטנפאַרבאַנד

אין יאָר 1964 האָבן מיר באַשלאָסן, איך און מיין פרוי, צו באַזוכן דעם ראַטנפאַרבאַנד; עפּעס אַ קליינינקייט — באַזוכן דאָס לאַנד, וואָס האָט אָנגעזאָגט צו באַשאַפן אַ נייע וועלט, פון אמת, יושר, ברידערלעכקייט! געפאָרן זענען מיר מיט דער געזעלשאַפט „פראַנס-אירס". זיי האָבן פאַר־לאַנגט פון אונז אַזש 4 פאָטאָגראַפיעס פון אַ פּערזאָן,צופיל פאָרמאַליטעטן, און דאָס האָט אונז שוין באַלד אין אָנהייב אַביסעלע שאָקירט. אויך די פּרייזן זענען דעמאָלט פאַר אַן אַרבעט־מענטש, געווען נישט זייער צוגעגנ־גלעך. נאָר, מילא.

אויפן אַעראָדראָם אין בורזשע האָבן מיר געוואַרט פון 2 ביז 7 אין אָוונט. ס'איז געווען אַ גרויסע פאַרשפּעטיקונג. זיי האָבן זיך אַנטשולדיקט, און אונז סערווירט אַ פיין אָוונט־ברויט. שפּעט אין אָוונט זענען מיר אָפּ־געפאָרן און אָנגעקומען אויפן מאָסקווער פלי־פּלאַץ וונוקאָוואָ אַרום 2 ביי־נאַכט. די קאָנטראָלערן זענען זיך באַגאַנגען מיט אונז גענוג העפלעך, אָבער יעדער פּאַסאַזשיר באַזונדער איז פאַרהערט געוואָרן דורך אַן אָפיציר. ער האָט יעדן שאַרף דורכגענומען מיט זיינע בליקן.

ערשט אַזייגער 5 פאַרטאָג האָט מען אונז אָפּגעפירט אין אַ האָטעל. איבערגעשלאָפן אַ פּאָר שעה, זענען מיר אַרויס אויפן קאָרידאָר. די באַדי־נערין פון שטאָק טראָגט אונז אַנטקעגן אַ ברייטן „גוט מאָרגן, חברים" און פרעגט זיך גלייך נאָך ביי אונז, צי מיר האָבן נישט עפּעס צו פאַרקויפן? ... ווייל זי האָט באַמערקט ביי אונז אַזויפיל וואַליזעס. מיר זענען אַראָפּ אין דרויסן דורכצושפּאַצירן זיך איבער די מאָסקווער גאַסן. אָפּגעגאַנגען אַ הונדערט מעטער, ווייזט מען אונז אָן דעם רעסטאָראַן. אינעווייניק איז גע־ווען אַ ספּעציעל צימער פאַר די פראַנצויזישע טוריסטן. דער טיש איז באַ־צירט מיט דער פראַנצויזישער פאָן. דאָס עסן — נישט שלעכט.

די עקסקורסיעס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך מיטאָג. אונזער איבעזע־צערין איז געווען אַ פיין יידיש מיידל. קודם האָט מען אונז געפירט צו אַן אויפנאַמע לכבוד די געסט פון „פראַנס־אירס". שיין סערווירטע טישן, מיט מיט פאַרשידענע מאכלים און געטראַנקען — „אַ לאַ ריס". מען האַלט פאַר אונז דרשות, אין פראַנצויזיש. איך האָב אויך געזאָגט אַ פּאָר ווערטער. מאַגנעטאָפאָנען, טעלעוויזיע־קאַמעראַס האָבן אַלץ אויפגעכאַפּט. איך האָב געזאָגט אָט וואָס:

„דאָס, וואָס מיר זעען און הערן פון אייך, האָפן מיר, אַז די צוקונפט וועט עס אַלץ באַשטעטיקן".

צומאָרגנס האָט מען אונז ווידער פאַרגעלייגט צו מאַכן עקסקורסיעס מיטן אויטאָקאַר, אָבער מיר, איך און מיין פרוי, האָבן זיך אַרויסגעדרייט. מיר האָבן געוואָלט אַליין זיין, פריי זיך באַוועגן, אָנקוקן דאָס, וואָס עס ווילט זיך, זען דעם, וועמען מיר ווילן זען. מיר האָבן גענומען אַ טאַקסי און גע־בעטן ביים שאָפער אונז צו פירן אויף אַן אַדרעס.

„כ'בעט אייך, רעדט מיט מיר יידיש"... — האָט דער שאָפער אונז געענטפערט אויף אונזערע שווערלעך־אַרויסגערעדטע רוסישע ווערטער.

דאָס האָט אונז פאַרשאַפן אַ סך פרייד, און מיין פרוי האָט זיך שיעור נישט צעוויינט. מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר זוכן קרובים אין מאָסקווע. און באַלד האָט ער אונז געפירט אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס. דער שאָפער האָט זיך מטריח געווען און אויפגעזוכט דעם ריכטיקן אַריינגאַנג אין דער ריזיקער געביידע, אין דער נייער געגנט פון מאָסקווע.

זייער האַרציק האָבן אונז די קרובים אויפגענומען. זיי זענען קינדער פון אַ פאַרפאָלגטער יידיש־קאָמוניסטישער משפחה, אַנטלאָפענע פון אַנטי־סעמיטישן פוילן, נאָך פאַר דער מלחמה אין 1939. דער סטאַלין־טעראָר האָט די עלטערן זייערע אומגעבראַכט. אויך די קינדער זענען פאַרפאָלגט געוואָרן. זיי דערציילן:

„אין אַ שיינעם זומערטאָג האָבן מיר פּלוצים דערהערט אַ ברוטאַל קלאַפּן אין דער טיר. עס קומט אַריין אַן אַגענט פון דער נ. ק. וו. ד. און באַפעלט: „וואָזמי טשעמאָדאַן, אידיאָם", ס'הייסט, נעם דיינע בעבעכעס אין אַ וואַליזקע און קום. מיר זענען געבליבן פשוט אָן לשון, איך, מיין פרוי און מיין טעכטערל. מען האָט אונז דערנאָך אַריינגעשליידערט אין אַ צעלע, ביזן גאַרטל אין וואַסער. מיר זענען באַפרייט געוואָרן ערשט, ווען כרוש־

טשעוו איז געקומען צו דער מאַכט. מ'האָט געגלויבט, אַז ענדלעך וועט דער סאָציאַליזם אין ראַטנפאַרבאַנד באַקומען אַ מענטשלעך פּנים. אָבער — לייי־דער — די זעלבע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט״...

מיר זענען אַוועק פון די קרובים מיט אַ שווער געפיל. ווידער האָט זיך אין האָטעל אונטערגערוקט די באַדינערין און רוימט אונז איין אַ סוד — זי וויל ביי אונז קויפן זאַכן, זי האָט דאָלאַרן... מיר האָבן זי אָנגע־קוקט מיט פאַרדאַכט, מיט עקל, כמעט נישט ענטפערנדיק. מיר באַשליסן צו גיין באַזוכן די רעדאַקציע פון „סאָוויעטיש היימלאַנד״. מיר באַגעגענען אויך אַרויפגייענדיק דעם קאָרעספּאָנדענט פון „קול העם״ אין ישראל, דעם חבר כספּי. עס נעמט אונז אויף איינער אַ רעדאַקטאָר, אָבער ער איילט זיך, ער האָט נישט וואָס צו זאָגן. נישט ער איז דאָ דער באַלעבאָס... מיר גייען אַוועק מיט פאַרביטערונג.

און אָט שפּאַצירן מיר איבער די מאָסקווער רוסישקע גאַסן, מיר איילן זיך צום מיטאָג. מען לייגט אונז ווידער פאָר אַ רייזע מיטן אויטאָקאַר, באַ־גלייט, פאַרשטייט זיך, מיט היטערס. מען פירט אונז צו דער 30־שטאָקיקער אוניווערסיטעט־געביידע, אַן אמתער אַרכיטעקטאָנישער שעדעוור. מען פירט אונז אַריין אין אַ לעקטאָר־זאַל. די רעדעס זייערע בין איך זיי דאָס מאָל מוחל...

דעם פערטן טאָג האָבן מיר בייגעוווינט אַ מאָדנע סצענע. אַרויסקוקנ־דיק דורכן פענצטער פון האָטעל, האָבן מיר פלוצים געזען, ווי די מיליץ רינגלט אַרום דאָס ריזן־געשעפט „מאָסקווע״, וווּ מען קען קויפן אַלץ, וואָס אַ מענטש באַדאַרף. מיר זענען געווען פאַראינטריגירט און זענען באַלד אַרונטער אַ קוק־טאָן. מיר זענען געוווּיר געוואָרן, אַז גנבים זענען אין מיטן העלן טאָג באַפאַלן דאָס געשעפט און אַרויסגעשלעפּט וואָס ס'האָט זיך געלאָזט. ס'האָט אונז געוווּנדערט: אַ קנאַפּער האַלבער יאָרהונדערט קאָמוניסטישע הערשאַפט, דריי גענעראַציעס מיט סאָציאַליסטישער דער־ציאונג?...

אין דעם טאָג האָבן מיר זיך אַרויסגעדרייט פון דער טעגלעכער עקס־קורסיע. אַ טאַקסי האָט אונז ווידער געפירט צו אונזערע קרובים. דאָסמאָל האָבן מיר זיך באַקענט מיטן יינגערן ברודער פון מיין פרוי. ער איז אַן אינ־וואַליד. האָט ער דערפאַר באַקומען פון דער מלוכה אַן אויטאָמאָביל, אַ „מאָסקוויטש״, ווייל זיינע פיס זענען געליימט, ער מוז גיין מיט קוליעס.

מען זיצט ביי אַ גלעזל טיי, מען הערט זיך אָן וועגן פאַרשידענע צרות. מיר האָבן פאַרברענגט אַזוי, ביזן אָוונט־ברויט. ביים עסן אין טוריסטן־האָטעל מוז מען זיין צו דער צייט. האָט אונז דער ייִנגערער ברודער פאַר־געלייגט צו באַגלייטן מיט זיין „מאָסקוויטש״.

מיר פאָרן איבער די מאָסקווער גאַסן, נייע, שיין אויסגעבויטע. פּלוצ־לונג האָט אַ מיליציאָנער אונז אָפּגעשטעלט. ער פאַרלאַנגט אַז דער אינוואַ־ליד זאָל זיך לעגיטימירן. קוים וואָס דער אינוואַליד קריכט אַרויס מיט זיי־נע צוויי קוליעס, און דער מיליציאָנער זאָגט אים: „וּוסיאָ וו׳פּאַריאַדקע, טאָוואַרישטש״, ס׳הייסט, אַלץ איז אין אָרדענונג, חבר.

— מיר האָבן געהאַט גרויס גליק — זאָגט דער ברודער — וואָס ער האָט פון אייך נישט פאַרלאַנגט צו לעגיטימירן זיך. איך האָב נישט קיין רעכט צו פירן טוריסטן, אפילו קרובים...

ביים אָוונט־ברויט אין רעסטאָראַן טרעפן מיר די פאַריזער חברים. יעדער דערציילט די געשעענישן פון טאָג. איך לייג פאָר צו גיין אין סינע־מאַ, דאָ נישט ווייט. מען גיט אַ גוטן פילם. און מיר זענען אַוועק. דער סעאַנס איז נאָך נישט געענדיקט און מיר מוזן אונטערוואַרטן אין באַקוועמען זאַל, אונטער די קלאַנגען פון שיינער מוזיק. מיין פרוי, זע איך, שמועסט מיט דער קאָנטראָלערקע. אין וואָס פאַראַ שפּראַך רעדן זיי? — ווער איך טשי־קאַווע. ווייזט זיך אַרויס — אין פּראָסט מאַמע־לשון. לעבן אונז איז געזעסן אַ יונגערמאַן און זיך צוגעהערט ווי מיר רעדן פראַנצויזיש. ס׳איז דער זון פון דער קאָנטראָלערקע. ער פאַרשטייט זייער גוט פראַנצויזיש. אָבער ער וווּנדערט זיך ווי אַזוי מיין פרוי האָט גערעדט מיט זיין מוטער. און ער ווערט געוווּיר, אַז זיי האָבן גערעדט צווישן זיך יידיש, פאַרשטייט ער שוין, אַז מיר אַלע זענען — יידן. אָבער ער זאָגט, אַז ער איז נישט קיין ייד.

— איר האָט זיך, חלילה, געשמדט? — פרעגט אים מיין פרוי.

— אָ, ניין זאָגט ער — מיר, קאָמוניסטן, דאַרפן זיך נישט שמדן. מיר זענען דערצויגן געוואָרן אין מאַרקסיסטישן גייסט, מיר דענקען ווי קאָמוניסטן, נישט ווי יידן...

— דערלויבט אַ פראַגע, חבר: צי קענען יידן נישט דענקען ווי קאָ־מוניסטן? לויט מאַרקסן און לענינען, נאָכן אומוואַרפן דעם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים, וועט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט לייזן די פּראָבלעמען פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער, בתוכם אויך פון אונזער יידיש פאָלק? מיר

זענען די סאַמע באַוואָלטסטע, זייט מען האָט אונז פאַרטריבן פון אונזער לאַנד, מיט 2000 יאָר צוריק. איצט, ווען אונזער רענעסאַנס איז געקומען אין ארץ ישראל, קומט איר און זאָגט גאָר דעם היפּוך. ווען מיר וועלן זיך אפשר טרעפן אַ צווייט מאָל, וועט איר בעסער פאַרשטיין, וואָס עס הייסט זיין — אַ שטאָלצער ייד...

איידער וואָס־ווען, האָט זיך דער פילם אָנגעהויבן.

נאָך 6 טעג פאַרברענגען אין מאָסקווע, זענען מיר אָפּגעפלויגן קיין קיעוו. אַן ערך אַ שעה צייט זענען מיר געפלויגן. עס האָבן אונז שוין אָפּ־געוואַרט די אויטאָקאַרן. מיט אונז איז געווען אַן איבערזעצערין, אַ ווויל יידיש מיידל. דער האָטעל, ווו מיר זענען פאַרפאַרן אין קיעוו, איז נישט געווען אַזוי קאָמפאָרט און באַקוועם ווי אין מאָסקווע. דערפאַר איז דאָס עסן געווען גאָרנישט שלעכט, ווי פאַר טוריסטן, וואָס ברענגען אַריין אין לאַנד וואַלוטע...

אין קיעוו האָט געוווינט מיין פרויס אַ ברודער. מיר האָבן פאַר אים און זיין משפּחה געברענגט אַ סך מתנות. אָבער ווי אַזוי זיי באַגעגענען און זיי איבערגעבן? דער האָטעל איז געווען באַוואַכט ווי אַ תּפיסה. מיר האָבן שוין אָבער געהאַט אַ קליינע פּראַקטיק. האָבן מיר באַשלאָסן אָנצוטאָן אויף זיך די געברענגטע מלבושים פאַר דער משפּחה. ס׳איז אונז געלונגען. מיר זענען אַרויס פון האָטעל, פאַרקערעוועט אין אַן אַנדערע ריכטונג, און גענו־מען אַ טאַקסי. דאַנקען גאָט, אויך דער שאָפער אין קיעוו איז געווען — אַ ייד. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט אונז. ער האָט זיך אפילו נאָכגע־פרעגט אויף ישראל. לאַנג שמועסן האָבן מיר נישט געקענט, ווייל מיר האָבן זיך געאיילט. ער האָט אונז געברענגט אויפן ריכטיקן אַדרעס. ביים אָפּ־שטייגן, האָט זיך דער שאָפער אָפּגעזאָגט צו נעמען באַצאָלט פאַר דער רייזע. קוים מיט צרות האָבן מיר געפּועלט ביי אים ער זאָל כאָטש נעמען אַ מתּנה פאַר זיין פרוי. ביים צעשיידן זיך, האָבן מיר זיך געווונטשן צו טרעפן בקרוב אין ישראל...

## דער צוזאַמענטרעף פון שוועסטער און ברודער

עטלעכע און פערציק יאָר האָבן זיי זיך נישט געזען. די פרייד איז געווען אויסגעמישט מיט טרערן. זיי זענען געזעסן און זיך דערמאָנט די

אַלטע היים אין וואַרשע, ווו עס איז גאָרנישט פאַרבליבן פון אונזער יידיש לעבן. דער ברודער האָט מלחמה־צייט געקעמפט אין דער רויטער אַרמיי.

מיר האָבן זיך צעקושט, ווי אמתע ברידער. די פרוי זיינע און דער זון זענען געשטאַנען דערביי, געלאַכט פון פרייד און טרערן זענען זיי געשטאַנען אין די אויגן. מיר האָבן געבראַכט מיט זיך אַביסל זאַכן פון פּאַריז, אָבער ווי אַזוי ברענגען צום ברודער אין הויז אַריין די וואַליזעס ?

— מאַכט זיך נישט קיין צרות — זאָגט מאַניעס ברודער — אונזער זון וועט זיך שוין אַן עצה געבן. ער און זיינע חברים וועלן שוין אַלץ באַזאָרגן. כאָטש אויף זייערע פּאַרטיי־קאַרטן איז אויפגעשריבן „יעווריי״, זענען זיי שטאָלץ צו זיין יידן.

אַזוי איז געווען. זיי זענען אַוועק צום האָטעל, אַרויסבאַקומען די וואַליזקעס בשלום.

דאָס צימער ביים ברודער איז געווען פיין איינגעאָרדנט. אַלץ האָט געבלאַנקט. עס האָט אונז נאָר געוווּנדערט און מיר האָבן געפרעגט:

— ווי זעען אויס אייערע אַנדערע צימערן ?

אין די אויגן פון דער שוועגערין זענען געשטאַנען טרערן:

— כאָטש מיין מאַן איז געווען אַ זעלנער, זיך געשלאָגן און דערגאַנגען ביז בערלין, האָט מען אונז צוגעטיילט נאָר איין צימער. די קוך איז אַ קאָלעקטיווע, צוזאַמען מיט שכנים. איין צימער פאַר דריי פּערזאָן...

מיר האָבן געמוזט צוריקקערן זיך אין האָטעל, צו דער גרופּע טוריסטן, מיטצומאַכן די עקסקורסיעס אין פאַרלויף פון די 4 טעג אין קיעוו. מיר זענען געווען אויף אַן אויסשטעלונג, אין די מוזעאומס, אין די עקספּערימענטאַלע אַגראָנאָמישע סעדער. מיין פרוי האָט געוואָלט זיין וואָס מער מיט דער משפחה, אַזוי אַז מיר האָבן פאַרשפּעטיקט וויכטיקע אויספלוגן. קיעוו איז זומער־צייט אַן אמתער גן־עדן, אַ פּאַרק־שטאָט. עס שמעקט פון די סעדער, וועלכע באַצירן די הייזער.

מיר האָבן קאַטעגאָריש פאַרלאַנגט עולה רגל זיין קיין באַבי־יאַר, אָבער יעדעס מאָל האָט מען אונזער בקשה אָפּגעוואָרפן. איין זאַך האָבן מיר יאָ געקענט באַקומען — דאָס אַנטיסעמיטישע קיטשקאָ־בוך. כאָטש אין „סאָוועטיש היימלאַנד״, בעת אונזער באַזוך, האָט מען אונז פאַרזיכערט, אַז דאָס בוך איז קאָנפיסקירט געוואָרן. אָבער אין קיעוו האָט מען זיך דערוווסט, אַז עס זענען דאָ פאַרשפּרייט געוואָרן 4 הונדערט טויזנט עקזעמ־

פליאַרן, אָן שום שטערונג... און עס איז נאָך פאַרבליבן פאַר אונז אײנס, מיטצונעמען...

אונזער באַזוך אין קיעוו האָט זיך שנעל פאַרענדיקט. דאָס צעשײדן זיך מיט דער משפּחה איז, דער עיקר, געווען זײער פּײַנלעך. אָבער לענגער בלײַבן איז געווען אוממעגלעך. מײַן פרוי האָט געבעטן אַזאַ דערלויבעניש, אָבער — פאַר קײן שום געלט נישט!

מיר פאָרן צום פלי־פעלד. אינעם עלעגאַנטן קאַר האָט דער אײנ־ציקער חבר, וואָס פלעגט זיך אונטערהאַלטן מיט דער איבערזעצערין וועגן אַלע ענינים, געמאָלדן איר, דער איבערזעצערינס נאָמען: אַננאַ סאָלאָוויי־טשיק. איז פּלוצים אויסגעבראָכן אַ צווישן־רוף: „אַננאַ יעוורעיקאַ". דאָס איז געווען אַן ארויסרוף פון אַן אוקראַינישן אַנטיסעמיט, אַ מאַן פון אַ יאָר 40, וואָס האָט באַגלײט זײנעם אַ קרוב. פאַרשטײט זיך, אַז מען האָט תיכף רעאַגירט אויף דעם כוליגאַנישן אויסרוף. אָבער, לײדער, זענען קײן שום סאַנקציעס קעגן דעם כוליגאַן נישט אָנגענומען געוואָרן...

מיר זענען בשלום אָנגעקומען אויפן פלי־פעלד. ענדלעך איז דער טופּאָלעוו־אעראָפּלאַן אָנגעקומען. ער האָט דורכגעמאַכט דעם ווײטן מהלך צווישן קיעוו און מאָסקווע. דער אעראָפּלאַן איז געפלויגן זײער הויך. די הײך האָט מיר געשאַדט, אַז איך האָב באַקומען געשוואָלענע פיס.

איך האָב באַקומען ווײטיקן אין די פיס בײם צוריקקומען אין האָטעל אין מאָסקווע. מען האָט געמוזט אַרויסרופן די גיכע הילף, ווײל איך האָב באַקומען איבער 39 גראַד היץ. אַזש צוויי קעטשלעך זענען געקומען נאָכן קראַנקן פּראָוואַנצישן טוריסט, אָפּצופירן מיך אין גרעסטן מאָסקווער שפּי־טאָל. אָבער דאָרט איז קײן פרײער פּלאַץ נישט געווען. פּלאַץ איז נאָר גע־ווען אין די... קאָרידאָרן. אָבער ווי לײגט מען עפּעס אַ טוריסט אין קאָרי־דאָר? האָט די דירעקציע תיכף באַשלאָסן — היות אַ פּענסיאָנירטער גע־נעראַל פאַרנעמט אַ שײנעם צימער, איז מער יושר אים צו לײגן אין קאָ־רידאָר, ווי דעם פּראָוואַנצישן טוריסט...

ערשט דעמאָלט האָב איך באַקומען די נויטיקע הילף. דרײ דאָקטוי־רים, מיטן עלטסטן בראש, שטײען ארום מיר און מען זוכט צו געבן מיר די ראַדיקאַלסטע הילף. די פרוי מײַנע האָט געוואַרט אין דער ביוראָ, אַן ערך צוויי שעה האָט זי געוואַרט. עס איז געקומען די פּרינציפּאַלע דאָק־טאָרשע און געגעבן מײַן פרוי די בעסטע האָפענונגען.

אַרום קראַנקן פֿאַרען זיך די קראַנקן־שוועסטערן. איינע לייגט קאָמ־פּרעסן אויף דעם פּוס, דאָס געשווילעכץ צו פֿאַרטורייבן. אַ צווייטע גיט מיר פּראָשקעס קעגן דער היץ. איך בין איינגעשלאָפֿן. ערשט אין אָוונט האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט. עס איז געקומען די הויפּט־דאָקטאָרשע און זיך נאָכגע־פֿרעגט: וואָס איך מאַך? אַ דאַנק! — האָב איך געענטפֿערט — זייער גוט! מאָרגן האָף איך צו קענען פֿייערן אונזער פֿראַנצויזישן נאַציאָנאַלן טאָג פֿון 14־טן יולי, צוזאַמען מיט אונזער גרופּע, די פֿייערונג, וואָס איז אַזוי גוט צוגעגרייט געוואָרן דורך דער דירעקציע פֿון טוריזם.

— אַנטשולדיקט, חבר — האָט זי מיר געזאָגט — דאָס קומט לײדער נישט אין באַטראַכט. איר מוזט לאָזן אייער גרופּע, צוזאַמען מיט אייער פֿרוי, אַהיימפֿאָרן, און איר וועט דאָ פֿאַרבלייבן ביז איר וועט געזונט ווערן.

דעם אַנדערן טאָג זענען געקומען מײנע קרובים פֿון מאָסקווע, צו־זאַמען מיט מיין פֿרוי.

איך האָב זיך געגומען באַקענען מיט די שכנים אַרום מיר. איינער, וואָס איז געלעגן אנפּאַס, האָט זיך שטאַרק באַמיט צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס, כדי צו הייבן מיין מאָראַל. ער האָט מיר דערציילט פֿון זייער לעבן בעת דער מלחמה קעגן בלוטיקן פֿאַשיזם. דער שכן, דער יונגער יידישער פּאַרטיזאַ־נער, האָט דערציילט פֿאַרוואָס ער קומט פֿון צייט צו צייט זיך היילן אין שפּיטאָל. די מעשה איז אַ נישט היימלעכע: ווען די דייטשן זענען אַריין אין זייער שטעטל, האָט מען אַלע יידן פֿאַרטריבן אין געטאָ. פֿון דאָרטן האָט ער אָבער גיך געמאַכט פּליטה און איז אַוועק אין די וועלדער. ער האָט לאַנג געוואַנדערט, ביז ער האָט ענדלעך אָנגעטראָפֿן פּאַרטיזאַנער. איינמאָל איז ער געשיקט געוואָרן אין אַן עקספּעדיציע, האָבן זיי פֿאַרלוירן צוויי חברים. אים האָט אַ צווייטע גרופּע פּאַרטיזאַנער אָפּגעזוכט אין וואַלד, אַ פֿאַרוווּנ־דעטן. זיי האָבן אים איבערגעשיקט אין אַ מאָסקווער שפּיטאָל. האָבן אים אויף די פֿיס געשטעלט, אָבער אים באַפֿוילן צו קומען אָפּט אויף אַן אונ־טערזוכונג. אַזוי דויערט עס שוין איבער 20 יאָר. איצט איז ער סטודענט אויפֿן מעדיציניש פֿאַקולטעט. אַלע זיינע נאָענטע זענען אומגעקומען.

איך האָב אויך באַקענט די אַנדערע צוויי חולאים, איינער אַן אָפֿיציר פֿון דער אַרמיי, און דער צווייטער אַן אונטער־אָפֿיציר פֿון די ים־חיילות. אויך זיי האָבן זיך מיט מיר פֿאַראינטערעסירט, אָבער צוליב אַן אַנדערע סיבה — זיי האָבן געזען ביי מיר אַן עלעקטריש ראַזיר־מאַשינקעלע „רע־

מינגטאָן״ פון פראַנקרייך, וואָס מיין פרוי האָט מיר געבראַכט. האָט עס זיי פאַראינטריגירט. זיי האָבן אויך געשמועסט וועגן אידייאישע פאַרגן, אָבער דער עיקר זענען זיי איבערגעגאַנגען דירעקט:

— זאָגט חבר, ווו האָט איר געקויפט אַזאַ שיינע ראַזיר־מאַשינקע?

— אין פּאַריז.

— מ׳קען עס אָנקוקן?

— מיט פאַרגעניגן, ביטע זייער.

זיי באַקוקן דאָס מאַשינקעלע פון אַלע זייטן. זיי האָבן געזען דעם נאָ־מען פון דער מאַשינקע אין לאַטיינישע אותיות — „רעמינגטאָן״. פרעגן זיי: וואָס זאָל דאָס באַדייטן? האָבן איך זיי געענטפערט: דאָס איז דער נאָמען פון דער פירמע.

— אַזאַ פירמע ווען מיר אויך האָבן! — האָבן זיי געזאָגט.

כ׳בין שוין אַרויס פון געדולד:

— וואָס הייסט — איר וועט האָבן? אַ לאַנד פון דער סאָוויעטישער מאַכט, וואָס בויט איר געזעלשאַפט אויף קאָמוניסטישע יסודות?

— נאַפּליעוואַט נאַ סאָוויעטסקי וולאַסט... — האָבן זיי אַ שפּיי געטון און זענען פאַרשוואונדן.

קאָמענטאַרן זענען איבעריק... אַזאַ איז די מענטאַליטעט פון דער חברותא. דער שכן, דער געוועזענער פאַרטיזאַן, האָט מיך געפרעגט:

— זיי האָבן כאָטש צוריקגעגעבן דאָס ראַזיר־מאַשינקעלע?

אוודאי האָט זיך זיי געגלוסט עס צוצונעמען, אָבער איך האָב זיך גע־האַלטן אין מיטן ראַזירן, מאַכן מיין טואַלעט. נאָך דער מעשה נורא, איז פּלוצים אַריינגעקומען די עלטסטע דאָקטאָרין, געזעצט זיך נאָענט צום בעט און פאַרפירט אַזאַ שמועס:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וויפל פאַרדינט אַזאַ דאָקטער ווי איך, ביי אייך אין פראַנקרייך?...

זי וואַרפט דערביי אַריין אַ פּאָר יידישע ווערטער. האָב איך דאָך פאַר־שטאַנען, אַז זי איז אַ יידישע פרוי. די פראַגע אָבער האָט אַרויסגערופן ביי מיר שטוינונג, און גלייכצייטיק — צער! זי האָט עס באַמערקט, אַנטשולדיקט זי זיך און זאָגט מיר:

— איך האָב פּשוט געוואָלט מאַכן אַ פּאַראַלעל צווישן סאָציאַליזם און קאַפּיטאַליזם...

— מיר זענען אפשר חברים פון די זעלבע אידייען — האָב איך איר געזאָגט — מיר האָבן געגלויבט אין אַ שיינער צוקונפט פון אַ סאָציאַליס־טישער געזעלשאַפט. אָבער ליידער האָט אייער סאָציאַליזם מיך פולשטענ־דיק אַנטוישט. איך מוז אייך זאָגן, טייערע פרוי־דאָקטאָרשע, אַז דער פאַר־גלייך פון אייערע געהאַלטן אַלס דאָקטאָרשע, מיט איינער פון אונזערע קלי־ניקעס, אָדער שפּיטאָלן, איז ווייט, ווי דער הימל פון דער ערד. איר פאַר־דינט איצט 120 רובל. אויף אונזער פראנצויזיש געלט מאַכט עס אויס 60 טויזנט אַלטע פראַנק. דאָס איז ביי אונז — אַ הונגער־לוין. דערפאַר האָט איר, טייערע דאָקטאָרין, באַמערקט אַ פאַרוווּנדערונג אויף מיין פּנים, ווען איר האָט די פראַגע געשטעלט. אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע, ווי איר פאַרנעמט דאָ, אין דעם גרעסטן מאָסקווער שפּיטאָל, איז אין פאַרגלייך מיט באַדינגונגען ביי אונז, אַזאַ גרויסער מהלך, אַז מען קען זיך עס גאָרנישט פאָרשטעלן. ביי אונז, אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, לעבט זיך אַזאַ דאָקטער, ווי איר, אין רייכטום.

— אייער אָפּשאַצונג וועגן אונזער רעזשים איז זייער ריכטיק — האָט זי מיר געזאָגט צולעצט, איידער זי איז שטיל אַרויס.

## א שמועס מיטן פראָפעסאָר האַלבוואַקס, דאָס אייניקל פון וויקטאָר באַש

אין דער צווייטער העלפט פון חודש פעברואַר 1955 איז מיר אויסגעקומען אויף אַ פּאָלקס־פאַרזאַמלונג קעגן דער דייטשער ווידערבאַוואָפענונג, אין 3־טן אַראָנדיסמאַן, צו באַגעגענען זיך מיטן אייניקל פון פּראָפ. וויקטאָר באַש. אַ מענטש אין בליענדן עלטער, אַ שלאַנקער, מיט אַן אָוואַל סימפּאַטיש פּנים, שמייכלענדיקע מאַנדל־אויגן און אַ הויכן שטערן. אָט דער סימפּאַטישער מענטש איז פּראָפעסאָר האַלבוואַקס פון ליצײ טירגאָ. ער האָט גענומען אַ וואָרט אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואָרום ווער נאָך ווי פּראָפ. האַלבוואַקס קען דערציילן וועגן די היטלערישע אכזריותדיקייטן? זיינע באָבע־זיידע, פּראָפ. וויקטאָר באַש און פרוי, זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס. זיי זענען פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ וואַלד, נישט ווייט פון ליאָן, און דאָרט זענען זיי דערשאָסן געוואָרן.

ער גופא איז געשטאַנען אין באַוואָפנטן קאַמף קעגן דעם בלוטיקן שונא, דעם דייטשן אָקופּאַנט, און צולעצט דעפּאָרטירט געוואָרן אין די אויסראָטונגס־לאַגערן. ער איז קוים מיט לעבן, אַן אויסגעשעפּטער, צוריקגעקומען.

ער איז צווישן די אָקטיווסטע קעמפער קעגן דער דייטשער ווידערבאַוואָפענונג, צוזאַמען מיט אַלע שלום־ליבנדיקע מענטשן פון פראַנקרייך. פּראָפעסאָר האַלבוואַקס אַרויסטרעט אויף דער פּאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט געמאַכט אַ זייער שטאַרקן איינדרוק. איך האָב זיך דערביי דערמאָנט אין אַ פאָרלעזונג, וואָס זיין זיידע האָט געהאַלטן עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה אין „סאָסיעטע סאַוואַנט". פּראָפ. וויקטאָר באַש איז געווען זייער באַליבט פון אַלע פּראָגרעסיווע מענטשן. ער האָט דעמאָלט גערעדט אויף דער טעמע: „פּאַטריאָטיזם און יודאַיזם". גראָד איז די פראַגע וועגן פּאַטריאָטיזם

צו יענער צייט אויפגעהויבן געוואָרן דורך די פאַשיסטן, די מאָראַס־לייט, „קאַמלאָ די רואַ״ (די היינטיקע קסאוויע וואַלאַ־ווינ־אנקורס אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, וועלכע האָבן דעמאַגאָגיש פּרעטענדירט צו האָבן דעם מאָנאָ־פּאָל אויף פּאַטריאָטיזם), אויף דעם האָט אָבער וויקטאָר באַש געענטפערט, קלאַפּנדיק זיך אין דער ברוסט:

— מײַן פּאַטריאָטיזם איז נישט צו מעסטן. איך בין טאַקע אַ ייד, אָבער דאָס שליסט נישט אויס צו זיין אַן ערלעכער, איבערגעגעבענער פראַנצויזישער פּאַטריאָט!

בעת דער אָקופּאַציע, ווען די מאָראַס־לייט האָבן פאַרקויפט און פאַר־ראַטן דאָס לאַנד, איז וויקטאָר באַש געבליבן געטריי זיינע ווערטער. דער־פאַר טאַקע האָבן אים די פאַשיסטן אַזוי אומברחמנותדיק אומגעבראַכט.

עס איז איבעריק צו באַווייזן, אַז די יידן אין פראַנקרייך האָבן אַריינ־געשריבן אַ חשוב בלאַט פון פּאַטריאָטיזם אינעם קאַמף פון דער רעזיס־טאַנס, פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד.

## דראַנסי, די שטאָט פון יידישן מארטירערטום און די שטאָט פון האָפענונג

דעם 8־טן אַפּריל 1955

שבת, דעם 2־טן אַפּריל 1955, 10 אין דער פרי זענען מיר, דעלעגאַטן פון יידישן אַקציע־קאָמיטעט, אָנגעקומען קיין דראַנסי, אויפן אינטערנאַ־ציאָנאַלן צוזאַמענטרעף פון די פרידלעכע כוחות.

צווישן די דעלעגאַטן פון כמעט אַלע פּראָווינצן, זענען אויך געווען דעלעגאַטן פון אויסלאַנד: פון יאַפּאַן, ענגלאַנד, דייטשלאַנד א. אנד. ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צו דער געביידע, וווּ עס איז פאָרגעקומען דער צוזאַמענטרעף, האָבן אונז מקבל־פּנים געווען די פּיקאַסאָ־טויבן, וואָס סימ־באָליזירן דעם שלום. אונזערע הערצער האָט געגומען קלאַפּן שטאַרקער, ווען מיר האָבן דערזען די ריזיקע געביידע פון געוועזענעם קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער, פון וואַנען עס זענען פאַרשיקט געוואָרן אין אוישוויצער גיהנום אַזויפיל יידן.

אָט דער ציטער האָט אונז באַגלייט ביז מיר האָבן איבערגעטרעטן

די שוועל פונעם זאַל און איבערגעגעבן אונזערע דעלעגאַטן־קאַרטן דער פּאַרעגיסטרירונג־פּערמאַנענץ. מיר זענען געטרעטן איבער די קונסטטעפּיכער, האָבן זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן מיט דער קונסט־אַרבעט פון די קינסטלער געווידמעט דעם שלום. דער זאַל האָט זיך אָנגעפּילט.

עס ווערט דערעפנט דער נאַציאָנאַלער צוזאַמענטרעף פון פרידן. דעם פּאָרזיץ פירט דער באַוווסטער שרייבער ווערקאָר. ער רעדט וועגן באַדייט פון דער צונויפזאַמלונג, און דערמאָנט דערביי דעם גרויסן פּאַרשטאָרבענעם שלום־קעמפער איוו פאַרזש. ער גיט אַ וואָרט פּראָפעסאָר וואַגנער.

דער באַריכט האָט אַנטפּלעקט, מיט ממשותדיקע ביישפּילן, דעם מאָנומענטאַלן פּאַרנעם פונעם קאַמף, וואָס עס האָט געפירט און פירט ווייטער דאָס פאָלק פון פראַנקרייך פאַר שלום, קעגן דער דייטשער ווידערבאַוואָפענונג. די אַפּלאָדיסמענטן פונעם זאַל האָבן באַוויזן אַז די ווערטער פון פּראָפ. וואַגנער האָבן געטראָפן צום האַרצן.

די זיצונג פון נאָכמיטאָג איז געווען געווידמעט די קאָמיסיעס, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט אויספירלעכע דירעקטיוון, כדי צו קענען ווירקזאַם פּאָרזעצן די שלאַכטן קעגן דער דייטשער ווידערבאַוואָפענונג און פּאַרן פּאַרבאָט פון די אַטאָם־וואָפן.

זונטיק פּאַרמיטאָג האָט דעם פּאָרזיץ געפירט פרוי איוו פאַרזש, זי איז באַגריסט געוואָרן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. אויף דער דאָזיקער זיצונג האָבן גערעדט די דעלעגאַטן פון דער פּראָווינץ, און אין זייערע ווערטער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס אמתע, דאָס נאָבעלע פּונעם פראַנצויזישן פאָלק. אַ גרויסן איינדרוק האָט געמאַכט די אינטערווענץ פון אַדוו. זשופאָ, אין נאָמען פון יידישן אַקציע־קאָמיטעט, וועמענס איניציאַטיוון זענען באַלוינט געוואָרן מיט וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן.

די שלום־זיצונג איז אַדורך אין אַן אומבאַשרייבלעכן ענטוזיאַזם.

די פּאַטעטישע אינטערווענץ פון גרויסן געלערנטן און אומדערמידלעכן שלום־קעמפער פּראָפ. זשאָליאָ־קירי וועגן דער געפאַר פון אַן אַטאָמישן קריג, האָט אַלעמען אויפגעטרייסלט.

נאָך דער אינטערווענץ איז פאַר אונז נאָך בולטער געוואָרן די הייליקע פליכט אויפצוקלערן די יידישע באַפעלקערונג וועגן דער גרויליקער געפאַר, וואָס קען ווערן אַ ווירקלעכקייט, אויב מיר וועלן שטיין מיט פאַרלייגטע הענט.

דעם 11־טן מאַי 1955

## איך דערמאָן זיך אין יענע טעג...

10 יאָר זענען שוין פאַרביי זינט די היטלערישע גענעראַלן האָבן קאַפּיטולירט אין בערלין.

ביי אונז יידן איז אָבער די פרייד געווען אויסגעמישט מיט טרויער. די שרעקלעכע טראַגעדיע האָט געדריקט אונזערע הערצער. מיר האָבן געפייערט דעם זיג ווי יתומים, דערמאָנענדיק מיט ווייטיק אונזערע טייערע, וואָס זענען פאַרברענט און פאַרגאַזט געוואָרן.

אין אונזער 3־טן אראָנדיסמאַן האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעשפּילט אויפטרייסלענדיקע סצענעס, פון אָפּגעפינען זיך, נאָך יאָרן צעשיידונג, פון אומקערן זיך אַהיים, נאָך אַ לאַנגן עקזאָד, און טרעפן זיך איינער אַליין אין דער דירה, ווו עס האָט אַמאָל פולסירט אַ וואַרעם יידישע משפחה־לעבן.

איך דערמאָן זיך אין יענע טעג, אין שווערן וועג, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט, און פרעג: ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז 10 יאָר נאָכן זיג איבער די נאַצישע באַרבאַרן, די היינטצייטיקע אינקוויזיטאָרן, וועט אָפּהילכן אין פּאַריז דאָס פאַרהאַסטע ליד „דויטשלאַנד איבער אַלעס״, וואָס די נאַצישע באַנדיטן האָבן געזונגען, פירנדיק אונזערע נאָענטע און טייערע צום טויט ?

איך דערמאָן זיך די וווינונג־דראַמעס, דאָס אריינקומען אין שטובן, וועלכע זענען באַזעצט געווען דורך פרעמדע; די שוועריקייטןביים צוריקבאַקומען די אַלטע דירות; און דאָך האָט מען אָנגעהויבן צוריק אויפבויען דאָס חרוב־געוואָרענע משפחה־לעבן.

דער איינציקער ענטפער איז — אונזער פאַרשטאַרקטע איינהייט קעגן דער דייטשער ווידערבאַוואָפענונג. דאָס געשריי פון די געליטענע דאַרף אָפּהילכן העכער, מעכטיקער ווי דער הימן פון די רוצחים.

*
* *

דעם 12טן יולי 1955

# די לעצטע רייזע מיט מיין מאַן און קינד

(פרוי רעגנבויגן פון „פלעצל״, אַ לעבן־געבליבענע
פון די אַבלאַוועס, דערציילט)

פרוי רעגנבויגן האָט זיך צופעליק אָפּגעראַטעוועט פון די אַבלאַוועס אויף יידן אין יולי 1942, און אָט וואָס זי דערציילט וועגן יענע טראַגישע טעג פאַר יידן אין פּאַריז:

„דער 16־טער יולי 1942 איז געווען דער אָנהייב פון מיין און אונזער אלעמענס חורבן. מיין פאַמיליע איז גראָד נישט געווען אין דער היים, ווען די בהלה האָט זיך אָנגעהויבן. מיר האָבן באַשלאָסן אַריבערצוכאַפּן זיך אין דער „פרייער זאָנע״. אַזוי האָט מען אונז געראַטן. אָבער עס רעדט זיך לייכטער, ווי עס טוט זיך.

מיר האָבן געזוכט אַן אַריבערפירער, און גראָד האָט מיין גאַטזעליקער מאַן געטראָפן אַ באַקאַנטן, און אים דערציילט וועגן אונזערע זאָרגן. זאָגט דער ייד: „איך האָב אַ גוטן „איבערפירער״. ער האָט שוין אַ סך יידן אַריבערגעבראַכט אויף „יענער זייט״. ער נעמט אינגאַנצן 20 טויזנט פראַנק האַנט־געלט, און די רעשט — נאָך דער נסיעה.״

האָבן מיר מיט פרייד אָנגענומען דעם פאָרשלאָג. מען האָט באַשטימט אַ ראַנדעוווּ מיטן „איבערפירער״ אויפן פּלאַס דאַנפער־ראָשעראָ, פון וואַנען ס'זענען אָפּגעפאָרן יעדן טאָג פול געפּאַקטע אויטאָקאַרן קיין פאָנטענבלאָ, און פון דאָרט, מיט דער באַן — אין דער „פרייער זאָנע״. אַזוי, יעדנפאַלס, האָט מען אונז איינגערעדט. צום באַדויערן אָבער זענען כמעט אַלע יידן אַרעסטירט און אָפּגעשיקט געוואָרן אין די טויט־לאַגערן פון דייטשלאַנד. און דאָס האָט פּאַסירט, מיט דער הילף פון פינצטערע פאַרשוינען, יודענראַטלער, וואָס האָבן געאַרבעט מיט דער געשטאַפּאָ.

— אַצינד — דערציילט פרוי רעגנבויגן — הייבט זיך אָן מיין גרויסע בראָך און אומגליק. מיר האָבן מיטגענומען אַלץ, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, חוץ די זאַכן, וואָס מען קען נישט מיטשלעפּן. דאָס איז געווען אַזוי גנביש צוגעגרייט, דאָס אַריבערפאָרן אין דער „פרייער זאָנע״.

מיר האָבן געכאַפּט אַ וואָגן און געפאָרן אויפן ראַנדעווו אויף פּלאַס דאַנפער־ראָשערא. דאָרט האָבן מיר טאַקע געזען די אויטאָקאַרן. זיי זענען געוואָרן אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. מיר האָבן קוים באַוויזן זיך אַריינצו־שטופּן אינעווייניק. מיין מאַן האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט: „אוי ווי איז מיר, דאָס איז דאָך נישט דער וועג קיין פאָנטענבלאָ״...

און אַזוי איז טאַקע געווען. פיל יידן האָבן זיך געפונען אין אויטאָקאַר, און ווער ווייסט וויפל אַזעלכע אויטאָקאַרן עס זענען אָפּגעפאָרן?... אפשר אַ צען מינוט זענען מיר אַזוי געפאָרן און — אָט געפינען מיר זיך פאַר אַ פּאָ־ליציי־קאָמיסאַריאַט. מען הייסט אונז אַראָפּגיין איינער נאָכן אַנדערן. די געוויינען און געשרייען זענען געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. איך האָב קוים באַוויזן אַ קוש צו טאָן מיין מאַן מיטן קינד, און דער אויטאָקאַר איז שוין אָפּגערייניקט, בלויז אַ קריסטן און איך זענען געבליבן.

— נאָר דאָ — פאַרברעכט זי די הענט — איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס איך פאַרשטיי נישט עד היום; ווייל אַראָפּגייענדיק די לעצטע, אָנ־שטאָט גיין מיטן פּאָליציאַנט, האָב איך זיך גאָר געפונען אויף דער צווייטער זייט פון אויטאָקאַר, און פּאַמעלעך בין איך ווייטער געגאַנגען, מיינע פיס האָבן מיך געטראָגן. כ׳בין געבליבן שטיין און געוואַרט, האָפנדיק, אַז מיין קינד און מאַן וועלן דאָך באַפרייט ווערן. ווער האָט זיך דען געקענט פאָר־שטעלן, אַז דאָס איז אונזער לעצטע רייזע?

כ׳האָב געוואַרט, ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן און אהיימגעקומען צו זיך, צווישן די עלנטע פיר ווענט. עס איז געווען ביי מיר אַ נערוון־צוזאַמענ־ברוך. כ׳בין צומאָרגנס אַליין אַוועק אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט און געבעטן מ׳זאָל מיך אויך אַוועקשיקן דאָרט, וווּ ס׳זענען מיין מאַן און מיין קינד. איך ווייס היינט נישט רעכט, פאַרוואָס זיי האָבן מיך געהייסן „אַהיימ־גיין און וואַרטן״...

— צוויי יאָר בין איך פאַרבליבן אין שטוב און געוואַרט.

איך קוק אָן דער פרוי — זי האָט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט די טראַ־געדיע, זי האָט אָבער צוגעגעבן:

— יידן וועלן היי־יאָר ווידער באַערן די קרבנות פון די אַלע אָבלאַ־וועס, ווען מיינע טייערסטע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן פון דאַנפער־ראָשערא.

**
*

דעם 9־טן פעברואַר, 1956

# איך דערמאָן זיך דעם זיג פון פאָלקס-פראָנט...

אין דער מאַראָקינערי־פאַבריק אויף רי דעז אַרשיוו, ביי די ברידער ה. זענען געווען באַשעפטיקט אַן ערך 50 מענטשן, צווישן זיי פיל וואַרשע־ווער בעלי־מלאכות, גוטע באַקאַנטע פון די פאַטראָנען, נאָך פון דער היים. אָבער די לוינען פון די אַרבעטער זענען געווען זייער בידעריקע. אַזוי איז געווען די לאַגע, ווען איך בין געקומען אַרבעטן אין דער פאַבריק נאָכן זיג פון פאָלקס־פראָנט. אויף וויפל איך דערמאָן זיך, בין איך געשיקט געוואָרן פון סינדיקאַט, כדי צו קומען צו אַ טאָלק אויפן געביט פון אָרגאַניזירן די אַטע־ליע. און אַזוי איז טאַקע געשען.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז גערופן געוואָרן אַ פאַבריק־פאַרזאַמ־לונג, אויף וועלכער עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן צוויי דעלעגאַטן, איי־נער פון די צוויי בין איך געווען, דער צווייטער — חבר אברהם וויינער, וואָס איז, ליידער, ווי אַ סך אַנדערע, נישט צוריקגעקומען פון דעפּאָר־טאַציע.

נאָכן אויסוויילן די דעלעגאַטן האָבן מיר סינדיקירט אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, און תיכף האָבן מיר אויסגעאַרבעט די פאָדערונגען פון אַ לוין־העכערונג, מיט אַ פּלאַטפאָרמע פון פאָלגנדיקע פּאַראַגראַפן, פון קאָ־לעקטיוון אָפּמאַך. די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט איז צוגעגאַנגען מער די־נאַמישער ווי ביז איצט. די פאָדערונגען זענען געווען:

1) אַ 40־שעהדיקע אַרבעט־וואָך, מיט שבת־רו, מיטן לוין פון 8 שעה.

2) אָפּשאַפן שטיק־אַרבעט און פאַסאָן־אַרבעט.

3) סאָציאַלע פאַרזיכערונג פון אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

4) צוויי וואָכן באַצאָלטע אָפּרו.

5) אַנערקענען די אויסגעוויילטע פאַבריק־דעלעגאַטן.

6) אַנערקענען די סינדיקאַלע רעכט.

אָט די אַלע געמעסיקטע און גערעכטע פונקטן זענען איינשטימיק אָנ־גענומען געוואָרן פון אַלע אַרבעטער, און צומאָרגנס, תיכף פאָרגעשטעלט געוואָרן די פאַטראָנען, וועלכע האָבן נישט געוואָלט בשום אופן אונטער־

שרייבן. אָבער מיר, דעלעגאַטן, האָבן אויפן אָרט גערופן אַ פאַרזאַמלונג און באַשלאָסן צו שטרייקן, מיטן הסכם פון סינדיקאַט.

דער שטרייק האָט אָנגעהאַלטן פינקטלעך אַ האַלבן טאָג, ד. ה. פון 9 אַזייגער אין דער פרי ביז מיטאָג. 12 אַזייגער האָבן אַלע פּאַטראָנען זיך אָנגעהויבן וואַקלען, איינזעענדיק, אַז די פאַבריק איז באַזעצט פון דעם פערסאָנאַל. זיי האָבן גענומען אונטערהאַנדלען און צום סוף אונטערגעשריבן דעם קאָלעקטיוון אָפּמאַך. 2 אַזייגער נאָכמיטאָג איז די אַרבעט צוריק אויפגענומען געוואָרן פונעם גאַנצן פּערסאָנאַל, אונטער די קלאַנגען פון „אינטערנאַציאָנאַל".

דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער זיג ביי אונז אין פאַך. ס'איז גענוג געווען, אַז איין אַטעליע זאָל אונטערשרייבן דעם קאָלעקטיוון אָפּמאַך, אַז אין אַנדערע אַטעליעס זאָל מען אויך באַלד אונטערשרייבן די קאָלעקטיווע אָפּמאַכן.

***

דעם 11־טן יולי 1956

# די מאַמע גיטעלע

(צו דער טרויער־צערעמאָניע פון 16־טן יולי ביים וועליד"היוו)

אין 11־טן אַראָנדיסמאַן פון פאַריז, ווו עס האָבן פאַר דער מלחמה געוווינט טויזנטער יידישע משפחות, האָט געלעבט אַ בכובדיקע יידישע פרוי — גיטעלע האָט מען זי גערופן.

קיין פאַריז איז גיטעלע געקומען פון פוילן, צוזאַמען מיט איר מאַן, צו אירע קינדער. באַלד אין אָנהייב האָט געטראָפן אַן אומגליק: איר מאַן איז דאָ, נישט־דאָ־געדאַכט, אָפּגעשטאָרבן. אין איר צער, האָט גיטעלע געפונען אַ טרייסט אין דער ליבע צו אירע קינדער.

און יאָרן זענען אַוועק...

די פאַמיליע איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן. עס זענען צוגעקומען אייניקלעך. קיין פרנסה האָט נישט געפעלט. גיטעלע האָט געהאַט אַ שם פון אַ גוטער נשמה אין איר געגנט, אויפן פאָבורג סענט־אַנטואַן. און מיטאַמאָל — די מלחמה. עס הייבט זיך אָן אַ שווערע צייט. אירע קינדער ווערן מאָבי־

ליזירט. עס קומט די אָקופּאַציע, דער עקזאָד אויף די וועגן פון פראַנקרייך, אונטער אַ האָגל פון באָמבעס און מאַשין־געווער.

יידישע משפחות פּרוּוון זיך ראַטעווען, אַנטלויפן אין דער „פרייער זאָנע". אָבער גיטעלע פאַרבלייבט מיט אירע קינדער אין פּאַריז.

— פאָרט אַוועק, מיינע טייערע — האָט זי צו זיי געזאָגט — פאָרט אַוועק פון די רוצחים. איך אַליין בין שוין צו אַלט צו לויפן.

אָבער די קינדער האָבן פון גאָרנישט געוואָלט הערן.

— אויב דו בלייבסט דאָ, מאַמעשי — האָבן זיי געזאָגט — בלייבן מיר מיט דיר.

פון דעמאָלט אָן האָט גיטעלע געלעבט אין כסדרדיקער שרעק פאַרן גורל פון אירע קינדער און אייניקלעך. די נאַצישע רעפּרעסיעס האָבן זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט. די מאַמע האָט געליטן און געוויינט. אין יוני 1942 האָט זי זיך שטיל אויסגעלאָשן. די קינדער האָבן באַגלייט זייער מו־טער צו איר אייביקער רו.

ס'איז געווען ערב די גרויסע אָבלאַוועס פון טרויעריק־באַרימטן 16־טן יולי. די געסטאַפּאַ־און ווישי־לייט זענען געקומען אין דער ווויּ־נונג פון דער מאַמע גיטעלע, אָבער זיי האָבן, צום גליק, קיינעם נישט גע־טראָפן. די קאָנסיערזשקע האָט זיי געזאָגט:

— איר זוכט די פרוי גיטעלע? זי איז אויפן בית־עולם אין פּאַנטען...

וויפל אַנדערע מאַמעס זענען אָבער אין יענעם 16־טן יולי פאַרשניטן געוואָרן און מען ווייסט צומאָל נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

***

דעם 20־טן סעפּטעמבער, 1956.

## א בלעטל זכרונות פון די אָקופּאַציע־יאָרן

(צום אָנדענק פון שמואליק בזשאָסקי)

געווען איז עס אינעם חודש אויגוסט 1941. מיין חבר שמואליק בזשאָס־קי און איך האָבן זיך צונויפגעמען מיט נאָך אַ חבר באַדאַרפט טרעפן אויף אַ באַשטימטן אָרט, אין שייכות מיט דער אונטערערדישער אַרבעט.

אַ פּינצטערע נאַכט איז עס געווען. ס'איז פּשוט אַן אימה געווען צו גיין אַזאַ מהלך, אַזש פון גאר מאָנפּאַרנאַס ביז גאַנץ אַרויף, רי אַבערקאַמף, ביי פּלאַס מענילמאָנטאַן. איך האָב דעם וועג, צוליב פאַרשידענע סיבות, געמוזט מאַכן דווקא צופוס, קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען.

געוויינלעך, ווען מען גייט פון גאר מאָנפּאַרנאַס, נעמט מען די רי דע רען, אָבער איך האָב געמוזט גיין דורך פאַרשידענע הינטערגעסלעך. דעם וועג האָט מען נישט געטאָרט גיין צו שנעל, אָבער אויך נישט צו פּאַמעלעך. און אַזוי שפּאַצירנדיק האַרט ביים לוקסעמבורגער גאָרטן, האָב איך על פּי צופאַל געטראָפן מיינס אַ רעגימענט־חבר, וועלכער איז געווען אַ באַאַמ־טער אין דער פּאָליצײ־פּרעפעקטור... ס'האָט גענומען ציטערן אויף מיר די הויט.

— אַ־לאַ! — רופט ער זיך אָפּ — אַ גליק, וואָס כ'האָב דיר געטראָפן.

— וואָס פאַראַ גליק?

— זיי נישט אַזוי צעטומלט — זאָגט ער — עס האַנדלט זיך אין אייך, יידן...

— קודם — ענטפער איך אים — בין איך נישט אַזוי צעטומלט, נאָר היינטיקע צייטן... אַ ייד, ווי איך, און אַ פּאַטריאָט דערצו, ליידט אַביסל...

— עס גרייט זיך אַ גרויסע „אַבלאַווע" קעגן אייך אַלעמען... כ'האָב זיך געקליבן דיר די טעג צו וויסן צו געבן, איז גוט, וואָס כ'האָב דיך גע־טראָפן, האָסטו מיר פאַרשפּאָרט אַ גאַנג, חוץ דעם וויל איך זאָלסט איבער־געבן די אַנדערע חברים, אַז איך וועל זיך אָפּהאַלטן אַ געוויסע צייט זיי צו טרעפן, ווייל מיר ווערן נאָכשפּיאָנירט...

נאָך דער „גוטער בשורה" האָב איך מיינע טריט פאַרשנעלערט, כאָטש איך האָב עס נישט געטאָרט, נאָר ס'איז שוין אַזאַ טבע אין אַזאַ פאַל. איך האָב געשפּאַנט מיט די הינטער־געסלעך און גאַסן, ביז איך האָב זיך ענדלעך דערשלאָגן צו דער רי אַבערקאַמף, גאַנץ אויבן, ביים פּלאַס מענילמאָנטאַן. מיין ליבער חבר שמולעק בזשאָסקי האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף מיין צוריקומען פון גאר מאָנפּאַרנאַס.

— נו — זאָגט שמולעק בזשאָסקי — האָסט אויסגעפירט די שליחות? וואָס איז מיט דיר? זעסט אויס אַביסל דערשראָקן.

— ס'איז סכנות נפשות — זאָג איך אים — פאַר אַלע יידן אין פאַ־

ריז. מיינער אַ געוועזענער רעגימענט־חבר, אַ באַאַמטער אין דער פּאָליציי־פּרעפעקטור, האָט מיר איבערגעגעבן... און איך גיב צו:

— עס בלייבט נאָך איבער אַ קאַרגע שעה ביזן „פּאַרבאַטענעם גאַסן־פּאַרקער", אָבער מיר קענען עפּעס אויפטאָן. ס'איז נאָך מעגלעך צו אַלאַר־מיר אַ היפּשע צאָל יידן פון 11־טן און פון 3־טן אַראַנדיסמאַן.

יעדער פון אונז איז גלייך אַוועק צו די חברים, זיי זאָלן צעשיקן שלי־חים. מיר האָבן זיך צעשיידט, פול מיט בטחון אין אונזער שליחות.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט צומאָרגנס, נאָך אַ נאַכט פון שווערע קאָש־מאַרן. ס'האָט זיך מיר געחלומט, אַז כ'בין אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ. מיטן גאַנצן כוח, האָב איך אויפגעפראַלט די לאָדנס, און טרויעריק איז געווען דאָס בילד, וואָס כ'האָב געזען. דאָס איז געווען אין 11־טן אַראַנדיסמאַן. די גאַנצע גאַס רי ד'אַנגולעם — היינט: רי זשאַן פּיער טעמבאָ — איז געווען אָפּגעשלאָסן. אַ ייד, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען דעם בולוואַר די טאַמפּל, אַריין אין 11־טן אַראַנדיסמאַן, נאָך אַ ליטער מילך פאַרן קינד, איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער ווישי־פּאָליציי און ברו־טאַל אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין פּאָליציי־וואָגן.

איך בין שנעל אַראָפּ אין גאַס, אָבער מיין קאָנסיערזשקע האָט מיך פאַרהאַלטן, זאָגנדיק, אַז ס'איז אַ סכנה אַרויסצוגיין.

— אויף מיין פּנים איז דאָך נישט אָנגעשריבן, אַז כ'בין אַ ייד — זאָג איך איר, און בין אַרויס פון טויער. ס'האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז דעם 3־טן אַראַנדיסמאַן האָט די פּאָליציי נישט אַרומגערינגלט, נאָר בלויז דעם 11־טן. אַזוי אַז ס'איז מיר אוממעגלעך געווען זיך צו זען מיט מיין חבר שמולעק בזשאָסקי.

איך האָב תיכף געשיקט אַ שליח, נישט קיין ייד, צו מיין חבר, אָבער ער איז באַלד צוריקגעקומען און דערציילט, אַז — לײדער, מען האָט אים שוין אַוועקגענומען. איך בין אַ צעבראָכענער צוריקגעגאַנגען צו מיין הויז, און דאָ האָב איך געהאַט אַ נייעם סיורפּריז — מיין פרוי, וועלכע איז אַ לאַנ־גע צייט נישט געווען אין שטוב, צוזאַמען מיט די קינדער, איז פּלוצים אַהיימגעקומען. די זשאַנדאַרמען פונעם שטעטעלע, ווו זי איז געווען עוואַ־קואירט, האָבן איר צוויסן געגעבן, אַז אַלע יידן וועלן מוזן זיך צוריקקערן אַהיים. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז יידן האָבן זיך צו ריכטן אויף רעפרע־

סיעס, וועלכע האָבן זיך, ליידער באַשטעטיקט, נאָך ערגער, ווי מ׳האָט זיך פאַרגעשטעלט.

איך האָב שוין מער נישט באַוויזן זיך צו זען מיט מיין ליבן חבר שמולעק בזשאָסקי, וואָרום ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן גלייך קיין דראַנסי. דאָרט האָט מען אים געצוווּנגען איינצוריכטן אַ צאָן־טעכנישן הייל־קאַבי־נעט. אָבער די נייעס בין איך געווויר געוואָרן שוין זייענדיק אין דער „פרייער זאָנע״, ווּהין איך בין איבערגעשיקט געוואָרן, וואָרום אין פּאַריז האָב איך שוין מער נישט געקענט פאַרבלייבן, ווייל איך בין געזוכט געוואָרן. אַזוי אַרום האָב איך זיך אַרויסגעגליטשט פון זייערע פאַרבלוטיק־טע לאַפּעס.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז אונזער טייע־רער חבר שמולעק בזשאָסקי איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען ער איז מער נישט צוריקגעקומען.

שמולעק בזשאָסקי איז געווען אַן איידעלע נשמה, און אַ געטרייער חבר פאַר יעדן איינעם. זיין פרוי און טאָכטער באַוויינען אים נאָך ביזן היינטיקן טאָג. ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ הויכע אידייע פון מסירת נפש און נאָבלקייט.

כבוד זיין אָנדענק!

**
*

דעם 15־טן יול 1959.

## זשאַק ראָטשטיין — איינער פון די 30 טויזנט

לאַנגע יאָרן זענען שוין אַוועק זינט דער גרויזאַמער שחיטה פון 16־טן יולי 1942. פּאַריזער יידן וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענע בלוטיקע טעג, ווען אונזערע קרובים, פריינט, יונג און אַלט, זענען אַריינגעשליידערט געוואָרן דורך די נאַצישע תלינים, מיט דער הילף פון דער ווישי־פּאָליציי, אין וועלאָדראָם ד׳היווער, פון וואַנען מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין אויש־וויץ.

אין יענע טעג איז פון אונז אַוועקגעריסן געוואָרן, צוזאַמען מיט אַזוי פיל נאָענטע, טייערע מענטשן, דער האַרציקער חבר און מוטיקער אַנטיפאַ־

שיסטישער קעמפער זשאַק ראָטשטיין. איך האָב זיך באַקענט מיט אים אין בריסל אין יאָר 1920 אויף אַ ווערביר־פאַרזאַמלונג פונעם מאַראָקינערי־סינדיקאַט. די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז גערופן געוואָרן ספּעציעל פאַר די גאַרוואַס צוגערייזטע וואַרשעווער בעלי־מלאכות. זשאַק ראָטשטיין האָט זיך דעמאָלט פאַרשריבן צום וואָרט און די אָנוועזנדיקע האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אַ הויך־באַוווסטזיניקן מענטשן, אַ קעמפער. זייט יענעם טאָג זענען מיר געוואָרן נאָענטע חברים. ווען כ׳בין אָפּגעפאָרן קיין פאַריז, האָט ער מיר געזאָגט:

„כ׳האָב צו דיר אַ בקשה. אַזוי ווי פאַריז איז אַ ברייט „אַרבעט־פעלד", וואָלט איך געוואָלט זאָלסט מיר העלפן אַריבערקומען".

אינגיכן איז טאַקע זשאַק ראָטשטיין געקומען קיין פאַריז. ער איז דאָ באַלד טעטיק געוואָרן אין די סינדיקאַטן, איז געווען שטאַרק באַליבט אין זיין סביבה.

מיט זיין אָוועקגעריסן ווערן, האָט די יידישע פּראָגרעסיווע באַוועגונג אין דער געגנט פון ווענסען פאַרלוירן איינעם פון די בעסטע חברים. ער האָט איבערגעלאָזן אַ פרוי מיט צוויי קינדערלעך. מען האָט לאַנג נישט געוווּסט וואָס מיט אים איז געשען. ביז עס איז איינמאָל געקומען צו רע־גינע ראָטשטיין אַן אייזנבאַנער מיט אַ בריוועלע. איך האָב דאָס ברוווילע געהאַלטן ווי אַ רעליקוויע אין דער האַנט.

„ליבע, האַרציקע רעגינע — האָט ער דאָרט געשריבן — איך ווייס נישט צי מיינע פאַר ווערטער וועלן צו דיר דערגיין, וואָרעם איך שיק עס איבער צו אייך דורך אַ שפּאַרע פון דעם פאַרפּלאָמבירטן וואַגאָן. וווהין מען פירט אונז, ווייסן מיר נישט. און דאָך בין איך מונטער און ביים פולן באַ־וווסטזיין פון אונזערע גליקלעך איבערגעלעבטע שעהן. איך באַדויער גאָר־נישט, וואָס איך האָב געטאָן אין מיין וויכטיקע טעטיקייט.

„איך שטעל זיך פאָר, ווי פיינלעך עס מוז זיין פאַר אייך צו זיין אָפּ־געריסן פון מיר. פאַרבלייב פונקט ווי פריער, פול מיט מוט און טרייסט די קינדער, דערמאָן פאַר וואָס פאַר אַ טייערער און איידעלער זאַך זייער פאָ־טער האָט זיין גאַנץ לעבן געקעמפט. זייט זיכער אינעם זיג פון יושר און אמת, אינעם סאָציאַליזם. אייער קיינמאָל נישט פאַרגעסענער פאָטער זשאַק".

„פּ. ס. פאַרגעס נישט צו געזעגענען אַלע חברים און זאָג זיי, — זעצט פאָר דעם קאַמף מיט דער זיכערקייט, אַז עס וועט קומען דער טאָג פון

פרייהייט און ברידערלעכקייט אויף דער גאַנצער וועלט, ווו מיר יידן, וועלן זיין די זעלבע מחותנים ווי אַלע אַנדערע מענטשן. דאָס אַלץ וועט קומען אַ דאַנק דעם ראַטנפאַרבאַנד און זיין ווונדערבאַרע אַרמיי. יאַקוב".

בעת מיין לעצטן צוזאַמענטרעף מיט זשאַקן, אויפן פּלאַס רעפּובליק, איז ער געווען באַגלייט פון זיין זון. אונזער שמועס האָט לאַנג נישט גע־דויערט. עד היום זענען מיר אָבער פאַרבליבן אין זכרון זיינע ווערטער:

„כאָטש דער קאַמף וועט זיין אַ שווערער, אַ בלוטיקער, קענען מיר אָבער זיין זיכער, אַז דער נאַציזם, דער פאַשיזם, וועט באַזיגט ווערן".

טייערער זשאַק, האָסט די באַפרייאונג, צו וועלכער דו האָסט אַזויפיל בייגעשטייערט, נישט דערלעבט. אָבער דיינע האָפענונגען, דיין גלובן אין דער צוקונפט, באַהויכן אונז נאָך היינט אין אונזער קאַמף קעגן פאַשיזם. קעגן רעוואַנזש פון די נאַצישע מערדער.

***

דעם 4־טן אויגוסט 1960.

## פון דער רעזיסטאַנס

דינסטיק דעם 12־טן יולי פאַרנאַכט, ווען מיר זענען געשטאַנען מיט פּיעטעט פאַר דער צעשטערטער געביידע פון וועל' ד'היווער און דערמאָנט דעם אָנדענק פון די 30 טויזנט יידישע מאַרטירער, האָט מיין בליק געוואַנ־דערט איבערן גרויסן עולם, און זיך פלוצים אָפּגעשטעלט אויף אַ מענטשן, וואָס איז געווען פאַרטיפט אין אייגענע רעיונות. אין זיינע אויגן האָט גע־פינקלט אַ טרער.

אינסטינקטיוו האָט מיך געצויגן צום דאָזיקן מענטשן. ווען איך האָב זיך צו אים דערנענטערט, האָב איך מיט שטוינונג דערקענט דעם פאָטער פון מיינעם אַ רעקרוטירטן יונגן ווידערשטענדלער, וואָס האָט זיך אויס־געצייכנט אין די רייען פון די „פראַן־טירער".

געווען איז עס אין גרענאָבל, אין מערץ 1943. אַלס פאַראַנטוואָרטלע־כער פאַר דער אומלעגאַלער סינדיקאַלער באַוועגונג, איז דעמאָלט מיין אויפגאַבע געווען אָפּצורייניקן דאָס פעלד פון די „ווילדע געוויקסן". דערצו

איז געווען בייטיק צו רעקרוטירן וואָס מער קעמפער. און ווי ווייט מעגלעך, מיט אַ פּאָליטישן באַגאַזש. עס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך, כאָטש דאָס לעבן אין גרענאָבל, אָקופּירט דורך די איטאַליענער, איז געווען אַ ביסל לייכטער ווי אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד.

לאַנג האָט אָבער די אידיליע נישט געדויערט. די יידן האָבן באַלד אָנגעהויבן פילן די מורא פאַרן פאַשיזם, וואָס האָט דאָ אויך ברוטאַל געבאַלעבאָטעוועט. די רעקרוטירונג־אַקציע איז דאַך געווען פיל לייכטער. דעמאָלט בין איך טאַקע געקומען אין קאָנטאַקט מיטן פריינט, וואָס איך האָב דאָ פּלוצים דערקענט צווישן עולם ביים וועל׳ ד׳היוו.

ער האָט געהאַט א זון פון 18 יאָר, וואָס האָט זיך געריסן אַריינצוטרעטן אין אַקטיוון קאַמף. איך האָב אים אין אַ געוויסן טאָג געטראָפן ביי דער קירכע, אויסערן שטאָט. ער האָט מיר גלייך, מיט אַ ציטער אין דער שטים דערציילט, אַז זיין מאַמע און שוועסטער זענען אַרעסטירט געוואָרן.

— איך וויל זיך נוקם זיין — האָט ער געזאָגט — איך וויל קעמפן מיט געווער אין האַנט...

פון דעם טאָג אָן איז ער געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן, אויסגעצייכנט זיך העלדיש און אומדערשראָקן. די מאַמע און שוועסטער זיינע זענען מער נישט צוריקגעקומען, אויך דער יוגנטלעכער גי לאַנדאָוויעץ, איז אַרעסטירט געוואָרן אין ליאָן און דערשאָסן אין מערץ 1944.

האָט געבלוטיקט מיין האַרץ, זעענדיק דעם עלנטן פאָטער זיינעם, און די טרער האָט פאַרווייכט זיין טרויעריק געזיכט.

**
*

דעם 25־טן אויגוסט, 1960.

## פון די העראָישע יאָרן

גלייכצייטיק מיטן באַפרייען פּאַריז פון נאַצישן הענקער, איז אויך באַפרייט געוואָרן די שטאָט גרענאָבל. וויל איך דערמאָנען עטלעכע מאָמענטן פון יענע העראָישע טעג:

געווען איז עס אין אַ נאָכמיטאָג. אונזער חברטע יוכבד בורשטין, וואָס האָט זיך אין די ווידערשטאַנד־יאָרן גערופן „מאַרי״, איז צו מיר אַרויפגעגעקומען אויף רי שאַרל. זי האָט מיטגעבראַכט אַ שאַכטל מיט „ליטעראַטור״ פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. עס איז גראָד אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי מיר אַ וויכטיקע זיצונג, מיטן אנטייל פון די חברים זשאַ און וואָלף. מיר האָבן גיך פאַרענדיקט די זיצונג און איך האָב מיט פרייד אויפגענומען חברטע „מאַרי״, ווייל איך האָב זי נישט געזען זייט דעם יאָר 1941. דעם דאָזיקן צוזאַמענטרעף ביי מיר אין שטוב האָבן מיר געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם אומפאַרגעסלעכן חבר מישעל וויגדאָראָוויטש, וועלכער איז שפּעטער געפאַלן.

מיין ערשטע פראַגע איז געווען:

— זאָג מיר, ווי האָסטו באַוויזן אַהער צו ברענגען אַזויפיל אומלעגאַלע ״ליטעראַטור״?

דערויף האָט זי מיר געענטפערט:

— דאָס איז אַ דאַנק אַ חבר, וואָס האָט מיר געמאַכט אָט דעם לעדערנעם בייטל. דאָס איז אַ בייטל מיט אַ טאָפּלטן דעק.

האָב איך איר דערקלערט, אַז דער דערפינדער דערפון בין איך אַליין.

אַ דאַנק טאַקע דעם אויפטו פון „טאָפּלטן בוידעם״ אינעם בייטל, האָט מען געקענט איבערטראָגן די פלי־בלעטלעך, צייטונגען, צו דערמוטיקן די מענטשן, אַז דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג ווערט ווייטער געפירט.

יעדעס יאָר, אין יאָרטאָג פון דער באַפרייאונג פונעם נאַצישן שטיוול, פון די ווישי־לייט, דערמאָנען מיר יענע הערויִשע טעג, און מיר מערקן אָפּ מיט פיעטעט יענע אומבאַקאַנטע, מוטיקע, שטילע העלדן.

זאָלן די צוקונפטיקע דורות פאַרגעדענקען דעם אָנטייל פון יידן אין פראַנקרייך אינעם קאַמף קעגן באַרבאַריזם. צוזאַמען מיט אַלע פראַנצויזישע פּאַטריאָטן, דעמאָקראַטן, האָבן מיר געקעמפט פאַר אַ וועלט, אין וועלכער די מענטשן וועלן לעבן זיכער און אין פריינטשאַפט. לאָמיר טריי בלייבן אָט דעם אידעאַל!

⁂

דעם 30־טן אויגוסט, 1961

## יידןביים בלויען ברעג זענען וואַכזאַם

פון אַלע עקן וועלט קומט מען געניסן פון מילדן, וואַרעמען קלימאַט אויפן „בלויען ברעג", דעם „קאָט ד'אַזיר", ווו רעגן און קילער וועטער איז אַ זעלטענע דערשיינונג. היי־יאָר האָט די צאָל דייטשן געשלאָגן דעם רעקאָרד, ספּעציעל אין דער שטאָט קאַן.

האָבן זיך 5 פון זיי באַזעצט אין „ראָיאַל קאָפּע", אויף דער „קרואַזעט", פּונקט אַנטקעגן דער פּליאַזשע, וועלכע איז קאָמפּאַקט באַזעצט פון יידישער יוגנט, געקומען פון אַלע עקן לאַנד און פון אויסלאַנד. די 5 דייטשע הפקר־יונגען האָבן נישט געקענט צוזען ווי די יידישע יוגנט פאַר־ברענגט און אַמוזירט זיך; ווי יידישע בחורים און מיידלעך, אין „ביקיניס", שפּאַצירן אויף דער פּליאַזשע. זיי האָבן זיך אָנגעטרונקען, די דייטשן, מיט ביר, קאָניאַק און זיך אָנגעהויבן חנדלען צו די יידישע מיידלעך. די יידישע מיידלעך האָבן זיך מיט עקל אָפּגערוקט פון די נעכטיקע דייטשע הענקערס. האָט עס זיי פאַרדראָסן, די דייטשן, און זיי זענען אַרויס מיט זייער אַנטי־סעמיטישן גיפט. נישט געקוקט דערויף, וואָס די יונגע בחורים זענען גע־ווען זייער פאַרטאָן אין באַל־שפּילן, זענען זיי אָבער זייער פילבאַר און וואַכ־זאַם אויף אַנטיסעמיטישע אויסברוכן. האָבן זיי זיך, די יידישע בחורים, פאַרזאַמלט אַרום דער באַנדע דייטשע אַנטיסעמיטן, און זיי אָנגעלערנט, אַז אויף להבא, זאָלן זיי נישט וואָגן זיך צורירן צו יידישע פרידלעכע קינ־דער, מיט זייערע שמוציקע לאַפּעס.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף די עלטערע יידן, און איינער פון זיי האָט געזאָגט:

— אַ שאָד, וואָס איך בין נישט געווען ביי דעם אינצידענט. איך וואָלט שוין מיט זיי געלערנט אַ פּרשה בלק!...

די אַנדערע יידן האָבן אים באַרואיקט:

— מען האָט אונז געלערנט שטיין אויף דער וואַך פאַרן כבוד פון אונזערע ברידער, צוזאַמען מיטן גאַנצן פּראָגרעסיוון פראַנצויזישן פאָלק, אינאיינעם קעמפן פאַר שלום און דעמאָקראַטיע.

אַחוץ דעם ברוטאַלן אַרויסטריט פון די דייטשן, האָבן מיר אויך גע־

האָט צו פאַרצייכענען אַ קלענערן אינצידענט אויף דער פּליאַזשע פון דער „קרואַזעט". דאָס איז געשען אין דער ערשטער העלפט פון חודש אויגוסט. אַ בעלגישער אַנטיסעמיט, וואָס איז אוודאי אַרויסגעטריבן געוואָרן פון קאָנגאָ, האָט זיך דערלויבט צו באַליידיקן אַ יידישן צייטונגס־פאַרקויפער. דער מענטש האָט אויף אַ העפלעכן אופן געפאָדערט פון בעלגישן כוליגאַן ער זאָל צוריקציען זיינע ווערטער. דער ראַסיסט האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

— אויב אַזוי — זאָגט דער יידישער בחור — וועל איך דיר געבן אין די הענט אַריין אַ צאָן פון דיין פּיסק...

דעם דאָזיקן צוזאָג האָט ער געטריי אויסגעפילט...

אין ביידע פאַלן האָט די פּאָליציי נישט באַדאַרפט זיך אַריינמישן, ווייל אויך די נישט־יידישע פּליאַזשעניקעס זענען געווען אויפגעבראַכט קעגן די חוצפּהדיקע אַנטיסעמיטן, די דייטשן. זיי זענען פאַרשוווּנדן נאָך איידער די פּאָליציי איז אָנגעקומען.

יידן און נישט־יידן האָבן מיט עקל גערעדט וועגן די כוליגאַנעס, וועלכע זענען געקומען שטערן פרידלעכע מענטשן צו געניסן אַביסל רו ביי די בלויע ברעגן פון מיטללענדישן ים.

***

דעם 29־טן יאַנואַר, 1962

## אַ באַזוך אין אַדענאוערס מדינה

צוריק מיט אַ קורצער צייט איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן, נאָך עטלעכע און פערציק יאָר, ס'לאַנד, פון וואַנען ס'איז געקומען דער גרויסער אומגליק אויפן יידישן פאָלק. איך האָב באַזוכט מערב־דייטשלאַנד, אַדענאוערס מדינה.

ווי עס זאָגט זיך: „אַ גאַסט אויף אַ ווייל, זעט אויף אַ מייל". עס האָט זיך גאַרנישט געענדערט אין דער דאָזיקער מדינה. איין זאַך וואַרפט זיך זייער שטאַרק אין די אויגן און מען פילט עס אויף טריט און שריט: דייטשלאַנד איז כמעט „יודן־ריין".

אַ דייטש האָט זיך פאַרקלאָגט פאַר מיר: „יאָ, נאָך פיל הייזער זע־נען קאַפּוט". דערויף האָט ער באַקומען אַן ענטפער: „הייזער קען מען צו־ריק אויפבויען, אָבער אומשולדיקע אומגעבראַכטע מענטשן קען מען צוריק שוין לעבעדיק נישט מאַכן"...

הערנדיק דאָס, האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ: „יאָ וואָל! זי האָבן רעכט. די היטלער־באַנדע האָט פיל שלעכטס געטאָן"... כאָטש אָנגעטראָפן אַ דייטש, וואָס אַנערקענט די שולד פון דער היטלער־באַנדע. יאָ, איר פילט דאָס פעלן פון יידן, איבערהויפּט פאַר אַזאַ ווי איך, וואָס האָב אַמאָל געהאַט פיל באַקאַנטע אין דער געגנט. אין אַזאַ שטאָט ווי קעלן וווינען היינט אַרום און אַרום אַ טויזנט יידן. בלויז די שיינע געביידע פון דער שול אין קעלן זאָגט עדות אויף דעם, אַז אַמאָל איז דאָ געווען אַ גרויסער יידישער ישוב.

אין דער באַנער מדינה איז פּראָספּעריטעט. מען דערקענט גאַרנישט, אַז דאָס איז אַ באַזיגט לאַנד. די געשעפטן זענען אָנגעפּאַקט מיט כל טוב.

טראָץ דעם, וואָס די רעגירונג באַמיט זיך שטאַרק, דורך דער פּרעסע, קינאָ, טעלעוויזיע, צו פאַרטושן די מוחות, צו מאַכן פאַרגעסן דעם שוידער־לעכן נעכטן, וואָס די דייטשן אין היטלערס צייטן האָבן אָנגעוואָרפן אויף איראָפּע, קען מען זיך אָנטרעפן אויף פאַלן, וואָס באַווייזן, אַז די מאַסע קען מען נישט אַזוי לייכט פאַרטעמפּן.

אָט שטייען קריגס־אינוואַלידן און זינגען לידער, אויף דער גאַס, באַגלייט מיט מוזיק. אַ זאַך, וואָס איז נישט דערלויבט דורך דער פּאָליציי. אָבער בוי־אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט דערביי, וואַכן, אַז די פּאָ־ליציי זאָל זיי נישט טשעפּען. אין אַ לאַנד, וואָס איז פאַרגיפטעט דורכן היטלעריזם, וואַרפט זיך אַזאַ זאַך אין די אויגן.

***

דעם 27־טן אויגוסט, 1962

## „ביים בלויען ברעג"

אַ סך אינטערעסאַנטע געשעענישן זענען פאָרגעקומען אין חודש יולי 1962 ביים בלויען ברעג. אַזוי האָבן מיר געהאַט אַ שיינע קונסט־דעמאָנ־

סטראַציע פונעם גרויסן קינסטלער פּאַבלאָ פּיקאַסאָ. זיינס אַן אויסשטע־לונג פון צייכענונגען אין דער גאַלעריע „מאַדיראַ" פון קאַן, האָט אַרויס־גערופן ענטוזיאַזם און אַנטציקונג פון דער פּרעסע און פון די באַזוכער פון דער שטאָט קאַן, ווי פון גאַנצן „בלויען ברעג". ליבהאָבער פון קונסט זענען געקומען באַוווּנדערן די געניאַלע צייכענונג פון פּיקאַסאָ, און דעם קינסטלער גופא. אָבער פּיקאַסאָ האָט זיך נישט באַוויזן. דערפאַר אָבער איז פּיקאַסאָ געקומען צום ווערניסאַזש פון די אַקוואַרעלן פון זיין אינטימען פריינט פּיניאָן, וואָס איז פאַרגעקומען צומאָרגנס אין דער גאַלעריע „קאַ־וואַלעראַ" אין קאַן. „צי האָב איך דען געקענט נישט קומען צו דער אַקוואַ־רעלן־אויסשטעלונג פון פריינט פּיניאָן?" — האָט געזאָגט פּאַבלאָ פּיקאַסאָ ביים אָנקומען.

אויסער דער גרויסער קונסט־דעמאָנסטראַציע פון די צוויי אויס־שטעלונגען, האָבן מיר געהאַט נאָך אַ זכות פאַרן גרויסן פּיקאַסאָ. נעמלעך, די שטאָט קאַן האָט באַשטעלט פינף טויזנט אַפּישן־ליטאָגראַפיעס ביים קינסטלער, כדי זיי צו פאַרשפּרייטן אויף דער גאַרער וועלט. דער דאָ־זיקער אַפּיש איז געוואָרן געפּרייזט אויפן אינטערנאַציאָנאַלן אַפּישן־קאָנ־קורס פון ליוואָרנאָ אין טאָסקאַן (איטאַליע), וואָס איז פאָרגעקומען שבת דער 28־טן יולי. דעם זעלבן טאָג איז פּיקאַסאָ באַשאָנקען געוואָרן מיטן ערן־דיפּלאָם און ערשטן פּרייז „אַרצאַנדאַ".

אַ חוץ קונסט, דאַרף אויך עפּעס געזאָגט ווערן וועגן ליטעראַטור, אין דאָס האָט טאַקע געטאָן די צייטונג „לע פּאַטריאָט" פון ניס, וואָס ווערט פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן „בלויען ברעג". אָט וואָס עס שרייבט די מיט־אַרבעטערין פון „פּאַטריאָט", קלער שאַרל־זשעניאַ וועגן נאָר וואָס דער־שינענעם בוך „זשע ווי וויוור לאַ פּראָוואַנס" (איך האָב געזוכן לעבן די פּראָוואַנס), פון אַרמאַן לינעל:

„דאָס דאָזיקע בוך פון דעם מחבר אַרמאַן לינעל, גיט אונז אַן אוי־טענטיש בילד פון דער פּראָוואַנס, אויף אַ באַלזאַקישן פאַרנעם. און צי איז דאָס נישט צו פאַרשטיין? דער מחבר פונעם בוך איז אַליין אַן אָפּשטאַ־מיקער פון עקס־אַן־פּראָוואַנס, אַזוי ווי זיין חבר און פריינט דאַריוס מילהאָ, דער קאָמפּאָזיטאָר, ביידע פון לאַנגע דורות פון יידישן שטאַם, פון נאָך דער דער פאַר־קריסטלעכער ערע".

מיר ווייסן אויך, אַז אַרמאַן לינעל, דער שרייבער פון אויבנדערמאָנטן בוך, איז אַ וויטער קרוב פון דעם גרויסן רב און פּאָעט זשאַקאָב דע לינעל, פון קאַרפּאַנטראַס, נאָך פון 18־טן יאָרהונדערט. און קלער שאַרל־זשעניאַ ענדיקט מיט די ווערטער:

„דאָס האָבן אונזערע בערג און טאָלן געשמידט אַזעלכע גייסטער".

קאָן, 8־טער אויגוסט, 1962



# אַ נסיעה אין מדינת ישראל

נאָך אַ 4־שעהדיקע רייזע מיט אַן „אל על״־אַעראָפּלאַן פון פּאַריזער אַעראָדראָם אָרלי, זענען מיר בשלום אָנגעקומען קיין לוד; אָבער ביז צום וווינאָרט אויפן כרמל, ביים גן־האם אין חיפה, האָט די נסיעה גענומען — 6 שעה.

דאָס איז געווען אין סאַמע ברען פון וואַקאַציע־צייט, אין חודש יולי 1971. ווען מען קומט אין אַ פרעמד לאַנד, דאַרף מען אַדורכגיין דעם צאָל־אַמט (דואַן), פאַרשידענע מינים קאָנטראָלעס; בפרט אין ישראל, וווּ מען איז זייער פאָרזיכטיק, צוליב די טרויעריקע דערפאַרונגען מיט טעראָ־ריסטן, וועלכע צילן צו מאָרדן, אויפצורייסן און צו פאַרכאַפּן ערובניקעס...

ווען מיר זענען בשלום אָנגעקומען אין דער וווינונג, וואָס איז באַ־שטימט פאַר אונז אין מלון גן־האם, אויף שדרות הנשיא, אויפן כרמל, האָבן מיר דערזען אַן אויסערגעוויינלעכע פּאַנאָראַמע, אין ליכט פון בין השמשות. איבערן גאַנצן אַרום, שטייענדיק אויף דער וועראַנדע, האָבן מיר געזען דעם הויכן „מלון־דן״, די העכסטע געביידע פון הר הכרמל. פון דער לינקער זייט — אַ מאַיעסטעטישע בית הכנסת, נישט לאַנג אויפגעבויט. אין צענטער — אַ שיינער פּאַרק, וואָס רופט זיך טאַקע גן־האם. דאָ זענען פאַראַן פאַרשידענע אַטראַקציעס. דער פּאַרק איז אַרומגערינגלט מיט הויכע נאָדל־ביימער, אין אַ ים פון גרינס. מיר האָבן געהאַט דעם איינדרוק צו געפינען זיך זיך אין דער שווייץ.

הויכע בערג, טיפע טאָלן, וואָס ציען זיך ביזן ים. מיט אַ לאָרנעטע קען מען זען דעם גאַנצן איינגוס פון מפרץ חיפה, דער איינגוס, וווּ עס קומען אָנקערן שיפן פון דער גאַנצער וועלט. מען פילט אין דעם אַרום דאָס אוראַלטע, דאָס קדמונישע פון אומפאַרגעסלעכע צייטן, ווען דאָס

פאָלק אין ארץ ישראל איז געזעסן אונטער די ווײַנשטאָקן און פײַגנביימער פון זײַער היימלאַנד.

אַט דערהערן מיר פלוצים האַרמאָנישע טענער פון אַ חזן, וואָס זאָגן אָן אַז עס איז שבת קודש אין ישראל. האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צו קבלת שבת. מיר זענען אַרײַן אין בית־הכנסת — אַ וווּנדערלעכער אַרכיטעקטאָנישער סטיל. דער פונדאַמענט געפינט זיך אין די טיפֿערע טאָלן פון הר הכרמל. מען מוז אַראָפּגיין אומצאָליקע טרעפּן, ביז צום יסוד פון דעם היכל. דאָרט געפינט זיך אַלץ, וואָס קהל דאַרף האָבן: אַ חתונה־זאַל, אַ תלמוד־תורה, אפילו אַ כשרע מקווה. אַזוי גרויס איז דער היכל.

בעתן מקבל שבת זײַן האָבן מיר געזען, אַז עס זענען אַרײַנגעפירט געוואָרן אַ סך נײַקייטן אין דאַווענען. די מתפללים באַשטייען פון יונג און אַלט, מען וווּנדערט זיך גאָרנישט צו זען יונגע מענטשן קומען צום דאַווע־נען. אין פּאַריז, למשל, זעט מען עס זעלטן. דאָס דאַווענען ביי זיי איז באַטעמט. עס שטייט פאַרן עמוד אַ יונגער שליח־ציבור. ער פירט אויס אָנגענעמע מעלאָדיע־וואַריאַציעס מיט זײַן טענאָר־שטימע.

דער נוסח אין דעם בית הכנסת איז, הייסט עס, אַ ספּעציפיש ישראל־דיקער. מיר ווייסן, אַז די ספרדישע יידן האָבן פיל בתי כנסיות איבערן גאַנצן לאַנד. אָבער מען גאַפּט פשוט, ווען מען זעט אין אַ פּריוואַט־צונאַכט חסידים אָנגעטאָן אין זײַדענע קאַפּאָטעס, אין שטריימלען אויף די קעפּ.

פון דער אַנדערער זײַט זעט מען אין אַ פּריוואַט אָונט די קאַפע־הײַ־זער, די טעראַסן, באַזעצט פון אַ יונגן פריילעכן עולם. מען עסט, מען טרינקט און מען לאָזט זיך ווױלגיין. דאָס איז זייער אופן פון פייערן שבת. (זאָל עס זיי אויך ווויל באַקומען).

אַזאַ איז געווען דאָס בילד פון ערשטן שבת, ווען מיר זענען אָנגע־קומען אין מדינת ישראל און האָבן זיך געלאָזט גיין איבער די גאַסן פון חיפה, איבער די הויכקייטן פון כרמל־באַרג.

צו מײַן פרייד, ווי אויך פון מײַן פרוי, איז גאָרנישט געווען קיין שיעור. אַזאַ נחת האָבן מיר דערלעבט אין אונזער אייגענעם לאַנד, אין אָפּגעציטערטן מדינת ישראל, טײַער פאַר יעדן ייד.

# אין א תל אביבער אויטאָבוס

א ייד, אַ טוריסט, וואָס פאַרברענגט קנאַפּע צוויי חדשים אין ישראל, פילט ער זיך שוין כמעט ווי אַ וותיק, אַן אַלטער תושב, ווי ביי זיך אין דער היים. פאַרוואָס נישט? צי זענען מיר נישט פון דעם זעלבן טייג געקנעטן ווי די ישראלים? מיר פילן זיך — ביי זיך.

פאָרט ער מיט זיין אשת חיל מיטן אויטאָבוס 62 פון פּתח תקוה, צום ים, קיין תל אביב, סך הכל אַ האַלבע שעה רייזע, ביז דער פּליאַזשע. און אַט גייט צו איינער אַ טוריסט צום נהג, ס'הייסט צום שאָפער, און טוט אים אַ פרעג:

— חבר שאָפער אפשר קענט איר מיר זאָגן ווו עס געפינט זיך די באַרימטע גאַס אויפן נאָמען פון אונזער זיידן מענדעלע מוכר ספרים?

איז אָבער דער נהג געהרגעט אויפן יידישן לשון. גיט ער אים אַן ענטפער אויף עברית, מיט אַ מין געבייזער, אַז דער טוריסט מיינט פשוט — דער נהג זידלט אים אָן. גייט דער טוריסט אַרויס פון די כלים:

— איר בייזערט זיך נאָך אויף מיר? וואָס איז, מיין מאַמע האָט דען גערעדט צו מיר אויף עברית? זי האָט גערעדט מיט מיר יידיש־לשון. אונזער אויסגעוויינטן יידיש פון אונזערע זעקס מיליאָן קדושים, פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס פון היטלערן, ימח שמו...

דער עולם האָט זיך גענומען שפּאַרן אַרום דעם נהג און דעם טוריסט, און דער טוריסט האָט אַלץ טענות:

— מען דאַרף זיין אַביסעלע העפלעך מיט אַ ייד, וואָס קומט אין לאַנד אַריין. גוט, איך בין אַ ייד! אָבער ווען אַ גוי פאָרט און פרעגט אייך עפּעס? עס וואָלט זיך דאָ עפּעס געטאָן. ס'וואָלט אפשר געקומען צו אַ דיפּלאָמאַטישן אינצידענט...

דאָ האָט זיך דער וותיק געווענדעט צום טוריסט:

— ר' ייד, באַרואיקט זיך. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך שוין קנאַפּע 2 חדשים אין ישראל. איך וועל אייך צופירן צו דער מענדעלע מוכר ספרים־גאַס.

— אדרבא — זאָגט אונזער טוריסט, און ער ווענדעט זיך צו זיין

פרוי — הערסט, שיינדעלע, דער ייד, וואָס איז קנאַפּע 2 חדשים אין לאַנד, איז שוין דאָ אַ גאַנצער וותיק... ס'הייסט — וותיק... ער וועט אונז פירן אויף דער מענדעלע מוכר ספרים גאַס, נישט ווייט פון דער שלום עליכם־גאַס...

דער גאַנצער עולם האָט מיטגעלאַכט, דער נהג — אויך.

— צוריקגעשמועסט, ר' ייד, וואָס שייך דעם אינצידענט מיטן נהג, פאַרזיכער איך אייך, אַז איר האָט אים שלעכט פאַרשטאַנען.

— אַז מען רעדט צו מיר ריין־יידיש, אַזוי ווי ביי אונז אין אַמעריקע, פאַרשטיי איך זייער גוט.

— אַזוי, איר זענט אַן אַמעריקאַנער? האָט איר דאָך באַלד געקענט זאָגן. אייך קומט אַ ספּעציעלער כבוד. איין קליי:ניקייט — אַמעריקע!...

— איר רעדט וועגן דעם אינצידענט — זאָגט דער אַמעריקאַנער ייד — די גאַנצע צייט האָט איר געשוויגן, קיין וואָרט זיך נישט אָפּגערופן. פאַרוואָס?

— ווען איך האָב געזען, אַז עס גייט אַריין אין גרויסע גדולות, האָב איך זיך געזאָגט, אַז איצט איז די צייט צו מאַכן שלום. און אַז מיר וועלן אם ירצה השם צוריק זיין אין דער היים, וועלן מיר האָפנטלעך הערן די גוטע בשורה פון ישראל, אַז עס איז דאָך געקומען דער אויסגעבענקטער שלום מיט די שכנים, די אַראַבער. זעט איר דאָך, אַז דאָס לאַנד, וואָס קעמפט כלומרשט פאַר שלום און גערעכטיקייט פאַר אַלע פעלקער, זוכן זיי צום סוף די זעלבע אינטערעסן פון אימפּעריאַליסטן, ווי דער צאַר. נאָך אַ זאַך — זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווען דאַרפן מיר אַראָפּגיין פון אויטאָבוס, ביי דער מענדעלע־גאַס?

— זייט רואיק ר' ייד, אַז איך האָב אייך צוגעזאָגט, וועל איך האַלטן וואָרט.

דער אויטאָבוס שטעלט זיך אָפּ, מיר געזעגענען זיך מיטן נהג מיט אַ וואַרעמען „שלום".

מיר גייען פון איין גאַס אין דער צווייטער, באַפריינדן זיך מיט יידן, ווי ברידער און שוועסטער פון אַן פאָלק, וואָס לעכצט נאָך שלום און וויל פאַר אונזער מדינה.

# אויף דער אַלוועלטלעכער יידישער קאָנפערענץ פון קאַצעטלער און אַנטי-נאַצי-קעמפער

(פאָרגעקומען אין תל אביב און אין ירושלים השלימה)

כ׳בין בייגעווען אויפן וועלט־צוזאַמענפאָר פון יידישע קאַצעטלער און אַנטי־נאַצי־קעמפער אין תל אביב און ירושלים. עס זענען געווען פאַר־טרעטן דעלעגאַטן פון 15 לענדער, אין אַ צאָל פון 150. מ׳קען זאָגן — פון ארבע פינות העולם. דאָס איז געווען זונטיק, דעם 9־טן מערץ 1970, ווען מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף רחוב מענדעלע מוכר ספרים, ראָג בן־יהודה, אַרום 8.30 אין דער פרי. פון דאָרט זענען מיר אָפּגעפאָרן אין אויטאָקאָרן צו דער דערעפענונג פון דער וועלט־קאָנפערענץ אין ירושלים.

אין ירושלים האָט מען אונז אויפגענומען בכבוד גדול. מיר זענען באַ־גריסט געוואָרן פון פּרעזידענט זלמן שזר גופא. ער האָט גערעדט צו אונז אין אַ מחיהדיקן יידיש, דערמאָנט מיט גרויס ווייטיק די זעקס מיליאָן קדו־שים אונזערע. דער נשיא פון מדינת ישראל איז געווען אַ האַרציקער מענטש. זיינע זאַכלעכע רייד און זיינע געדאַנקען זענען אַריינגעדרונגען אין יעדן איינעם פון אונז, אין דער טיף פון דער נשמה.

אייניקע דעלעגאַטן האָבן געהאַט דעם כבוד אויפגענומען צו ווערן פונעם נשיא פערזענלעך. אויך איך בין דאָרט געווען, אין גאָרטן פון זיין רעזידענץ, איך האָב געדריקט זיין האַנט ביים שלום־עליכם־געבן.

אויך דער ראש־הממשלה, די פרוי פּרעמיער גאָלדע מאיר האָט אונז מקבל־פּנים געווען, צו דער דערעפענונג פון דער וועלט־קאָנפערענץ. זי האָט גערעדט מיט פיל קלוגשאַפט און האַרציק. זי האָט אונז דערפרישט מיט איר זאַפטיקן יידישן לשון. צו באַגריסן דעם פּרעמיער־מיניסטער, איז אַרויסגעטרעטן דער ווילנער דעפּאָרטירטער ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי ז״ל. ער האָט געזאָגט צו גאָלדע מאיר:

„מיט גרויס יראת הכבוד האָבן מיר אויפגענומען אייער חשובע איינ־טערוועניץ. זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן און דערמאָנען, אַז מיר אַלע דאָ זענען פאַראָבלטע, אָן אַ מאַמען, נאָך אונזער גרויסן חורבן בימי היטלער, ימח שמו. דערפאַר בעטן מיר אייך, ראש הממשלה, פרוי גאָלדע מאיר, זייט אונזער אַלעמענס מוטער אויף תמיד״.

די דערהויבענע ווערטער האָבן אַרויסגערופן אַלעמענס אַפּלאָדיס־מענטן, און ביי אַ טייל — טרערן. עס איז דערנאָך פאָרגעקומען די צערע־מאָניע פון אָנצינדן ליכט נאָך די אומגעקומענע זעקס מיליאָן קדושים, דורך דעלעגאַטן פון אַלע עקן וועלט. פון דאָרט זענען מיר געפאָרן צום כותל המערבי. פרויען און מענער זענען דאָרט געווען פאַרזאַמלט, מיט אַ תפילה אויף די ליפּן: לשנה הבאה בירושלים. מיר האָבן זיך אומגעקערט צו מיטאָג אין רחבותדיקן מלוכה־זאַל, די מסעדה, צווישן אַ רוישיקן עולם, ביי פיין געדעקטע טישן.

אין „יד ושם" זענען מיר אַריין מיט גרויס פּיעטעט, פאַרבויגן זיך פאַר די נשמות פון די אומגעקומענע. מיר פאַרהאַלטן זיך ביים פּאַראַפּעט און קוקן אַראָפּ צום דיל, און לייענען די נעמען פון די אומקום־לאַגערן. מיר הערן די תפילות, וואָס ווערן אָפּגעריכט פון אַ חזן. דאָרט געפינט יעדער איינער סימנים פון זיינע טייערע, אומגעקומענע אין די קאַלכאויוונס, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון נאַצי־דייטשלאַנד. בעתן קדיש, האָט מען מער נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן.

מיר זענען פון היכל פון „יד ושם" אַוועק אין אַ פייערלעכער מאַני־פעסטאַציע, צום הויכן, גיגאַנטישן מאָנומענט, באַצויגן מיט אַ בלישטשענ־דיקער מאַטעריע. דאָס איז דער מאָנומענט און סימבאָל פון גבורה און שואה, וואָס איז אַנטהילט געוואָרן אונטער די קלאַנגען פון אַ כאָר. עס איז אויך געווען אַן אויפמאַרש פון דער העראָישער ישראל־יוגנט, מיט צע־פלאַטערטע פענער, בלומען־קרענץ, מיט וועלכע זיי זענען געקומען פאַר־דעקן דעם פּיעדעסטאַל פון מאָנומענט, אין ליכט פון דער אונטערגייענדיקער זון פון ירושלים השלימה.

דער המשך פון דער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען צומאָרגנס, דעם 9־טן מערץ אין תל אביב, אין בית העמלין, אויף רחוב וויצמאַן 30. דאָס דאָזיקע הויז איז אַ מתנה פון אַמעריקאַנער און קאַנאַדישע אַרבעטער־איג־סטיטוציעס, אויפן נאָמען פון גרויסן נדבן העמלין. דאָ, אין איינע פון די רחבותדיקע זאַלן, האָט זיך די קאָנפערענץ אָנגעפאַנגען. די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט אַלס ציל — דער געראַנגל מיטן שוואַרצן, צי מיטן רויטן אַנטיסעמיטיזם, פון וואַנען ער זאָל נישט קומען. מיר האָבן אויס־געהערט זייער אינטערעסאַנטע רעפעראַטן פון זייער חשובע פערזענלעכ־

קייטן, פון ישראל און פון חוץ לארץ. אויך די דיסקוסיעס, די אינטערווענצן, זענען געווען אויף אַ געהעריקער הויך.

נאָך די דיסקוסיעס, איז מען איבערגעגאַנגען צו די וואַלן פון דער וועלט־עקזעקוטיווע, פון קאָצעטלער, ווידערשטענדלער, אַנטי־נאַצי־קעמפער. די קאַנדידאַטן — פאַרטרעטער פון דער גאַרער וועלט, פון ישראל גופא. און דאָ האָט זיך געשאַפן אַ געוויסע דיסהאַרמאָניע מצד די יידישע פראַנט־קעמפער פון לינקן פליגל פון פּאַריז, אָנגעפירט פון פריינד פריד־מאַן. עס איז אַלעמען באַקאַנט מיט וויפל פעדים זיי זענען נאָך, ליידער, פאַרבונדן מיטן פּאַריזער „אוניאָן״, מיט רי דע פּאַראַדי; כאָטש די פראַנט־קעמפער האָבן אַ סך מאָל אַרויסגעוויזן גוטע, פּאָזיטיווע זשעסטן לגבי יידי־שע פּראָבלעמען בכלל און — פאַר מדינת ישראל. אייניקע פון פרידמאַנס גרופּע האָבן געפּרווט צו דאָמינירן דעם סעאַנס, אונטערן פאַרזיץ פון וואַר־שעווער געטאָ־העלד סטעפאַן גראַיעק. אָבער אויף זיינס אַ קאָמפּראָמיס־פאַרשלאָג, איז אָפּגעשטימט געוואָרן די קאַנדידאַטן־ליסטע.

עס איז פאַרגעלייגט געוואָרן אַ ברייטע פּלאַטפאָרמע, מיט אַ רוף צו דער ציוויליזירטער וועלט, מיט אַ רוף קעגן די אַנטיסעמיטישע נעאָ־נאַ־צישע כוחות, קעגן די אַל־פאַטאַך, קעגן דער פאַרכאַפּונג פון אַוויאָנען; קעגן דער דאָזיקער סכנה דאַרף געהערט ווערן אונזער וויי־געשריי; קעגן קאַמופלירטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס זייער ציל איז די פאַרניכטונג אונזערע.

דערפאַר ווילן מיר געאייניקט פירן אונזער גערעכטן קאַמף פאַר שלום, ברידערלעכקייט און פריינטשאַפט פון אַלע פעלקער, פאַרן גערעכטן קאַמף און קיום פון אונזער י י ד י ש פ אָ ל ק.

**
*

דער וועלט־צוזאַמענפאַר פון יידישע קאָצעטלער און אַנטי־נאַצי־קעמפער האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן רושם נישט נאָר אין ישראל, נאָר אין דער גאָרער וועלט. פאַרטרעטן זענען דאָרט געווען דעלעגאַטן פון 15 לענ־דער, אין אַ צאָל פון 150. מ׳קען זאָגן — פון ארבע פינות העולם.

אין ירושלים, אויף דער דערעפענונג פון דער וועלט־קאָנפערענץ, ביים אָנקומען, האָבן מיר געהאַט אַן אָנגענעם סיורפּריז — עס איז אונז

צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד אויפגענומען צו ווערן און באַגריסט צו ווערן פון נשיא זלמן שזר גופא. און דווקא אין דעם יידישן לשון, דאָס לשון פון די אומגעבראַכטע 6 מיליאָן קדושים אונזערע.

אַ גרויסן איינדרוק האָט געמאַכט אויף אונז די אויפנאַמע ביים ראש הממשלה, פּרעמיער־מיניסטער פרוי גאָלדע מאיר, צו דער דערעפענונג פון דער וועלט־קאָנפערענץ. זי האָט אונז איבעראַשט מיט אירע טרעפלעכע, דערהויבענע רייד. עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ברייט אַרבעט־פעלד בנוגע דער קאָנפערענץ. גאָלדע מאיר אונז אַלעמען דערפרישט מיט איר וואַרעמען יידישן לשון אין איר מויל, מיט איר פּאָלקסטימלעכקייט און האַרציקייט, ווי אַ יידישע מאַמע.

נאָך מיטאָג זענען מיר אַלע אַוועק אין „יד ושם". ווי אין דער געביידע וואָלטן פאַרזאַמלט געווען די נשמות פון די אומגעקומענע. מיר טרעטן אַי־בער די צימערן מיט גרויס פּיעטעט. יעדער איינער וויל צוקומען דער ערש־טער צום פּאַראַפּעט, אַראָפּצוקוקן אין דער טיף, כדי צו לייענען די נעמען, וואָס זענען דאָרט אויסגעקריצט, נעמען פון אַלע אומקום־לאַגערן. מיר הערן די תפילות, וואָס ווערן אָפּגעריכט דורך אַ חזן. יעדער איינער געפינט דאָ סימנים פון זיינע טייערע, אומשולדיקע, פאַרשוווּנדענע אין די קאַלכאויוונס פון נאַצי־דייטשלאַנד. קיינער האָט זיך נישט געקענט באַהערשן בעתן זאָגן קדיש. מען הערט אַרום זיך אַ שלוכצן.

מיר גייען צו דער אימפּאָזאַנטער מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט זיך געצויגן פון היכל „יד ושם", צום הויכן אייזן־געשמידטן מאָנומענט, באַ־צויגן מיט אַ מאַסע פון טייערן מאַרמאָר־שטיין. דאָס איז דער מאָנומענט, דער סימבאָל פון שואה און גבורה, וואָס ווערט אַנטהילט אונטער די קלאַנ־גען פון טרויער־מוזיק, באַגלייט פון אַ כאָר.

דער המשך פון דער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען צומאָרגנס, דעם 9־טן מערץ, אין תל אביב, אין בית העמלין, די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו קעמפן קעגן רויטן און שוואַרצן אַנטיסעמיטיזם, פון וועלכער זייט ער זאָל נישט קומען. עס ווערן אויסגעהערט זייער אינ־טערעסאַנטע רעפעראַטן פון חשובע פערזענלעכקייטן, סיי פון ישראל, סיי פון די תפוצות. די דיסקוסיעס זענען געווען אויף אַ געהעריקער הויך.

אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן דער וועלט־פאַרבאַנד פון יידישע קאַצעטלער, פּאַרטיזאַנער, ווידערשטענדלער און אַנטי־נאַצי־קעמפער. עס

איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּלאַטפאָרמע פון ברייטן פאַרנעם. עס איז רעדאַגירט געוואָרן אַ רוף צו דער ציוויליזירטער וועלט, זיי זאָלן זיך צוהערן צו אונזער ווייגעשריי קעגן דער ווילדער נעאָ־נאַצישער וואַקכאַנאַליע, וואָס גייט צוזאַמען מיטן אל־פאטאך. זיי שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום מערדערייען, פאַרכאַפּן אַוויאָנען און נעמען אַלס ערובניקעס אומשולדיקע פרויען און קינדער.

קעגן דער דאָזיקער סכנה דאַרף געהערט ווערן אונזער רוף. דער ווייגעשריי דאַרף געהערט ווערן פון יעדן ערלעכן מענטשן, נישט ווי געוויסע לענדער האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די פאַרברעכנס. אָפּוואַרפן די פאַלשע לאָזונגען ווי: „ציוניסטישע אַגרעסאָרן", הינטער וועלכע עס באַהאַלט זיך דער חיהשער אַנטיסעמיטיזם, און זייער ציל איז די פאַרניכטונג פון יידישן פאָלק און פון מדינת ישראל ח"ו.

דערפאַר דאַרפן מיר זיין געאייניקט, צו פירן אונזער גערעכטן קאַמף פאַר שלום, ברידערלעכקייט און אמתע פריינדשאַפט צווישן אַלע פעלקער פון דער גאָרער וועלט, פאַרן קיום פון מדינת ישראל און פון אונזער פילגעפרווט יידיש פאָלק.

***

## אַ באַגעגעניש מיט אַ יידישן טוריסט אין ישראל

אַ יידישער טוריסט האָט מיר דערציילט:

— כ'בין געקומען אויף אַ באַזוך קיין ישראל, אין לאַנד פון מיינע אבות. גרויס איז געווען מיין פרייד, און נאָך גרעסער — ווען כ'האָב געפונען צווישן די שארית הפליטה אָפּגעראַטעוועטע פון מיין משפחה. די גדולה איז געווען נישט צו באַשרייבן. מען האָט מיך פאַרבעטן אויף אַן עונג־שבת. דער שבתדיקער טיש איז געווען געדעקט מיט כל־טוב. די בעסטע מאכלים, מען טרינקט לחיים. מען דערמאָנט זיך די אַמאָליקע ניגונים. גוטע פריינד זענען געקומען אָפּגעבן שלום־עליכם דעם אומגעריכטן גאַסט.

איך האָב דערציילט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט מלחמה־צייט. מיין קרוב האָט דערציילט מיט וואָס פאַראַ ניסים ער און זיינע בני־בית

זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די היטלערישע רוצחים. ביי מאַנכע אַרום טיש שטייען טרערן אין די אויגן. מען הערט מיט גרויס שפּאַנונג, און מען באַמערקט גאָרנישט ווי די נאַכט פאַלט שנעל צו, ווי דער שטייגער איז אין ישראל.

מען צינדט אָן ליכט. די טעלעוויזיע פירט אויס אַ שיינעם „המבדיל", און דער עולם כאַפּט אונטער די היימישע נגינה. עס איז אַלעמען אַ שאָד, וואָס דער עונג־שבת גייט אַוועק. און יעדער איינער געזעגנט זיך, איילט צו זיינע וואָכעדיקע באַשעפטיקונגען. די נייע וואָך קומט אָן, צום געזונט, צום לעבן. און איך איל זיך אויך, כדי צו צו זען און באַוווּנדערן דאָס לאַנד, באַוווּנדערן די יידישע ענערגיע און וואָס זי האָט דאָ אַלץ באַשאַפן און אויפגעטאָן. אין פאַרלויף פון קנאַפּע 20 יאָר האָבן זיי באַוויזן צו באַשאַפן אַ וווּנדערלעכע מדינה. „עס זאָל אונז נאָר נישט פאַרשטערט ווערן!"... — זאָג איך זיי. איך האָב דעם פאַרלאַנג צו באַזוכן דאָס לאַנד, אין דער לענג און אין דער ברייט.

פאַר אַלעם האָב איך אויסגעוויילט חיפה, מיטן שיינעם כרמל־באַרג, אַרויפצושטייגן דורך די טעראַסן און טרעפּ. באַלד צומאָרגנס פאַרלאָז איך די שיינע שטאָט רמת־גן. מיר זעצן זיך אַריין אין ערשטן אויטאָבוס און פאָרן קיין תל אביב. אויף דער תחנה מרכזית נעמען מיר דעם אויטאָבוס קיין חיפה. איך קוק אַרויס דורכן פענצטער און שעפּ נחת פון דער פּאַנאָראַמע — יידישע גאַסן, הייזער, בריקן, שאָסייען, אַ רוישיקע באַוועגונג פון אויטאָס, פּאַלמעס. מיין שכן זעט, אַז איך בין אַזוי פאַרכאַפּט פון דעם פּייזאַש, טוט ער אַ פרעג ביי מיר מיט אַ שמייכל:

— אוודאי אַ טוריסט?

— ענטפער איך: אַ טוריסט!

— קוקט לינקס — ווייזט ער מיר — דאָס זענען אַזיערעס, ווו עס ווערן געהאָדעוועט קאַרפּן, וואָס מיר יידן עסן לכבוד שבת. דאָ נישט ווייט, זעט איר, איז אַן אַראַביש דאָרף, פון דער צווייטער זייט — אויך אַן אַראַביש דאָרף.

— און קיבוצים? — פרעג איך.

— די קיבוצים זענען מיר שוין פאַרבייגעפאָרן. פאַר חיפה מוז איך אַראָפּגיין. פאַרברענגט גוט.

— אויב איר וועט אַמאָל קומען קיין פּאַריז — זאָג איך — טאָ נעמט מײַן וויזיט־קאַרטע.

דער ייד, זייער אַ פריינטלעכער, זאָגט מיר „שלום״, גייט אַרונטער. און מיר פאָרן ווייטער מיט דער זעלבער שנעלקייט. איידער וואָס־ווען, זענען מיר שוין אין חיפה. איך גיי אַראָפּ, קוק זיך אַרום און פרעג זיך: אַ פאַרשטאָט זאָל זיין אַזוי ציכטיק? אַ שאָד נאָר, וואָס מיין פרוי מאַניע איז נישט מיט מיר. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז מיט אַ שיף וויל זי נישט פאָרן. זי האָט מורא פאַר ים־קראַנקהייט. און מיט אַן אַוויאָן — איז שוין אָפּגערעדט. בין איך אַליין געפאָרן. אַז איך וועל אַהיימקומען בשלום, וועל איך האָבן צו דערציילן די אַלע וואונדער, וואָס איך האָב דאָ צוגעזען.

נאָך אַזאַ רייזע, האָב איך באַקומען גרויס אַפּעטיט. אין דעם ערשטן־בעסטן רעסטאָראַן, זאָג איך מיר, וואָס קומט מיר אונטער, וועל איך אַריינגיין עסן. גראָד איז מיר אָבער אונטערגעקומען אַן ערשט־קלאַסיקע קאָנדיטאָריי. איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו יידישע קוכנס און ס׳האָט מיר דערמאָנט די שבתדיקע קוכנס אין דער אַלטער היים. דערנאָך האָב איך זיך געלאָזן אין גאַס אַריין שפּאַצירן. איך וועל בעטן אייניקע אינפאָרמאַציעס וועגן דער שטאָט חיפה, וועגן וואונדערלעכן כרמל. איך קער זיך אום אין רעסטאָראַן. דער פּאַטראָן נעמט מיך אויף זייער העפלעך און ער פרעגט מיר:

— וואָס ווינטשט איר, רב ייד? — רעדט ער אַ שיינעם יידיש.

— אַנטשולדיקט מיר — האָב איך זיך אַביסעלע פאַרגאַפּיעט — איר רעדט דאָך אַזאַ וואונדערבאַרן יידיש.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ וואונדער? מיר זענען דאָך אין יידישלאַנד, רעדט מען מאַמע־לשון. מיטן רענעסאַנס פון אונזער לאַנד, רעדן מיר דאָס מאַמע־לשון פון היינט, ד. ה. עברית.

— מיין בקשה איז — זאָג איך — אַזוי ווי איך בין אַ טוריסט, אַ פרעמדער דאָ אין חיפה, בעט איך אייך מיר צו געבן עטלעכע אָנווייזונגען. איך מוז אייך זאָגן, אַז די באַצייכענונג „טוריסט״, באַליידיקט מיך. איך פיל זיך דאָ ווי אַן איינגעבוירענער אין מדינת ישראל. איך בין געקומען אין לאַנד פון מיינע אבות.

— איר זענט כשר געגרעכט — זאָגט יענער — איר קענט ביי מיר האָבן אַלע אויסקונפטן, וואָס אייער האַרץ פאַרלאַנגט.

— די בקשה מיינע איז, איר זאָלט מיר זאָגן ווי אַזוי קען איך באַזוכן אַלע אינטערעסאַנטע ערטער פון דער שטאָט.

— האָרכט זיך גוט איין רב ייד. איר קענט צוקומען אומעטום, עס האַנדלט זיך בלויז אין אייערע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן. מען דינגט אַ טאַקסי און איר לאָזט אייך פירן אומעטום. קודם כל אין חיפה'ער פּאָרט מיט די מאָדערנסטע אינסטאַלאַציעס. דאַן פאָרט אַרויף צום טעכניקום־פאַקולטעט. איר דאַרפט אויך באַזוכן דעם הר הכרמל פון דער צווייטער זייט. ביינאַכט איז דער כרמל נאָך פיל שענער, די ליכטער, די שטערן. איר קענט צופאָרן צו דער פּלאַזשע ביים ים. אויך די אויטאָבוסן־קאָמוניקאַציע איז אַ ביליקע.

איך דאַנק דעם העפלעכן רעסטאָראַטאָר. איך זאָג אים, אַז מיינע באַזוכן וועל איך אָנהייבן ביים ים, וועל אַביסל שווימען, און דורכוואָרעמען זיך אונטער דער מחידיקער ישראל־זון.

20־4־1970.

## אין קיבוץ לוחמי-הגיטאות

עס ווילט זיך דערציילן וועגן אַ באַזוך אין דעם קיבוץ לוחמי־הגיטאות, אין דאָרטיקן מוזעאום, — אַן אוניקום אין דער וועלט — וואָס ווערט אָנגעפירט דורך יאַנעק צוקערמאַן. מיין פריינט, דער ישראלדיקער קינסטלער אברהם שושני־ראָזענצווייג, קען זייער גוט דעם פירער פון מוזעאום. ער האָט עס מיר רעקאָמאַנדירט, אַז מען וועט מיך דאָרט אויפנעמען בכבוד גדול. ער האָט אויך טעלעפאָנירט און אָנגעזאָגט מיין באַזוך.

איך פאַרלאָז דעם כרמל, וווּ פריינט שושני וווינט, מיט אַן אויטאָבוס און במשך פון 10 מינוט בין איך אין חיפה, כדי דאָרט צו נעמען דעם אויטאָבוס, וואָס גייט אין דער ריכטונג פון עכו. מיר פאָרן פאַרביי די שטאָט עכו מיט די שיינע געביידעס. דאָס איז אַן אַלטע היסטאָרישע שטאָט. דאָרט וווינען פיל אַראַבער, דאָרט איז פאַראַן די באַרימטע תפיסה פון די ענגלישע צייטן, וווּ אַ סך יידישע פרייהייט־קעמפער זענען געווען פאַרשפּאַרט בעתן ענגלישן מאַנדאַט. דאָרט איז אויך פאַראַן אַ שכונה, אַ

מתנה פון דעם גרויסן יידישן נדבן פון ענגלאַנד, ה׳ וואָלפזאָן. עכו בויט זיך אָבער שיין פונאַנדער; פריער אַ שטעטעלע, אַצינד — אַ גרויסע שטאָט.

מיר פאָרן ווייטער אין דער ריכטונג פון נהריה. אַ וווּנדערלעכע פּאַנאָראַמע לויפט פאַרביי פאַר מיינע אויגן. ווען ניִשט דער נהג, וואָלט איך פאַרשפּעטיקט אַראָפּצוגיין אויף דער תחנה, וואָס רופט זיך: לוחמי־הגיטאות. איך קוק זיך אַרום אין אַלע זייטן, צו אָריענטירן זיך אין וועלכער ריכטונג צו גיין. דער קיבוץ געפינט זיך גאָר נאָענט.

איך שטעל זיך פאָר פאַרן פריינד צוקערמאַן און ער פירט מיך צום היכל פון קונסט און מאַרטירערטום. די טרעפּ, וואָס פירן צום היכל, זענען פון לויטער מאַרמאָר־שטיין, די ווענט — באַדעקט מיט מאָלעריי. ער זאָגט צו מיר:

— איר געפינט זיך אין טעמפּל פון גבורה און שואה.

איך בין געבליבן שטיין מיט פּיעטעט, מיט יראת הכבוד. דאָס איז דער זאַל פון מאָלעריי, געווידמעט דעם חורבן. די גרעסטע יידישע קינסט־לער און אויך ניִשט־יידישע, האָבן פאַראייביקט אונזער חורבן. מיר גייען אין אַן אַנדער אָפּטיילונג. דאָ געפינט זיך דער געניִיער מאַקעט פון וואַר־שעווער געטאָ. ער איז געשאַפן געוואָרן לויט די אָנווייזונגען פון די אָפּגע־ראַטעוועטע לעגענדאַרע העלדן פון געטאָ. דער מאַקעט איז באַצייכנט מיט עלעקטרישע פּונקטן, וועלכע מען קען מאַנעווּרירן. מיט איין עלעק־טרישן קנאָפּ, וואָס צינדט זיך אָן, ווערט דער מאַקעט באַלויכטן. ווען די אַנדערע עלעקטרישע פּונקטן צינדן זיך אָן, זעט מען דעם פאַרלויף פון די קאַמפן אינעם געטאָ; — די היטלעריסטישע האָרדעס, וועלכע דרינגען אַריין, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס; די צייכן־אָנווייזער, וואָס צינדן זיך אָן, לויפן איבערן מאַקעט, ווייזן די די קאַמפן אויף די פּאָזיציעס פון די יידישע קעמפער.

אָט זעען מיר ווי עס פאַלן די יידישע פּאָזיציעס, איינע נאָך דער אַנדערער. מיר זעען די פאַרבלוטיקטע נאַצישע הענט. אָבער אונזערע געטאָ־העלדן קעמפן ווי לייבן, ראַנגלען זיך, שלאָגן זיך אָפּ, צו ראַטעווען דעם כבוד פון יידישע מאַרטירער. עס פאַלן די נאַצישע באַנדיטן.

די געטאָ־גיבורים טרעטן ניִשט אַזוי לייכט אָפּ פון די פּאָזיציעס, כאָטש עס ווערט אוממעגלעך זיי צו באַשיצן. זיי בלייבן עקשנותדיק,

אין די פלאַמען, וואָס נעמען זיי אַרום. און דער שונא דריגגט אַריין וואָס אַמאָל טיפער אין די גאַסן פון געטאָ.

די געטאָ־העלדן וואַרפן זיך אַריבער פון איין געגנט אין אַנדערן, זיי קומען אין צווייטן קלענערן געטאָ, וואָס איז פאַרבונדן דורך אַ בריק. דער מאַקעט ווייזט עס אַלץ גענוי אָן, און חבר צוקערמאַן קלערט אונז אויף זייער פּרעציז, ווי אַן אמתער סטראַטעג, וואָס שטייט אויפן שלאַכט־פעלד. מען זעט ווי די קאַמפן ווערן וואָס אַמאָל קריטישער. ברענענדיקע הייזער פאַלן איין. די העלדן פאַלן, אָבער דער קאַמף גייט ווייטער.

איצט קומען מיר צום לעצטן קאַמפס־אָפּשניט, דאָס צוריקציען זיך פון די קעמפער, נאָכן העלדישן ווידערשטאַנד, כּדי פאָרצוזעצן דעם קאַמף אויף אַן אַנדערן אָפּשניט.

און עס האָט זיך מיר פלוצים דערמאָנט די שלאַכט אין גרענאַבל און אין די אַרומיקע בערג, וואָס איך אַליין האָב דורכגעמאַכט.

אָפּטיילונגען פון מוזעאום געפינען זיך אין די קעלערן, זיבן־אַכט מעטער די טיף. די דאָזיקע קעלערן האָבן זיכער אויך אַנדערע אויפגאַבן — אַ דערשיינונג, וואָס מען זעט איצט אין דער מאָדערנער ישראלדיקער בויאונג.

חבר צוקערמאַן האָט מיר אויך פאָרגעשטעלט פאַר אַ נייעם קיבוצ־ניק, וועלכער איז נישט לאַנג צוריק געקומען פון פּוילן, ווו דער אַנטי־סעמיטיזם ווילדעוועט פּונקט ווי אַמאָל. דאָס איז דער חבר גורביץ, אַ באַ־ווּסטער יוריסט, וועלכער האָט אַ לענגערע צייט מיטגעאַרבעט אין די היסטאָרישע זוכונגען, צוזאַמען מיטן היסטאָריקער בערל מאַרק ז״ל. חבר גורביץ זאָגט מיר, אַז ער פילט זיך גליקלעך אין ישראל.

מיר האָבן דערנאָך לאַנג שפּאַצירט איבערן קיבוץ, אין ריזיקן פּאַרק. מיר האָבן זיך וואַרעם צעזעגנט מיטן האַרציקן חבר צוקערמאַן, דעם פּירער פון קיבוץ לוחמי הגיטאות.

## אַ יום־טוב ביים כותל המערבי

מיר האָבן גובר געווען אַלע שוועריקייטן און אויסגעקליבן זיך ביי־צווווינען די בר־מצווה אין ירושלים השלימה. ס׳איז געווען דער יום־טוב

פון 120 קינדער — יינגלעך און מיידלעך — וואָס זענען געקומען אויף וואַקאַציע קיין ישראל.

דערוווסט וועגן דעם האָבן מיר זיך ביים יידיש־רעדנדיקן קרייז אין מועדון, אויף רחוב הירקון 9, אין תל אביב. דאָרט קומען זיי זיך צונויף יעדן מיטוואָך אָוונט די נייע עולים פון פראַנקרייך. דער קאָמיטעט איז זייער אַ דינאַמישער, און טוען קולטור און סאָציאַלע אַרבעט אויף פאַרשיי־דענע געביטן צווישן די אַלע, וואָס זיי פאַרבינדט פראַנקרייך, ווו זיי האָבן אָפּגעלעבט לאַנגע יאָרן, געבוירן קינדער, אויסגעגעבן קינדער, איבער־געלעבט אַלע פריידן און ליידן פון פאַריזער יידן; ביז זיי האָבן איינמאָל באַשלאָסן עולה צו זיין אין יידישן לאַנד, צו לעבן צווישן יידן, אין ישראל.

די בר־מצווה־קינדער האָט דער קאָמיטעט אָפּגעוואַרט מיט זייער פיל וואַרעמקייט ביים אָנקומען אין לוד. זיי האָבן צוזאַמענגערופן חברים, פריינד און צוגעגרייט דעם אָפּפאָר קיין ירושלים אין אַ ספּעציעלן אויטאָ־קאַר, דעם 12־טן אויגוסט 1971. זענען מיר געוווּר געוואָרן און מיט־געפאָרן מיט זיי, בייצוווווינען דעם אומגעוויינטלעכן יום־טוב פון יידישע קינדער, געקומענע פון פראַנקרייך.

מען דאַרף זען, מיט וואָס פאַראַ דורשט די אַלע יידן, וואָס וווינען שוין אין ישראל אַ לענגערע, צי אַ קירצערע צייט, זענען נייגעריק צו וויסן וואָס עס הערט זיך אין זייער אַלטער היים,דער עיקר אין פאַריז. זיי לייענען אויך מיט גרויס אינטערעס די פאַריזער צייטונג „אונזער וואָרט״, וואָס פריינט יאַקובאָוויטש, איינער פון די טיכטיקסטע טוער פון קאמיטעט, באַקומט.

דער קאָמיטעט ציילט פאָלגנדיקע מיטגלידער: יאַקובאָוויטש, יוסף לאַש, קראַפּט, קאָרנהענדלער און נאָך פיל אַנדערע. לויטן קאָמוניקאַט אין די צייטונגען, זענען אויך געקומען באַזוכן דעם קרייז פאַריזער געסט דער שרייבער וויינגאַרטען און פרוי. אַלע האָבן זיך איינגעשריבן, באַצאָלט פאַר הוצאות־הדרך. מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז די נייע עולים לערנען אינגאַנצן אומזיסט עברית און תנ״ך, אין זעלבן מועדון העולה. ס׳איז גע־ווען אַ פאַרגעניגן צו פאַרברענגען אין זייער סביבה. מאַניע דלוזשניעווסקי האָט געמאַכט עטלעכע פאָטאָס, לזכרון. איין בקשה האָבן זיי געהאַט צו אונז, פאַריזער: מיר וואַרטן אויף אַ סך מער נייע עולים. מדינת ישראל וואַרט אויף זיי.

דער טרעף־פּונקט אָפּצופּאָרן קיין ירושלים איז געווען אויף 7 אַ זייגער פינקטלעך, כדי צו זיין אויפן הר ציון 10 אַזייגער, דערנאָך — ביים כותל מערבי, און צו פאַרענדיקן — אין די זאַלן פון דער סוכנות. דאָס האָט די סוכנות אַזויפיל בייגעשטייערט דער אומדערמידלעכער קינדער קאָלאָניע, זיי זאָלן געניסן פון אַזאַ שיינער וואַקאַציע אין ישראל, יעדעס יאָר. עס זענען געקומען יידישע קינדער פון פראַנקרייך, בעלגיע, אפילו פון שפּאַניע, צו וויזיטירן און לערנען יהדות אין מדינת ישראל.

דאָ מוז געזאָגט ווערן, צום לויב פון דער קינדער־קאָלאָניע אין פראַנקרייך, אַז די חשובע עסקנים פירן זייער אַן אינטענסיווע טעטיקייט אין משך פון איבער 20 יאָר.

אַלע זענען געקומען פּינקטלעך, צום באַשטימטן אָרט. כאָטש ס'איז געווען אַ ביסעלע צו פרי, אָבער אין ישראל שטייט מען אויף זייער פרי, באַגינען. אַלע זענען געווען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג. ספּאָנטאַן האָט זיך ביי אַלעמען אַרויסגעריסן דאָס געזאַנג: „ירושלים של זהב". אויך דער נהג האָט עס אונטערגעכאַפּט מיט זיין הילכער. זיין שטימע איז געווען אַ פעסטע, אַ וואַרעמע. נאָכדעם האָט פריינט יאַקובאָוויטש געבעטן דעם פריינט ווייגגאַרטען צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער צום יום־טוב. עס האָט אויך גערעדט דער שרייבער פון די שורות. אַ פרוי האָט זיך אויפגעשטעלט און געבעטן מען זאָל אויך רעדן אין פראַנצויזיש. כ'בין איר ווונטש נאָכגעקומען.

מיר האָבן גערעדט וועגן די אומגעהויערע דערגרייכונגען פון דער קינדער־קאָלאָניע, מיט דער הילף פון סוכנות, אַלץ פאַרן יידישן קינד, כדי זיי צו דערהויבן צו דער מדרגה פון באַוווסטזיין פון מדינת ישראל. דער עולם איז געווען פול מיט התלהבות, און זיך נישט אַרומגעקוקט, אַז אָט זענען מיר שוין אין ירושלים און מיר דערנענטערן זיך צום הר ציון.

מיר זענען אַוועק צו די זאַלן, ווו עס האָבן שוין געזאָלט זיין די קינדער; אָבער זיי זענען שוין געהאַט פריער אויפגעשטיגן צום הר ציון. און באַלד זענען מיר אַוועק צופוס צום כותל מערבי. אין וועג זענען אונז באַפאַלן אַ מחנה אַראַבישע קינדער, זיי רייסן פשוט אָפּ די פּאָלעס, מען זאָל קויפן ביי זיי כלערליי חפצים, צום אָנדענק. ביים כותל איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ היפּשער עולם. מיר האָבן זיך געפרעגט: ווי אַזוי וועלן מיר

זיך דערשפּאָרן, כאָשט איבערצולאָזן אַ בריוועלע אין די שפּאַלטן פון דער וואַנט? מיר מוזן קומען צו דער הייליקער וואַנט, זי אַ קוש צו טאָן.

עס איז אונז דאָך געלונגען דורכצורייסן זיך צו די פיין־געגרייטע בר־און בת־מצווה־טישן, באַלייגט מיט די טייערסטע ישראלדיקע מאכ־לים און משקאות. יידן טרינקען לחיים, לכבוד דעם תפילין־לייגן פון די יינגלעך. מען לייענט אַ פרשה פון דער תורה.

— יעדער מוז פאַרלאָזן דעם כותל מערבי מיט אַ וויי אין האַרצן — זאָגט פריינט וויינגאַרטען.

מיר מאַכן אַ גרופּן־בילד מיט אונזער פריינט, דעם זשורנאַליסט מרדכי שנער. דערנאָך פאָרן מיר אָפּ אין די זאַלן פון סוכנות. די טישן ברעכן זיך דאָרט פון מאכלים און געטראַנקען. אַ בחור און אַ בחורה באַ־גריסן די געסט:

„אַ האַרציקן דאַנק אייך אַלעמען פון דער קינדער־קאָלאָניע און דער סוכנות, און אַ באַזונדערן דאַנק דער טייערער מדינה, וואָס האָט אונז פאַרשאַפט אַזויפיל פאַרגעניגן און פרייד. מיר האָפן בקרוב צו קענען קו־מען אַהער אויף תמיד".

עס ברעכן אויס הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. עס האַלט אַ שיינע דרשה אין פראַנצויזיש הרב זערבאַ און ער רופט די קינדער פאַרצוזעצן יהדות. מיר פאַרלאָזן די הייליקע שטאָט ירושלים השלימה מיט נאָסטאַלגיע, און מיטן רוף: לשנה הבאה בירושלים!

## אַ באַזוך אין קיבוץ בית-אורן, ביערות הכרמל, חיפה

דורך בערג און טאָלן לויפט אונזער אויטאָבוס, און יעדער פּאַסאַ־זשיר באַוווּנדערט די קאַלירפולע פּייזאַזשן. מיר פאָרן דורך די בערג. דאָס אויג ווערט פאַרכאַפּט פון דער שיינקייט.

נאָך אַן ערך דריי־פערטל שעה רייזע, זענען מיר אָנגעקומען צו די אוראַלטע יערות הכרמל. דאָ וואַקסן בלויז נאָדל־ביימער. דער קיבוץ טראָגט טאַקע דעם נאָמען: בית־אורן, ד. ה. דאָס הויז פון נאָדל־ביימער. אין די דאָזיקע וועלדער האָט די הגנה אויסגעוויילט ווי אַ פעסטונג־קיבוץ, אַ

פאַרטיידיקונג־פּאָזיציע אין יאָר 1939, ס׳איז געווען מלחמה־צייט, און עס זענען פאַרויסגעזען געוואָרן אַלערליי עווענטואַליטעטן.

דער קיבוץ ליגט אויף דער הויך פון 350 מעטער איבערן ים. קיין אַראַבער זענען שוין דעמאָלט נישט געווען בנמצא אין דער געגנט פון יערות הכרמל, אָבער פון צייט צו צייט האָבן זיך דאָך באַוויזן גרופּקעס אַראַבער, אַרויסקריכן פון זייערע נאָרעס, ווי ווילד־חיות.

דאָס האָט אונז אויפגעקלערט דער מדריך פון קיבוץ, וועלכער האָט אונז באַגלייט. אַרכעאָלאָגן האָבן פעסטגעשטעלט, אַז די יערות הכרמל האָבן איבערגעלעבט אַלערליי אויפטרייסלונגען, און דאָך איבערגעלעבט, על פּי נס, זייט 2000 יאָר נאָכן חורבן בית המקדש. נאָכן רענעסאַנס פון מדינת ישראל, ווערן געהיט די נאַטירלעכע אוצרות פון אַמאָל.

מען ווערט דאָ ממש באַצויבערט פון די טיפע טאָלן און פון די בערג, באַדעקט מיט גרינעם גראָז. דער קיבוץ האָט זיך שיין פונאַנדערגעבויט. יעדעס ווינקעלע אין קיבוץ האָט זיינע אָריגינעלע, באַחנטע איינריכ־טונגען. מיר זענען טיף אין טאָל אַ מאָדערנעם באַסיין, סיי פאַר גרויסע, סיי פאַר קינדער. דאָס וואַסער איז לויטער־קרישטאָל. דאָ ווערן אויך געמאַכט פאַרמעסטן פון די ספּאָרט־לייט, אָבער אַ באַזונדערע השגחה פאַר די קינ־דער. דאָ איז אויך פאַראַן אַן אָפּרו־הויז מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, און עס קומען מענטשן אויף חופש, אפילו פון חוץ לארץ.

וואָס שייך די יידן פון חוץ לארץ, איז אַ באַזונדער פּראָבלעם, וועגן וועלכן ס׳וועט אויסקומען באַזונדער צו רעדן. דאָס אָפּרו־הויז ברענגט אַריין אַ שיינע הכנסה. דער דירעקטאָר יצחק שבתאי האָט מיר אויפגע־קלערט :

— נישט דאָס אָפּרו־הויז ביים קיבוץ איז אונזער הויפּט־הכנסה. אונזערע הכנסות זענען פאַרשידנאַרטיקע.

צוקוקנדיק זיך צום לעבן אין קיבוץ, האָבן מיר זיך באַלד איבער־צייגט. די נאַטור־אוצרות זענען אומגעהויער, און דאָס אַ דאַנק דער איבער־געגעבנקייט פון די קיבוצניקעס. דער מדריך האָט אונז געגעבן די מעג־לעכקייט צו באַזוכן יעדעס ווינקעלע, אַזוי גוט אין די טאָל־איינריכטונגען, ווי די באַגראַזטע הויכן. דער דירעקטאָר יצחק שבתאי, אַ האַרציקער מענטש, האָט ער אונז אויפגעקלערט, וואָס פאַרא באַדייטונג דאָס אָפּרו־הויז האָט.

— פֿאַרשטייט זיך — זאָגט ער, — אַז די געסט פֿון אויסלאַנד האָבן ספּעציעלע הנחות. עס קומט אויס ביי 3.500 אַלטע פֿראַנק אַ טאָג. מיר קענען נישט גאַראַנטירן, אַז עס וועט פֿון פֿאָרויס זיין אַ פֿרייער פּלאַץ, אַזאַ נאָכפֿראַגע איז דאָ ביי אונז.

דאַן זענען מיר, מיט מיין פֿרוי און חברים, אַוועק שפּאַצירן אין די בערג פֿון יערות הכרמל. די שטראַלן האָבן זיך דורכגעריסן דורך די געדיכטע נאָדל־ביימער. דער מדריך, וואָס האָט אונז באַגלייט, איז אַ גרויסער בקי אין פֿיל לשונות. ער רעדט צו אונז אָבער אַ פֿיינעם יידיש. ער דערציילט אונז די ווונדערלעכע עפּאָפּיי, אַלץ געשאַפֿן מיט איבערמענטשלעכע כוחות, פֿאַרפֿעסטיקט דורך דער לעגענדאַרער הגנה.

אין די שעהן פֿון אָפּרו שטייען גרייט אויף די גראָזן אויפֿלייג־שטולן. אַ קאַפּעטעריע באַדינט די געסט. קעגנאיבער שטייט אַ שיינע סקולפּטור, און זאָגט אָן, אַז דער אַלטער דור וועט פֿאַרטרעטן ווערן דורכן ייִנגערן דור.

מיר פֿאַרלאָזן דעם שיינעם קיבוץ בית־אורן מיט נאָסטאַלגיע, און דער לעצטער אויטאָבוס פֿירט אונז צוריק אין שטאָט אַריין, מיר געזעגענען זיך מיט אַ האַרציקן : להתראות !

## אַ באַזוך ביים מאָדזשיצער רבין שליט״א
## בעת די ימים נוראים, רחוב דיזנגוף, תל אביב

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַ טראַדיציאָנעלער ייד פֿאָלגט נאָך מיט ציטערניש די יום־טובים אונזערע, בפֿרט די ימים נוראים. עס איז געווען אַ גרויסער נחת־רוח צו קומען אין דער בית הכנסת פֿון מאָדזשיצער רבין, מיט זיין גרויסער צאָל חסידים און תלמידים.

שוין פֿון קדמונים, ווי די מאָדזשיצער רבישע דינאַסטיע ציט איר גאָלדענעם פֿאָדעם, באַוווּסט אין דער גאָרער יידישער וועלט מיט זייערע ניגונים, הויך־מוזיקאַלישע תפֿילות, וואָס ווערן עד היום געזונגען אין אַלע עקן וועלט פֿון בעלי מנגנים.

האָבן מיר געהאַט דעם כבוד די יום טובים צו דאַווענען ביים מאָדזשיצער און צו הערן אים בכבודו ועצמו פֿאַרן עמוד שחרית און מוסף.

יעדע תפילה כמעט ווערט באַגלייט מיט אַ שיינעם, האַרציקן ניגון, סיי פון די אַלטע ניגונים, וואָס דער רבי גופא האָט פאַרפאַסט, סיי פון די נייע. אַלע חסידים זיינע כאַפּן זיי אונטער, די ניגונים. עס דאַכט זיך, אַז מען געפינט זיך אין אַ מוזיקאַלישן היכל, אין אַ קאָנסערוואַטאָריע, בלע״ז.

דעם רבינס זון, אגב אַליין אַ גרויסער תלמיד חכם, פירט אָן מיט זיינע קינדער און מיטן רבינס אייניקלעך די גאַנצע קאַפּעלע. די מתפללים האַלטן אונטער די תפילות, די ניגונים, מיט גרויס התלהבות.

ביידע טעג ראש השנה האָט דער רבי גופא געדאַוונט פאַרן עמוד, שחרית און מוסף. עטלעכע אויסלענדישע יידן, געסט, האָבן איינגעפונען, אַז דער אופן פון דאַווענען איז נישט לויט זייער געוווינהייט, אָבער זיי האָבן געהאַט גרויס תענוג.

נאָך שבת־תשובה האָט גאַנץ ישראל זיך געגרייט צום יום כיפּור, צום יום־הדין. מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן צו כל נדרי. די חסידים זענען געקומען אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, אין טליתים. ס׳איז געווען אַ שטילקייט, בלויז די מזג האוויר, דער קילונג־ווענטילאַטאָר, האָט גע־רוישט. פּלוצים טוט דעם רבינס זון אַ קלאַפּ אין שולחן און דער רבי הייבט אָן זאָגן: „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה״, ג״ פעמים. און דער עולם כאַפּט אונטער מיטן זעלבן נוסח די פּסוקים, מיט גרויס כוונה.

פונקט אַזאַ שטילקייט האָט געהערשט איבער די שטעט און גאַסן פון גאַנץ ישראל, אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט געזאָגט כל נדרי. ערשט צומאָרגנס אָוונט, ווען מ׳איז אַרויס מחדש זיין די לבנה, האָט זיך דער טומל איבער די תל־אביבער גאַסן צוריק אָנגעהויבן.

אָבער דערווייל זענען מיר מיטן עולם מתפללים אין בית־הכנסת, צומאָרגנס, יום כיפּור. פון גאַנץ פרי אָן זעט מען דורכשוועבן יידן דורך די שטילע גאַסן, צום יום הדין. מוסף צייט גייט דורך אַ מורמל. דער רבי האָט זיך שלעכט געפילט. אָבער זיין לייב־דאָקטער, וועלכער האָט געוואַכט ביי זיין זייט, האָט באַרואיקט אַלעמען.

איינער פון דעם רבינס מקורבים, ר׳ איטשע־ליפּע, אַ מיטליאָריקער מענטש, פאַרנעמט תיכף דעם עמוד, ממשיך צו זיין דאָס דאַווענען, אויפן זעלבן אופן, מיט דער זעלביקער קאַפּעליע, ווי דער רבי. אָבער ר׳ איטשע־ליפּע פירט אויס זיינע אייגענע ניגונים.

ערשט צו נעילה האָט דער דאָקטער דערלויבט דעם רבין צוריק צו

שטעלן זיך ביים עמוד. די חסידים ווערן צוריק אופגעהייטערט און אַלע האָבן אין דעם מאָמענט דערפילט די התרוממות פון רבינס ניגון און געבעט.

די מאָדזשיצער ניגונים ווערן פאַרקויפט אין נאָטן, און יידן שאַפן זיך איין דאָס פייערלעכע געזאַנג.

די ווייבער־שול פון דעם בית הכנסת איז אונטער דער השגחה פון דער רביצין. נישט איין מאָל האָט מען געהערט אַן אָנגענעמע פרויען־שטימע; מען בעט צו זיין רואיק, דווקא אין יידיש; כאָטש דאָס יונגוואַרג רעדט רק עברית.

דאָס יידישע וואָרט, אין מאַמע־לשון, לעבט אין ישראל, בעיקר ביי די פרומע יידן, און מיר האָפן, אַז עס וועט נישט אַנטשטומט ווערן.



## צו די ימים נוראים

ווען די פּראַקטיקע טעג דערנענטערן זיך, קען מען זען אין אַלע פּאַריזער סינאַגאָגעס, בתי מדרשים, בתי כנסיות, ווי זיי ווערן איבערפולט מיט מתפּללים. עס ווערט געבעטן מיט גרויס כוונה. אַזוי איז תמיד געווען ביי אונז יידן ב״ה. ספּעציעל — אין די לעצטע יאָרן. צי זאָל עס זיין אין דער רחבותדיקער ראָטשילד־סינאַגאָגע, רי דע לאַ וויקטואַר, אַזוי אויך אין אַלע אַלטע סינאַגאָגעס, וועלכע טראָגן נאָך אויף זיך דעם חותם פון די נאַפּאָלעאָנישע צייטן, ווען יידן האָבן באַקומען בירגער־רעכט.

אומעטום זענען די תפילות התלהבותדיקע, פול מיט פּיעטעט. אַזוי יאָר איין, יאָר אויס. אָבער גאָר ספּעציעל ווערט געדאַוונט, מיט אַ סך פּאַרכטיקייט, אין די אשכנזישע בתי־תפילות, ווו די מתפּללים זענען יידיש־רעדנדיקע. וואָרעם מיר געפינען נאָך ביי זיי די התלהבות פון אונזער אַלטער היים. חוץ לזה, זעען מיר פאַר די ימים נוראים אימפּראָוויזירן אַ גרויסע צאָל בתי תפילות איבער דעם גרויסן יידישן פּאַריז.

לאָמיר צוזאַמען אַ קוק טאָן אין אייניקע בתי־תפילה. מיר וועלן אָנ־פאַנגען פון דער שול אויפן מאָנמאַרטר, רי דודאָוויל. די דאָזיקע שול איז אינגאַנצן איבערגעבויט געוואָרן. זי ווערט אָנגעפירט פון חזן פינקאָס, וועלכער האָט איינגעפירט אין זיין שול דעם ישראלדיקן נוסח אין דאַווע־נען. במילא זענען איצט אַלע מתפּללים זייער צופרידן, סיי די אשכנזים, און סיי די ספרדים, וועלכע זענען אין אַ היפּשע צאָל אין דער שול.

פון דער שול אויפן מאָנמאַרטר זענען מיר אַוועק אויפן בעלוויל, צו דער אַלטער שול אויף רי זשיליען לאַקרואַ. די שול איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן ספרדישער שול, נאָך דער מלחמה אין אַלזשע־ריע. אָבער אויך די אשכנזים זענען נישט אַוועק פון דאָרט. זיי האָבן גע־נומען אַ דערבייקן זאַל און אויך געמאַכט אַ שול. אָבער די שול איז כמעט

געוואָרן אַ חסידישע. מיר געפינען דאָרט איינעם פון די געטרייע חסידים, מ. ראַיאַק.

פון דער הויפּט־שול, פון בעלוויל, גייען מיר אויף אַוועני סעקרעטאַן, וווּ עס געפינט זיך דאָס באַרימטע הויז פון דער באַראָן הירש־פונדאַציע. דאָרט געפינט זיך אויך דער ליצעאום, וווּ עס לערנען יידישע קינדער. יעדעס יאָר פאַרענדיקן דאָרט פיל יידישע שילער און שילערינס זייער לערע, מיט דערפאָלג.

אין דעם זעלביקן הויז פון באַראָן הירש געפינט זיך אַ בית הכנסת, געשאַפן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה פון דעם פרומען ייד מר. גאַסקאַ. דער מקום קודש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הערלעכן היכל, וווּ די מתפללים לערנען אַ בלאַט גמרא, קומען הערן אַ שיעור. צווישן די לערנער זענען דאָ אַ סך יונגע בחורים.

פון אַוועני סעקרעטאַן גייען מיר צום פּלאַץ רעפּובליק, אַרום וועלכן עס זענען פאַראַן באַרימטע שולן און בתי הכנסת, אָבער לכבוד די ימים נוראים ווערן אימפּראָוויזירט בתי מדרשים. דאָס איז די בית תפילה פון „האָטעל מאָדערן", געשאַפן פון דעם האַרציקן פרומען ייד מ. ווישניאַק, וועלכער איז זיך מקריב בלב ונפש יעדעס יאָר לכבוד די ימים נוראים, כדי יידן זאָלן דאַווענען אין אַ היימישער סביבה, מיט זייער אָנגעזעענע פּער־זענלעכקייטן, צווישן וועלכע: שלמה פרידריך, וועלכער איז בעל מוסף און בעל תקוע. זיין דאַווענען איז פול מיט חן.

די מתפללים האָבן אַ סך תענוג. ר' מרדכי ווישניאַק האָט אויך פאַרזאָרגט אַ פיין איינגעאָרדנטע עזרת־נשים, אין וועלכער עס דאַווענען יידישע פרויען.

פון „האָטעל מאָדערן" מאַכן מיר אַ שפּאַציר אין דער נאָענטער שול אויף רי נאָטרע דאַם דע נאַזאַרעט. זי איז כמעט די עלטסטע סינאַגאָגע פון פּאַריז. דאָרט געפינען מיר אַממערסטן מזרח־אייראָפּעאישע יידן, אָבער דער רוב יוגנט געפינט זיך אַרום דער שול... וואָרעם אַלע פּלעצער זענען פאַרדונגען מיט חדשים פריער.

לאָמיר אויך נישט פאַרגעסן די קרן קימת בית תפילה, וועלכע גע־פינט זיך אין די פּרעכטיקע זאַלן פון דער פעדעראַציע פון יידישע געזעל־שאַפטן, אויף 68 רי פאַלי מעריקור, דאָרט ווערט געדאַוונט ראש השנה,

יום כיפור, מיט אַ באַטעמטן חזן און משוררים, און די מתפללים דאַווענען מיט גרויס התלהבות.

נישט בלויז עס ווערט געדאַוונט מיט האַרץ און נשמה, נאָר די איבער־געגעבנקייט פון אַלע מתפללים, פון די פּאַריזער בתי כנסיות פאַר מדינת ישראל; מיט וואָסער נשמה יתירהדיקייט זיי העלפן פאַרן ווויל פון דער יידישער מדינה.

## די שול אויף 44 רי דע לאַ וויקטואַר
## נוסח אשכנז

איבערטרעטנדיק די אייזן־געשמידטע טירן פון דער מאַיעסטעטישער ראָטשילד־סינאַגאָגע אויף 44 רי דע לאַ וויקטואַר, וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן דער גרויסער מאַרמאָר־טאָוול לזכרון עולם, מיטן טעקסט, סיי אין עברית, סיי אין פראַנצויזיש. צופוסנס פון מאָנומענט — דער טרויעריק־סימבאָלישער אַש־קאַסטן נאָך אונזערע פאַרפייניקטע קדושים.

מיר ווערן טיף באַאיינדרוקט נאָכן איבערלייענען די שורות, וואָס דערציילן וועגן אונזער מאַרטירערטום און חורבן. מיר גייען איבער די מאַרמאָר־טרעפּן, וועלכע פירן צום היכל. עס הענגען די ווייס־בלויע ישראל־פענער, אַרומגערינגלט פון יעדער זייט מיט די פראַנצויזישע נאַציאָנאַלע פענער, לכבוד דעם 23־טן יום העצמאות פון אונזער מדינת ישראל.

די שול פילט זיך ביסלעכווייז אָן מיט מתפללים און געסט. זיי ווערן אופגענומען מיט כבוד דורך די שמשים און גבאים. עס ווערט פאַרטיילט צווישן עולם דער פּראָגראַם פון פאַרלויף פון די תפילות לכבוד שבת און לכבוד דעם יום־העצמאות. די תפילות הייבן זיך אָן, ווי געוויינטלעך, זייער פּינקטלעך, צו דער באַשטימטער צייט. דער חזן בערלינסקי, אין זיין חזנישער טראַכט, דער וויצע־חזן אַטאַטי, וואַרטן געדולדיק אויפן סיגנאַל פון פּרעזידענט אָסקאַר שוואָב, אָנצוהייבן.

אָבער דאָס מאָל האָט זיך די התחלה אַביסל פאַרשפּעטיקט. מיר באַ־

מערקן אָנקומען דעם רב הראשי יעקב קאַפּלאַן. ער באַזעצט זיך רעכטס פון ארון קודש. דער רב הראשי פון פּאַריז, מאיר זשאַיס, זיצט אין דער לאָזשע פון דער לינקער זייט ארון קודש. עס ווערט אַ שטילע באַוועגונג צווישן עולם מתפללים, ווען עס באַווייזט זיך דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אשר בן נתן מיט זיינע בני בית. מען פירט אים צום אויבן־אָן. נישט ווייט פון אַמבאַסאַדאָר זעען מיר דעם נאָבעל־פּרייז־טרעגער, פּראָפעסאָר רענע קאַסען.

דער חזן בערלינסקי, מיט זיין באַריטאָן שטימע, באַגלייט דעם גוט־איינשטודירטן כאָר. אַלע מתפללים פאָלגן נאָך דאָס מקבל־שבת זיין. פאַרן רוב געסט לכבוד דעם יום־העצמאות איז דאָס מקבל־שבת זיין אַ גרויסע איבערלעבעניש. דער „חג שמח" האָט אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער שול.

מיטאַמאָל זעט מען ווי צוויי שמשים, אין זייערע יום־טובדיקע קליי־דער, קומען אַרויף צום עמוד דורך די טרעפּלעך, וועלכע קרייזלען זיך אַרום די באַדעקטע מיט פּורפּור־רויטן פּלוש, כדי צו באַגלייטן דעם הרב הראשי מאיר זשאַיס צום שולחן. הרב הראשי מאיר זשאַיס האַלט אַ פּאַ־טעטישע רעדע לכבוד דעם 23־טן יום העצמאות פון מדינת ישראל. זיין דרשה נעמט אַרום דעם רענעסאַנס פון מדינת ישראל. ער ווייזט אויף מיט פּאַרשידענע פּסוקים דעם נס פון דער 6־טאָגיקער מלחמה, טאַדלט דעם עמבאַרגאָ לגבי ישראל, דאָס, וואָס טרעפט אונז, פראַנצויזישע יידן, באַ־זונדערס פילבאַר און אַז מיר, לאָיאַלע פראַנצויזישע בירגער, קענען דע־רויף בשום אופן נישט מסכים זיין, און נאָך ווייניקער — וואָס שייך די ליי־פערונגען פון פראַנצויזישע „מיראַזש"־אַוויאָנען פאַר ליביע.

ער פירט אויס, אַז מיר האָפן אויף ווייטערדיקע ניסים פאַר מדינת ישראל און פאַר איר אייביקן קיום. לסוף זאָגט דער רב אַ תפילה פאַר מדינת ישראל, און באַלד דערנאָך — אַ געבעט פאַר דער פראַנצויזישער רעפּובליק, און ער פאַרענדיקט מיט: ונאמר אמן!

דער חזן זאָגט קדיש. הרב זשאַיס ווערט בכבוד צוריקגעפירט צו זיין מקום אין דער לאָזשע.

די מתפללים האָבן געהאַט דאָס פאַרגעניגן הערן אויספירן עטלעכע

קאַפּיטלעך תהילים פון די חזנים, צוזאַמען מיטן שיינעם כאָר: דעם טראַדיציאָנעלן ימלוך, קידוש, עלינו, אדון עולם, דאָס לעצטע קאַפּיטל איז שטאַרק געפעלן געוואָרן אַלעמען, ווייל דאָס איז דער חסידיש־מעלאָדישער שלום־עליכם.

מען ווינטשט זיך: חג שמח, לכבוד דעם יום העצמאות. חוץ מזה האָבן מיר געהאַט דעם כבוד אויפגענומען צו ווערן פון הרב הראשי מאיר זשאַיס, צו האָבן אַ זעאונג נאָך שבת.

הרב הראשי מאיר זשאַיס האָט אונז דערנאָך איבערגעגעבן פאָלגנ־דיקס בשייכות מיט דער שול פון רי דע לאַ וויקטואַר: זי איז געבויט גע־וואָרן אין יאָר 1874 פון באַרימטן אַרכיטעקט אַלפרעד אַלדאָרף. דער אַרכיטעקטאָנישער בוי איז אַן אמתער שעדעוור און אַן אוניקום פון אַלע שולן אין פראַנקרייך, און אפשר פון דער וועלט.

און באמת, אַזעלכע קונסט־אוצרות, ווי מיר זעען דאָ, אין דער שול, איז נישט בנמצא. דער דריי־שטאָקיקער הויכער קופּאָל איז ווי אַ חופה, געפורעמט איבער דעם היכל פון ארון קודש. פון דאָרט בלישטשען אַראָפּ די גאָלדענע נעמען: אברהם, משה, ישעיהו און עזרא. די וויטראַזשן זע־נען מולטיקאָלאָר: טונקל־גרין, בלוי־ווייס, געמישט מיט פּורפּור־רויט. דאָרט לייענען מיר די נעמען פון די צוועלף שבטים.

די סינאַגאָגע האָט 1600 פּלעצער, שוין צוזאַמען מיט דעם עזרת נשים. די פּלעצער זענען אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר פאַרקויפט. עס ווערט געדאַווענט יעדן טאָג, אין דער פרי און אין אָוונט. ביי דער שול איז פאַראַן אַ תלמוד תורה מיט 136 תלמידים, מיקסט. דער אונטעררריכט איז — יהדות, עברית און אַנדערע לימודים, דורך גוטע פּעדאַגאָגן; דאָס אַלץ, אונטער דער השגחה פון קאָנסיסטאָריע־דעלעגאַטן, אַלען דע ראָטשילד און ריימאָן לעווין. אָסקאַר שוואָב איז פּרעזידענט, פּאָל ווערטהיימער — וויצע־פּרע־זידענט. אויך זשאַק גרימבערג, לואי אוהרי איז וויצע־פּרעזידענט־סעק־רעטאַר. זשאַק וויל־פּיקאַר איז וויצע־פּרעזידענט־טרעזאָריע. מיטגלידער זענען: דר. העהעמי, פּיער דרייפוס, עליע העפעס, זשאַק זשאָפּע, לאַב, בערנאַר מאַנטו און וו. ראָזענבלום.

מיר האָבן געדאַנקט פאַר די אינפאָרמאַציעס דעם חשובן רב און זיך געזעגנט מיט אַ: להתראות.

## בית הכנסת „הגודת הקהילות", פון אשכנזישן נוסח

שפּאַנענדיק אויף די רוישיקע גאַסן און געסלעך פון דער „מאַרעי"־געגנט, שווימען מיר אויף פאַרשידענע זכרונות פון דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט. אגב, ווערן עס גערופן „מוזיקאַלישע" געסלעך, ווי עס האָט דעפיניִרט דער געלערנטער מישעל מאָעל. עס האָט אויפגעטויכט אַ שיינע יוגנט־תקופה, פאַרבונדן מיט דער „פּאַווע־שול".

דאָס איז געווען אין האַרבסטיקן חודש סעפּטעמבער 1925, ווען צוויי יוגנטלעכע, צוגערייזטע יידישע קינדער פון פּוילן, זענען געפירט געוואָרן צו דער חופּה. זיי האָבן זיך גערופן: מאַרי און הענרי; ס'הייסט, זיי האָבן זיך שוין געהאַט אַביסל אויסגעגרינט, געטראָגן פראַנצויזישע פאָרנעמען. עס איז געווען אַ קרייז פון אַ כאַליאַסטרע יונגע מענטשן, פריי־לעכע, פול מיט לעבנס־גלוסט. זיי זענען עס געווען די באַגלייטער פון דער שמחה אין דער פּאַווע־שול, די „אונטערפירער" צו דער חופּה וקדושין, וואָס עס האָט זיי געגעבן דער חשובער תלמודיסט קאַפּלאַן ז"ל. ער איז געווען דער פאָטער פון אונזער חשובן הרב הראשי יעקב קאַפּלאַן.

די שול, די פּאַווע־שול, געפינט זיך אין האַרצן פון דער „מאַרעי"־געגנט, 10 רי פּאַווע, אין 4־טן אַראָנדיסמאַן. דער יחוס פון דער שול איז אַ גרויסער. פריער זאָל דאָ האָבן געשטאַנען אַ היסטאָריש הויז. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון אַ פּאַריזער ייד, ה' לאָנדאָן, איז די היסטאָרישע געביידע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שול, דורכגעפירט דורכן אַרכיטעקט מר. גימאַר. ער האָט אויפגעבויט די פּרעכטיקע שול, מיט צוויי שטאָקן, גאַלעריעס פאַר די פרויען. דאָס בויען האָט געדויערט צוויי יאָר, פון 1911 ביז 1913. די שול איז געווען אַן אשכנזישע, לויטן נוסח פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. 700 פּלעצער, חוץ די גאַלעריע־באַלקאָנען פאַר אַן עזרת נשים.

בעת די ימים טובים איז די שול צו קליין אַריינצונעמען אַלע מתפּללים. ס'איז געווען אַ פּלאַן צו פאַרגרעסערן די שול, אָבער ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן, וואָרעם אונטערן פונדאַמענט איז פאַראַן צופיל פייכטקייט. עס האָט זיך אָבער איינגעגעבן אָפּצוקויפן דאָס שכנותדיקע הויז נומער 8, און דאָס אַ דאַנק דעם חשובן רב ראָטענבערג, אַן אָפּשטאַ־

מיקער פון דורות רבנים. דריי יאָר צייט האָט הרב ראָטענבערג פאַרנומען דאָס כסה־הרבנות אין דער פאַווע־שול, האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויך איבער דער רש״י־שול אויף רי באַפּרואַ. פּרעזידענט פון דער שול איז געווען הער גערטנער,ביידע וויצע־פּרעזידענטן, זאַכאַראָף און קערן. היינט איז דער גענעראַל־סעקרעטאַר הער לאָנדאָן, וועלכער איז דער גרויסער זאַמלער פאַר ישראל, — די פאַווע־שול האָט שוין געזאַמלט 14 מיליאָן פראַנק. (אַלטע).

הער העלער איז טרעזאָריע, ה׳ שניידער — קאָנטראָלער, אַדמיניסטראַטאָר, סעקרעטאַר — הער הירשין. די אַלע, מיטן חשובן רב בראש, פירן אָן מיט דער שול. יעדן פרימאָרגן קומען יונגעלייט פון אוניווערזיטעט, אפילו פון פּאָליטעכניקום, אין שול לערנען מיט התלהבות. חוץ דעם לערנט דער רב אַ שיעור גמרא מיט פופציק יידן יעדן טאָג, מנחה־צייט.

די תלמוד תורה ווערט אָנגעפירט דורכן רב׳ס טאָכטער, אַ געוועזענע תלמידה פון עברית־סעמינאַר אין ענגלאַנד. עס לערנען עטלעכע און פופציק קינדער.

עס איז פאַראַן אַ שיינע טראַדיציע אין דער שול: ביי קבלת שבת, ווען מ. פליישער זינגט אָפּ „לכה דודי״, בעט ער דעם עולם אַנטקעגן גיין דעם רב מיט כבוד, און דאַן ערשט ווערט געזאָגט בקול רם דאָס קאַפּיטל „מזמור שיר ליום השבת״. נאָכן דאַווענען זאָגט יעדער „גוט שבת״ מיט דרך ארץ, דעם חשובן רב ראָטענבערג.

אין פּרוזדור הענגען עטלעכע געדענק־טאָוולען, איינער לכבוד דעם רב הערצאָג ז״ל, און איינער לכבוד דעם רב רובינשטיין ז״ל, דעם דריטן, ביים אַריינקומען אין דער שול, אונטערן ביישטידל, לכבוד דעם גרינדער פון דער שול, מר. לאָנדאָן ז״ל.

דער פּרעזידענט מר. גערטנער איז מיר מגלה אַ סוד, אַז זיי האָבן אָפּגעקויפט אַ באָד־אַנשטאַלט אויף רי די טאַמפּל און עס וועט דאָרט זיין אַ כשרע מקווה אין האַרצן פון פּאַריז.

## די ליובאַוויטשער בית הכנסת „מחזיקי הדת״
## 17 רי דע ראָזיע, פּאַריז 4

צום וויפלטן מאָל כ׳בין געשטאַנען ביים טויער פון דעם הויז, און ס׳איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז אין אַזאַ הויז זאָל זיך קענען געפינען אַ מקום קדוש. סוף כל סוף זענען מיר געוווירי געוואָרן, אַז דאָ געפינט זיך טאַקע דער בית המדרש, ווארום צוויי ליובאַוויטשער חסידים האָבן זיך דערנענטערט און כ׳בין מיט זיי מיטגעגאַנגען.

דאָס דאָזיקע הויז דאַרף נאָך אוודאי שטאַמען פון די גאָר אַלטע היסטאָרישע הייזער, ווי אַ סך פון דער מאַרעי־געגנט — אַמווייניקסטנס פון 17־טן יאָרהונדערט.

מיר קומען אַריין אין ליובאַוויטשער בית מדרש און בלייבן שטיין פאַרוווּנדערט — ווו יידישער גייסט האַלט זיך אַלץ אויף! דערווייל האָבן יידן באַטראַכט דעם פרעמדן אורח, וואָס איז שטיינגעבליבן ווי אַן עני בפתח — ווי קומט עפּעס אַ ייד אָן אַ באָרד צווישן פרומע יידן מיט בערד? אָבער ווייזט אויס, אַז די ליובאַוויטשער יידן האָבן בעסער ליב אַ ייד אָן אַ באָרד, ווי אַ באָרד — אָן אַ יידן. עמיצער פון די חסידים האָט דערלאַנגט דעם אורח אַ סידורל און מ׳האָט זיך געשטעלט דאַווענען מנחה.

ס׳איז געווען גרויסער טאָג, צו קבלת שבת נאָך גאַנץ ווייט. ווי דער שטייגער ביי די חסידים, פרייטיק פאַרנאַכט, צווישן מנחה און קבלת שבת, זאָגט מען „שיר השירים״. אַזוי פירט זיך אויך ביי די גערער חסידים. איז עס אָבער ביי די ליובאַוויטשער חסידים פּונקט דער היפּוך. ווארעם ביי זיי נעמט מען גאָר לערנען אַ בלאַט גמרא.

נו, מילא, הערט מען זיך צו מיט חוש ווי זיי לערנען מיט גרויס חשק. אָבער דאָס לערנען זייערס איז אויף אַ גאַנץ אַלטן אופן, ווי מיט ניגונים. יעדער איינער לערנט פּשט מיטן פינגער, אַזוי אַז די רעיונות ביים אורח האָבן גענומען עגבערן דעם מוח. היתכן, ווי קומט עס, וואָס די ליובאַ־וויטשער האָבן אויסגעקליבן פאַר זייערס אַ „שטיבל״ אַזאַ מין הויז?

אַזוי טראַכטנדיק, האָב איך זיך פאַרטיפט אין מיינע חלומות און עס איז אויפגעשוווּמען אין זכרון אַ וווּנדערלעכע תקופה. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק, ווען אונזער גרויסער קינסטלער מאָריס שוואַרץ ז״ל האָט געגעבן אַ רעציטאַל אין טעאַטער „סאַראַ בערנאַר״ אין

פּאַריז. צווישן אַ סך אַנדערע זאַכן, האָט ער רעציטירט „דעם אַלטן בית מדרש, וואָס שטאַמט פון גאָר אַלטע צייטן" — דריי ישיבה־בחורים זיצן און לערנען.

פּלוצים האָט אַ בליץ געטאָן אין מיין מוח און דער בליק איז געפאַלן אויפן זייגער, וועלכער הענגט רעכטס פון ארון קודש. עס איז שוין געווען קרוב צו האַלב־אַכט. אָבער די ליובאַוויטשער זיצן אַלץ און פּשטלען זיך איבער דער גמרא. ענדלעך גיט זיך אַ שטעל אויף אַ יונג בחורל, ווי ער וואָלט גריילעך דערפילט דעם אורח'ס אומגעדולד. ער טוט אַ קלאַפּ אין שולחן און מען נעמט זיך מקבל־שבת צו זיין.

מען דאַוונט ביי די ליובאַוויטשער מיט אַ סך התלהבות און העזיות, אָבער אָן שום ניגונים. אַזאַ איז דער מנהג ביי זיי. עפּעס פעלט מיר. באלד נאָכן דאַווענען גיבן די מתפללים אָפּ „גוט־שבת", מען זינגט אונטער אַ פריילעכס. און איידער וואָס־ווען, פאַרלעשט זיך די עלעקטריע. צום גליק, האָבן די ליכט ביים עמוד נאָך גענוג געסטייעט עפּעס צו זען. מיר כאַפּן אַ שמועס מיטן חשובן תלמיד חכם רב הלל זיסלין. ער גיט אונז איבער אינטערעסאַנטע איינצלהייטן וועגן די ליובאַוויטשער, וועגן זייער דרך אין חסידות.

— ווי איר זעט, ר' ייד — זאָגט ער — האָבן מיר אַ סך חסידים־שטיבלעך, ב"ה. מיר האָבן אויך אַ באַזונדער חדר פאַר נשים. זיי קומען איבער אַ צענדליק, שבתים און יום טובים, אין שול אַריין. אמת, עס איז דאָ טאַקע אַביסל ענגלעך.

דער חשובער רב הלל זיסלין זאָגט מיר:

— צו קבלת שבת, ווי איר זעט, זענען מיר עטלעכע מנינים, אָבער שבת אין דער פרי צום דאַווענען קומען זייער פיל ליובאַוויטשער תלמי־דים פון זייער ווייט. שבת נאָך שחרית געפינען איך זיך אין דער שול פון רי פּאַווע, דאָרט לייען איך די תורה. אָבער מיר, ליובאַוויטשער, האָבן אונזערע בתי כנסיות. חוץ מזה — אונזערע אייגענע ישיבות, די גרעסטע פון זיי — אין ברינואַ. דאָס איז אַ פאָרשטאָט פון פּאַריז. מיר לערנען מיט די קינדער תורה, פאַרשפּרייטן יידישן דת בכל ארבע פינות העולם, שוין אָפּגערעדט, אין ארץ ישראל הקדושה. און ווי אונזער רבי שליט"א האָט געזאָגט: בביאת משיח צדקנו בצהרה בימינו. אמן!

## בית הכנסת תפילה ישראל, נוסח אשכנזי, שם הרב ישראל פראַנקפורטער זצ"ל
## 24 רי בורג טיבורג, פאַריז 4

דעם צווייטן טאָג שבועות, צו מזכיר־נשמות זיין, האָבן מיר זיך געפונען צווישן די מתפללים. זיי היטן אָפּ מיט גרויס התלהבות דאָס בית הכנסת, בלב ונפש פון זייער רב הקדוש, וואָס איז דעפּאָרטירט געוואָרן. אַלע נסיונות האָבן זיי גובר געווען, כדי אויפצוהאַלטן דעם דאָזיקן בית המדרש. כאָטש מיט דער צייט זענען אַ סך מתפללים זיך צעפאָרן, און די אַשכנזישע יידן, וועלכע ווינען אַרום אונזער מקום קדוש פאַרגעסן, לײדער, פון צייט צו צייט אָפּצוהיטן די צוואה פון זייערע עלטערן. זיי האָבן אָבער קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו גיין דאַווענען אין די שבתים און יום טובים אין זייער בית הכנסת.

נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת, האָבן די עלטערע מתפללים פון בית המדרש באַשלאָסן זיך משדך צו זיין מיט די ספרדישע יידן, גוטע, פרומע מתפללים, און האָבן זיי פאַרבעטן אין זייער בית המדרש. אַזוי אַרום איז פאַרזיכערט געוואָרן דער המשך פון דער שול.

מיר האָבן זיך איינגעהערט בעתן דאַווענען פאַרן עמוד, פון די ספרדים, וואָס פאַראַ טייערע עברי זיי זאָגן. הײַנט צו טאָג האָבן מיר תמיד צוויי מנינים, סיי אין די שבתים, סיי אין די יום־טובים. אויך אַ גאַנצע וואָך דאַוונט מען מיט אַ מנין, ברוך השם. דאָס דאַווענען הייבט זיך אָן 7.30 אין דער פרי. דער פרעזידענט פון דער שול, מר גדליה לערנער, אַן אָפּגעהיטענער ייד, אַ יודע ספר, זאָגט דברי תורה נאָכן דאַווענען. ער דערציילט אונז ווי אַזוי די שול ווערט פאַרוואַלטעט:

— אונזער מקום קדוש איז אונטער דער השגחה פון הרב זכיה פראַנקפורטער שליט"א. ער איז דער זון פון אונזער דעפּאָרטירטן רב הקדוש. וואָס שייך די גברים אונזערע, כאָטש זיי זענען נישט אין כמות, דערפאַר זענען זיי אָבער אין איכות. דאָס זענען: מר ראָזען, אַ ייד אַ תלמיד־חכם. אויב דער זכרון גענאַרט מיר נישט, איז ער נאָך געווען אַ לערנער אין זיין אַלטער היים־שטאָט לאָדזש. אַ באַשיידענער מענטש. אויך ר' דוד כהן און ר' שלמה ניסן.

— דערלויבט מיר, חשובער פריינט — זאָגט הער גדליה לערנער — אביסעלע זכרונות וועגן אונזער בית המדרש. די גרינדונג איז זיך פאַרלאָפן

צוזאַמען מיט אַ מעשה נורא. וואָרעם די שול איז אַ המשך פון דער פליישמאַן־שול, וואָס האָט זיך געפונען אויף 18 רי דעז עקוף. לײדער האָט דעמאָלט פּאַסירט אַ נישט־שײנער זשעסט פון אַ מתפלל לגבי אונזער רב ישראל פראַנקפורטער זצ״ל. דאָס איז געווען אונטער אונזער כבוד. אַזוי אַרום האָבן מיר, אַ גרופּע מתפללים, תיכף באַשלאָסן צו שאַפן אַן אײגע־נעם פאָנד און צו פאַרזאָרגן זיך מיט אַ לאָקאַל. מיר האָבן אָפּגעריכט גלות. די געטרײַע מתפללים פון רב הקודש האָבן דערוויַיל געדאַוונט בײַ אים אין דער וווינונג. ביז עס איז ענדלעך געקומען דער חנוכת הבית פון אונזער בית־מדרש. דאָס איז געווען אין יאָר 1932. די צאָל מתפללים האָט זיך בהדגהדיק פאַרגרעסערט. מיר האָבן תמיד געהאַט אַ געקליבענעם עולם מתפללים.

אין אָט איז אונטערגעקומען די צווייטע וועלט־מלחמה. דער רב הקודש, זעענדיק די טרויעריקע לאַגע פון אַ סך אָרעמע יידן, האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ קוך ביים בית הכנסת. שווער איז געוואָרן, ווען די רוצחישע נאַציס האָבן באַזעצט פּאַריז, און טראָץ דעם האָט די קוך ווייטער פונקציאָנירט. אין פאַ־טאַלן טאָג פון 16־טן יולי 1942, זענען טויזנטער יידן, יונג און אַלט, אַרויס־געריסן געוואָרן פון זייערע היימען און אַרײנגעשליידערט געוואָרן אין וועלאָ־דראָם ד׳היווער. און צווישן די קרבנות האָט זיך געפונען אונזער טייערער רב פראַנקפורטער מיט זיינע בני בית.

אָבער אונזער בית כנסת איז על פּי נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. נאָכן גרויסן חורבן האָבן די שארית הפליטה גענומען צוריק אויפבויען זייערע בתי תפילה, פונקט ווי זייערע היימען. אָבער אונזערע וווּנדן פאַרהיילן זיך נישט אַזוי לייכט.

היינט צו טאָג פייערן מיר אַ גרויסן יום טוב — דאָס עולה זיין קיין ישראל פון אונזער חשובן מתפלל יעקב בערקאָוויטש, וועלכער האָט שוין דאָרט זיינע קינדער אין ירושלים. מיר ווינטשן זיי אַ צאתכם לשלום און אַ בואכם לשלום. מיר זאָגן: כן ירבו!

## בית הכנסת נוסח אשכנז, 75 רי זשיליען לאַקרואַ, פּאַריז 20

דער מקום קדוש איז אינאָגורירט געוואָרן אין חודש יוני 1931. אָבער דאָ געפינען זיך היינט פּאַקטיש צוויי בתי כנסיות, דערפאַר, ווייל מיטן אָנקו־

מען פון די צפון־אַפריקאַנישע יידן, איז די שול אויך אַ ספרדישע, דער עיקר טונעזישע יידן. צום גליק, האָט די גרויסע שול געהאַט אויך אַ נעבן־זאַל פאַר דער פיל קלענערער עדה אשכנזישע יידן. צוויי מנינים האָבן זיי תמיד ב״ה, אַזוי יעדן שבת און יום־טוב. בלויז בעת די ימים נוראים איז די שול צו קליין אַריינצונעמען אַ גרעסערן עולם — זאָגט אונז דער גבאי.

צווישן די מתפללים געפינט זיך דער חשובער שרייבער צבי ראַיאַק, וועלכער פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אויף רעליגיעזע טעמעס. די שול ווערט אָנגעפירט און פרעזידירט דורך דוד שעגין, וויצע־פרעזידענט יוסף פּרוכט און אברהם ספּעקטאָר. די גבאים זענען: שמעון בערלאָוו, אליהו קריי־וויאַן, זלמן קאַזאַקאָוו. שליח ציבור איז משה טייטלבוים, וועלכער איז אויך אַדמיניסטראַטאָר און פּעדאַגאָג ביי דער תלמוד תורה.

כאָטש די אשכנזישער שול איז נישט גרויס, האָט זי אויך אַן עזרת נשים, די פרויען קומען דאַווענען שבתים און יום־טובים. און באַטרעטנדיק די שול, האָט אויפגעטויכט אין מיין זכרון אַזאַ מעשה נורא: אין יאָר 1951 איז דאָס געווען, עס זענען געקומען יידישע עלטערן, געזועזענע ווידערשטענדלער, וועלכע האָבן אָפּגעראַטעווועט זייערע קינדער און זיך גופא על פּי נס. זיי האָבן, מיט מזל, געפּראַוועט אַ בר מצווה פון זייער זון אין דער שול. משפחה און פריינט זענען געקומען אַזש פון ווייטע מקומות. די שול איז איבערפולט מיט מתפללים, געשפּאַנט, ווען דער בר־מצווה־בחור וועט עולה לתורה זיין. און אָט רופט דער גבאי אויס:

— יעמוד הבחור זאב פּנחס בן חנוך.

אַלעמענס אויגן זענען געוואָנדן צום באַלעמער, ווען ער מאַכט די ברכות בקול רם, און ווען ער לייענט די פרשה השבוע. דער רבי זיינער, וועל־כער שטייט דערלעבן, זאָגט בשתיקה צום פאָטער: „ער לייענט „קאָם איל פאָ״. דער פאָטער איז איבער־גליקלעך. עס קומט אַן עכאָ פון אַפּלאָדיסמענטן פון דער פרויען־גאַלעריע. ביי זיין עלית התורה, האָט דער פאָטער מנדר געווען מיט אַ ברייטער האַנט פאַר מגביות בלב ובנפש.

מען דאַרף זיך היינט פאַרטראַכטן וועגן דער עוולה פון עלטערן נישט צו געבן קיין יידישע דערציאונג די קינדער. אַן חינוך, איז שווער אויפ־צוהאַלטן דעם המשך פון יידישן פאָלק.

אצינד קומען מיר צו דער ספרדישער בית הכנסת, מיט דער גרויסער צאָל מתפללים, און צווישן זיי פיל יוגנטלעכע, אַן עין הרע. זיי לעבן נאָך

מיט די טראַדיציעס, ווען דער פאָטער בענטשט זיינע קינדער, ביי יברכך, און דעקט איבער מיט זיין טלית זייערע קעפּ. דאָס דערמאָנט אונז אַמאָל, ביי אונזערע יידן אין פּוילן, צו כל נדרי, ווען דער פאָטער האָט געבענטשט די קינדער און די מוטער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און געווישט די הייסע טרערן.

די פאַרשטייערשאַפט ביי די ספרדישע יידן באַשטייט פון די רבנים, ר׳ אברהם כהן, זשולעס זשמאַדזשאַ. די גרינדער זענען — פּרעזידענט לוסיען בעלליט, וויצע־פּרעזידענט מומו דויעב און טרעזאָריע גאַסטאָן סאַיאַדאַ, וויצע־טרעזאָריע אַלבערט גיאַרנאַ, פּרינציפּאַלער אַדמיניסטראַטאָר איז וויליאַם בעלכאַסען. זיי האָבן געגרינדעט די שול אין יאָר 1963. זיי האָבן אויך אַ שליח ציבור. די צאָל מתפּללים — אַן ערך פון 4 ביז 5 הונדערט. אויך די עזרת נשים איז תמיד איבערפולט. די תלמוד תורה האָט אַ היפּשע צאָל קינדער, איבער 350, קיין עין הרע. זיי לערנען יהדות, עברית. עס ווערט געלערנט זונטיק און דאָנערשטיק אַ גאַנצן טאָג. זיי האָבן אַ גוטע קאָנטינגע פון פ. יי. פּ. עס ווערט געזאַמלט פאַרן קרן קימת און אַנדערע מגביות.

זיי האָבן אויך אַ גרויסע יערלעכע עליה קיין ישראל, דער עיקר פון יוגנט.ביידע כנסיות זענען אונטער דער השגחה פון חשובן רב הראשי עמ־נואל שושענאַ, וועלכער דאַוונט איין שבת ביי די ספרדים און איין שבת ביי די אשכנזים.

דער ערשטער פּרעזידענט פון דער גרויסער שול איז געווען מר. מאָריס בערלאָוו ז״ל. ער איז אויך געווען הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער פראַנצויזישער צייטונג „ל׳אָראָר״. ער איז יונג געשטאָרבן, דעם 29־טן אַפּריל 1961, און זיין נאָמען איז פאַראייביקט אויף אַ טאָוול אין דער גרויסער שול.

## די בית הכנסת רש״י, נוסח אשכנז, 6 רי אמברואז טאָמאַס, פּאַריז 9

מיר שטעלן זיך אָפּ ביים טויער פון 57 רי די פאָבורג פּואַסיאָניער. דער דורכגאַנג רופט זיך: אמברואז טאָמאַס. מיר גייען צו דער רש״י־שול. אָבער מיט וואָס איז דער טויער אַנדערש ווי אַנדערע? איז די מעשה אַזאַ: אויף דעם דאָזיקן טויער זענען געבויט געוואָרן הויכע, מאַסיווע שטאָקן, נאָך אין

די יאָרן 1896־97, אַ שעדעוור פון באַרימטן ארכיטעקט זשאק הערמאַנטי. צי ער איז געווען אַ ייד, ווייסן מיר נישט. איינס איז אָבער זיכער — דער גורל האָט געוואָלט אַז צווישן זיינע מאַסיווע הייזער איז פאַרבליבן אַ בכודיקער פלאַץ ווו ס'איז אויפגעבויט געוואָרן, גאַנצע 30 יאָר שפּעטער, די בית־הכנסת רש"י. דער טויער טיילט זיך אויס פון אַלע אַנדערע טויערן אין דער גאַס, ציט צו די אויפמערקזאַמקייט פון יעדן דורכגייער, בפרט פון די, וואָס זענען ליבהאָבער פון קינסטלערישע ווערק. עס איז אַן אמת אַרכיטעקטאָניש קונסט־ווערק. אַ סקולפּטור און ארנאַמענט פון אייזן, ציזעלירט דורכזיכטיק דעם נאָ־מען פון דער גאַס אברואז טאָמאַס.

דורכן טויער גייען מיר אַריין אין קליינעם הויף, מיר פאַרנעמען זיך לינקס. דאָרט געפינט זיך די רש"י־שול. מיר גייען אַריין מיט יראת־הכבוד און טרעפן אַ גאַנצע עדה יידן, אָנגעטאָן אין זייערע טליתים. זיי דאַווע־נען מיט התלהבות. מיר ווערן אויפגענומען זייער פריינדלעך און איך ווער אביסעלע באַרוישט. איינער זאָגט צו מיר:

— אייך, ר' ייד, קומט אַ באַזונדער ברוך הבא און אַ שלום עליכם. איר קומט אוודאי פון „אונזער וואָרט".

— ווי פאַלט אייך איין מיר צו פרעגן?

— מיר לייענען תמיד די רעפּאָרטאַזשן איבער די שולן אין פּאַריז. מאַכט זיך באַקוועם. נעמט אַ טלית און אַ סידור.

עס קומט צו דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון דער שול, ר' יהודה מאַטיאַס, אַ ייד אַ למדן, דער פּערמאַנענטער סעקרעטאַר פון דער רש"י־שול. מיר אונ־טערהאַלטן זיך מיט אים אַביסל.

דאָס דאַווענען פון בעל תפילה דערמאָנט אין ווייטע זכרונות פון די אַמאָליקע גערער שטיבלעך. באַלד נאָכן דאַווענען ווערט געפּראַוועט אַ קידוש, מיט אַ פיינעם צובייסן, פון געשמאַקע יידישע מאכלים.

צומאָרגנס ווערן מיר אויפגענומען אין דער ביוראָ פון דער שול, און מיר שמועסן ווייטער מיט יהודה מאַטיאַס. ער זאָגט אונז:

— דער קידוש איז שוין געוואָרן אַ מנהג ביי די מתפללים. אָבער ווען איר וואָלט נאָך געזען די מסיבה לכבוד דעם בר־מצווה־בחור פון דער חשו־בער משפחה יהודה גראָס. איר וואָלט געהאַט אַן אמתע הנאה. פון ארבע פינות העולם זענען געקומען משפחה און פריינד, זיך משמח צו זיין. אונזער ספּע־ציאַליטעט איז אמתער יידישער טשאָלנט. וואָס שייך דער שול גופא:

זי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1936 דורך מר. ישראל בלום, דער פּרעזידענט איז געווען מר. אַלעקסאַנדער קליין, וועלכער האָט אָפּגעקויפט די שול נאָך דער מלחמה און זי געשאָנקען קהל. דער ערן־פּרעזידענט איז ר׳ מאיר לוי פלאָם. ער איז דער דברי תורה פון דער שול. די גבאים זענען: אליהו לילינג, יהושע חיים קעלסקי, חיים שטעמער און דוד ברוינער.

— מיר האָבן צווישן די מתפללים גוטע תלמוד־קענער, וועלכע לערנען אַ שיעור ביים רב שליט״א ראָטענבערג. מען דאַוונט יעדן טאָג אין דער פרי און אין אָוונט. תמיד איז פאַראַן אַ מנין. אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר האָבן מיר 8 מנינים. מיר האָבן אויך אַן עזרת נשים פון 2 שטאָק. די תלמוד תורה ווערט באַזוכט פון 150 תלמידים און תלמידות, איז טעטיק יעדן זונטיק אין דאָנערשטיק, אַ גאַנצן טאָג. עס ווערט געלערנט יהדות און עברית דורך קאָמפּעטענטע פּעדאַגאָגן. מיר זאַמלען אויך פאַרן קרן קימת לישראל, ביים מנדר זיין ביי עלית התורה.

נאָך דער מלחמה פון די זעקס טעג האָבן זיי געזאַמלט 65 מיליאָן פראַנק פאַר מדינת ישראל. זיי האָבן אויך לעצטנס געפייערט אַ שיינע מסיבה פאַר אַ יונג פּאָרל, וואָס האָט עולה געווען קיין ישראל.

מיר באַדאַנקען דעם חשובן גענעראַל־סעקרעטאַר ר׳ יהודה מאַטיאס און ווינטשן אים: להתראות!

## אין דער שול פון ר׳ מאיר בר אילן, נוסח ישראל

ס׳איז כדאי צו דערציילן אייניקע פאַקטן, וואָס האָבן גורם געווען עס זאָל געשאַפן ווערן די דאָזיקע שול, פון ספרדים און אשכנזים צוזאַמען. דאָס דערציילט אונז דער פּרעזידענט פון דער שול, מר. קלאַגסבלאַד:

— מילא, אין דער לעצטער מלחמה האָבן מיר דאָך פאַרלוירן אַ דריטל פון אונזער פאָלק. מען האָט געדאַרפט, נאָך אַזאַ חורבן, צוריקרופן צו די קוואַלן פון לעבן, דאָס מיינט — צו דער אמונה, צו באַהעפטן זיך מער מיט יהדות. דריי יידישע אינטעלעקטואַלן האָבן זיך פאַרזאַמלט און געגרינדעט דעם דאָזיקן בית הכנסת פון ישראלדיקן נוסח. דאָס איז געווען באַלד אין יאָר 1948. די גרינדער זענען געווען: הרב פּ. ראָטמאַן, דר. קאַלנאַי און דער פּרעזידענט, מר. קלאַגבלאַד, אַ זון פון אַ חשובער משפחה פון האָלאַנד. מיר

האָבן נישט פאַרלוירן קיין צייט. מיר האָבן, ווי איר זעט, געפונען אַ פּאַסיקן לאָקאַל אויף 4 רי מאַרטעל, פּאַריז 10.

קיין מתפּללים האָבן, ברוך השם, נישט געפעלט. צווישן זיי איז אויך געווען דער רב טשאַסקאַלאַ, וועלכער האָט זיי מהנה געווען מיט דברי תורה. שפּעטער איז אויך צוגעקומען דער גרויסער נדבן משה אהרן באָרענשטיין ז״ל, וועלכער האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט דער בית הכנסת, צוגעצויגן פיל מתפּללים פון דער גאַנצער געגנט אַרום.

היינט צו טאָג ציילן זיי אַן ערך אַכט מניינים יידן, כן ירבו. זיי האָבן אויך ארום זיך אַ יוגנט־באַוועגונג, וואָס רופט זיך „בני עקיבא״. דאָס איז אַ מוסטער פון אַ יידישער יוגנט.

— איר האָט זיכער געהאָט נחת שבת ביים דאַווענען ? — פרעגט מיך דער פּרעזידענט קלאַגבלאַד — פון דעם אופן פון איינלעבן זיך מיטן יש־ראלדיקן נוסח פון יונג און אַלט.

די יוגנט־באַוועגונג „בני עקיבא״ געפינט זיך אונטער דער השגחה פון גבאים, צווישן זיי, פון אינזשיניער ראָטמאַן, דער זון פון הרב ראָטמאַן, דר. גרינבערג, פּראָפעסאָר גאָלדבערג, וועלכער איז אַן עקאָלאָג און מחבר פון ביכער אויפן געביט פון וויסנשאַפט; צווישן זיי אויך — דער דר. האָלאַנד און דער פּרעזידענט קלאַגבלאַד. דער לעצטער וויזט אָן מיט שטאָלץ, אַז זיין יידיש לשון, וואָס ער רעדט, האָט ער זיך אויסגעלערנט אין פּאַריז. ער זאָגט מיט גרויס צופרידנקייט, אַז אַלע מתפּללים זענען רק שומרי־שבת׳ניקעס. עס ווערט אויך געלערנט יעדן דינסטיק אָונט אַ שיעור גמרא, ווי אויך שבת פאַר קריאת התורה. עס איז אַ טראַדיציע ביי זיי צו פּראַווען אַ קידוש שבת נאָכן דאַווענען. דער לאָקאַל, ספּעציעל פאַר די נשים, איז זייער שיין איינגעריכ־טעט.

— ביי אונז איז אָבער אַ מנהג נישט מנדר צו זיין ביי עלית התורה. איי, מען דאַרף דאָך האָבן כסף ? באַשטייערט זיך יעדער מתפּלל לויט זיינע יכולתן. מיר האָבן איינגעפירט אַ ספּעציעלע תפילה פאַר מדינת ישראל, וואָס רופט זיך „לשלום על ישראל״, און די דאָזיקע תפילה ווערט געזאָגט בקול רם דורך אַלע מתפּללים.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער שמועס מיטן חשובן פּרעזידענט מר. קלאַסבלאַד, און מיר האָבן אים געווונטשן אַ האַרציקן שלום.

## 9 בית המדרש בית ישראל, 4 רי סאַלניע, פּאַריז

מיר זענען געגאַנגען צו קבלת שבת און דורכגעשניטן איינע פון די לענגסטע פּאַריזער גאַסן, רי לאַפאַיעט. דאָס איז אַ היסטאָרישער נאָמען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. לאַפאַיעט האָט אויך געהאָלפן זיך באַפרייען די פאַרייניקטע שטאַטן פון ענגלישן יאָך. דאָס איז געווען אין יאָר 1789. זאָל ביי דער געלעגנהייט אויך דערמאָנט ווערן, אַז די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געגעבן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן דאָ אין לאַנד. אין יענעם רעוואָלוציע־יאָר האָט לאַפאַיעט באַשלאָסן קומען צוהילף דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אין פאַרביטערטן קאַמף קעגן די ענגלענדער. ער האָט אָבער אָנגעטראָפן גרויסע שוועריקייטן, ווייל זיין אדעליקע משפחה, ווי אויך די מלוכה האָבן זיך קעגנגעשטעלט זיין פּלאַן. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעשראָקן.

מיט אַזעלכע דערמאָנונגען און מחשבות זענען מיר געגאַנגען איבער דער רי לאַפאיעט, ווו ס'זענען אויף טריט און שריט פאַראַן ביזשוטעריע־געשעפטן און געשעפטן פון שמינק־אַרטיקלען. ביז מיר זענען אָנגעקומען צו דער שמאָלער גאַס רי סאַלניע, נומער 4. מיר באַטרעטן דאָס הויז פון מקום קדוש און ווערן פאַרפּלייצט פון ליכט, וואָס שטראָמט פון די קרישטאָלענע הענג־לאָמפּן. אַ פּילצאָליקער עולם יידן, מתפללים. זיי רינגלען אַרום זייער רבין, הרב נתן טשאַסקאַלאַ שליט״א. גאַנץ אויבן אָן, פון דער רעכטער זייט פון ארון קודש, הערן זיי זיך צו מיט התמדה, וואָס דער רבי לערנט וועגן שומרי שבת און דברי תורה מעניני דיומא. אייניקע שטעלן שאלות און דער רבי ענטפערט מיט באַלערנדיקער חשיבות. צו די דברי תורה האָבן מיר זיך גוט צוגעהערט און מיר זענען געקומען צו דער מסקנה, אַז דאָס איז אייגנטלעך דער ציל פון חשובן הרב טשאַסקאַלאַ — צו פאַרשפּרייטן וויסן דורך תורה צווישן אַט די יידן, וכן יהי רצון ונמר אמן.

אַ צייט שפּעטער, ווען דער רב איז צוריקגעקומען פון ישראל, האָב איך ווידער געהאַט דעם כבוד צו ווערן אויפגענומען פון רב בכבודו ובעצמו אין בית־דין־חדר פון דער קאָנסיסטאָריע. דער רב האָט אונז איבערגעגעבן אויספירלעכע פּרטים בשייכות מיטן בית המדרש.

— קודם כל — זאָגט דער רב — איז בייטיק אַ היסטאָרישע פעסטשטעלונג: דער בית המדרש אונזערער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917 דורך אַ ייד אַ חסיד, רבי ראַפּאָפּאָרט, אויף רי דע לאַ וויקטואר. אַ סך שפּעטער

האָט אַ חשובער ייד מר. צוקער, אָפּגעקויפט די שול און זי איינגעאָרדנט אויף רי סאָלניע. קיינמאָל האָט דאָרט נישט אויסגעפעלט קיין מנין, אפילו בעת די גרויסע סכנות, ווען די הילטעריסטן ימח שמם, האָבן געלויערט אויף יידישע לעבנס. דאָך האָבן יידן אָפּגעהיטן מיט מסירת נפש זייער בית המדרש. נאָך דער מלחמה, ערשט אין 1950, האָט הרב טשאָסקאָלאָ איבערגענומען די השגחה איבער דער שול „בית ישראל", און דער סדר איז תמיד דער זעלבער: תפילה טאָן און לערנען תורה.

די שול פאַרמאָגט 100 זיץ־פּלעצער און אַן עזרת נשים, אויף אַ חסידישן אופן. מען דאַוונט צוויי מאָל טעגלעך, און אַ שיעור ווערט געלערנט, אפילו שבתים און יום־טובים. אין דער תלמוד תורה לערנען אַ היפּשע צאָל קינדערלעך יהדות און עברית. די חשובע גבאים זאָרגן פאַרן קיום פון בית המדרש — פּרעזידענט ר' אהרן זילבערמאַן, ר' שמואל בעלטרייך, ר' פּייוול בלייכער, מר. אָרפּוס, מר. יודין און מר. טוכשניידער, און נאָך פיל אַנדערע.

דער פּרעזידענט פון דער שול איז א ייד אַ משכיל, שטאַמט פון וואַרשע און ער ווידמעט זיך אַ סך פאַרן חינוך. די שול האָט אויך א ספּעציעלן שליח ציבור, מר. צבי וועבער. אין דער שול ווערט געזאַמלט פאַר מגבית, הן צווישן די מתפּללים, הן פּריוואַט, און בעת עלית התורה. בכלל ווערט אַלץ געפירט אין גייסט פון אמתדיקער ריינער מסורה, ענג פאַרבונדן מיט מדינת ישראל.

אונזער דרך ארץ פאַר זיי, שלום וברכה.

## בית הכנת דע מאַנמארטר, נוסח אשכנז
## 21 רי סט. איזאַר, פּאַריז 18

לכבוד שבת שירה, זענען מיר אַוועק אין דער רחבותדיקער שול, אין בית הכנסת דע מאָנמאַרטר. די שול איז באַנייט געוואָרן באַלד נאָך דער מלחמה, אין יאָר 1945; ווייל אויף דעם אָרט האָט שוין עקזיסטירט אַ בית המדרש, וואָס איז חרוב געוואָרן דורך די נאַצישע וואַנדאַלן. דער בית המדרש איז געבויט געוואָרן אין אַ שיינעם, מאָדערנעם סטיל.

מיר פאַרנייגן זיך מיט יראת הכבוד פאַר די סלאָגאַנען, איינגעקריצט אין דער מזרח־וואַנט, איבערן ארון קודש. מיר לייענען: שותי אדוני לנגדי

תמיד, ואהבת לרעך כמוך. איבער די געזימסן פון דער נשים־גאַלעריע זענען אויפגעשריבן די נעמען פון אונזערע אבות, נביאים און מלכים: אברהם, יצ־חק יעקב, משה ואהרון, ישעיהו, ירמיהו, יחזקאל, שמואל, דוד, ושלמה המלך. די אַלע נעמען זענען באַלויכטן פון די מולטיקאָלאָרע וויטראַזשן פוןביידע זייטן ווענט און פון דעם טיפן הויך פון דער שול.

צווישן די חשובע אַדמיניסטראַטאָרן פון דער שול דאַרף מען קודם דערמאָנען הרב יעקב מאַדאַר שליט״א, פּרעזידענט מר. זשאָרזש גאָלד, וויצע־פּרעזידענט נתן לעוויטאַן. צווייטער וויצע־פּרעזידענט ברוך זאָבעלמאַן. גבאים: מאָריס גראָס (פּאַטראָן פון גאַלערי באַרבעס), שלמה חיים געמאַש, מיכאַל הערצזאַפט.

אַן ערך 5 מנינים דאַווענען אין דער שול. אויך די עזרת־נשים איז גוט באַזוכט אין די יום־טובים. עס ווערט געדאַוונט אין דער וואָכנס, ספּעציעל מאָנטיק און דאָנערשטיק. די שול פאַרמאָגט אַ תלמוד תורה פון 80 קינדער און גוטע פּעדאַגאָגן. עס ווערט געלערנט יהדות בכלל און עברית, אונטער דער השגחה פון הרב יעקב מאַדאַר. די תלמוד תורה געפינט זיך אויף 121 רי שאַמפּיאָנע. דער שליח ציבור פון מקום קודש רופט זיך צבי לייב לעווין. אַן עולה פון ראַטנפאַרבאַנד, וועלכער האָט אנטיילגענומען אין דער פאַרטיי־דיקונג־מלחמה פון מדינת ישראל. ער איז שפּעטער געווען אין מאַראָקאָ. דער רבי זיינער, הרב מנחם מענדל שניאורסאָן מליובאַוויטש, האָט אים דערנאָך באַפוילן צו באַזעצן זיך אין פאַריז. און דאָ פאַרנעמט ער זייט לאַנגע יאָרן דעם פּלאַץ אַלס שליח ציבור אין דער בית הכנסת הגדולה. דאָס איז אַ ייד מיט אַ גרויס יידיש האַרץ, אַן הדרת פּנים.

דורך דעם דאָזיקן שליח ציבור זענען מיר טאַקע אויפגענומען געוואָרן, מיט גרויס כבוד, מיט דער הסכמה פון רב יעקב מאַדאַר שליט״א.

***

נאָך שבת שירה איז פאָרגעקומען די הזכרה פאַר ר׳ משה דב קאַראָ־ליצקי. דאָס איז געווען זונטיק דעם 13־טן יאַנואַר 1972. ר׳ משה דב קאַראָ־ליצקי איז געווען דער שליח ציבור אין דער בית הכנסת הגדולה דע מאָנמאַרט 13 רי סט. איזאַר, פּאַריז 18. צו דער אזכרה איז געקומען באַערן דאָס גאַנצע יידישע פּאַריז, צווישן זיי צוויי רבנים, הרב העגרי שילי און הרב יעקב מאַ־

דאר שליט״א, רב פון דער סינאַגאָגע. צוערשט, פאַר דער אזכרה, האָט הער טײשידלער געזאָגט:

— וואָס אַ פאָטער האָט נישט זוכה געווען ביים לעבן, האָבן אים די קינדער איצט דעם כבוד אָפגעגעבן אין בית הכנסת. איצט קען מען אָפּשאַצן די איבערגעגעבנקייט פון זיינע יורשים.

די אזכרה האָט זיך אָנגעהויבן מיט תפילות פון שליח ציבור לייב לעווין. ער האָט מיט זיין האַרציקער שטימע, גערירט ביז טרערן, געמאַכט אַן אל מלא רחמים. הרב ר׳ יעקב מאדא שליט״א האָט געהאַלטן אַ הספד־דרשה. ער האָט אַרויסגעהויבן די פאַרדינסטן פאַרן יהדות פון ר׳ משה דב קאַראָליצקי ז״ל, זייט זיין קומען קיין פאַריז. צוזאַמען מיט זיינע בני־בית האָט ער ממשיך געווען אמונה און דעם פאַרלאַנג פאַרן צוריקקער צום לאַנד פון אונזערע אבות, ארץ ישראל. ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן זיין חלום, וועלן עס זיינע קינדער פאַרווירקלעכן. זיין גאַנץ לעבן האָט ר׳ משה דב קאַראָליצקי געדינט בלב ונפש אונזער סינאַגאָגע. אפילו אין די לעצטע יאָרן האָט ער באַוויזן אויסצופירן זיין הייליקע שליחות, ברענגען נייע מתפללים. אַזוי אַרום האָט ער במילא פאַרדינט דעם אויבן־אָן ביים כסא הכבוד.

נאָכן הספד האָבן זיינע פיר בנים, מיט גרויס דרך ארץ, זיך אָוועקגעשטעלט פאַרן ארון קודש און געזאָגט קדיש נאָך זייער ליבן פאָטער. דאָס האָט אַרויסגערופן ביים עולם אַ ציטער אין דער טיף פון דער נשמה.

פריינט און משפחה האָבן זיך געווונטשן, זיך צעקושט מיט די אבלים. דער גרויסער עולם האָט נאָך געשמועסט און קאָמענטירט דעם פאַרלויף פון די תפילות, פון שליח ציבור, די רייד פון מר. לעווין און דעם הספד אין פראַנצויזיש פון רב יעקב מאדאר.

צום סוף האָט דער עולם זיך געווונטשן צו דערלעבן גוטע, געזונטע יאָרן, אַז אַלע זאָלן האָבן די זכיה צו דערלעבן — ובא לציון גואל, עד לעולם ועד.

## בית הכנסת „משכנות ישראל״ נוסח אשכנז,
## 72 אוועני סעקרעטאַן, פאַריז 19

מיט פאַרגעניגן האָבן מיר אָנגענומען די איינלאַדונג צו דאַווענען שבת־חנוכה אין דעם מקום קדוש. פון פלאַס רעפּובליק ביז אוועני סעקרעטאַן גיי־

ען מיר צופוס ביז גראַנזש אַ בעל, פלאַס קאָלאָנעל פאַביאַן, אווענו מאַטירען מאַראַ, ביז דעם פאַרק ביטשעמאַן.

די געגנט האָט מיר דערמאָנט אַ סך איבערלעבונגען; אַ מעשה, וואָס האָט פאַסירט אין יאָר 1946, אין דעם רחבותדיקן פאַרק פון ביטשעמאַן. אַ פאַריזער תושב האָט חתונה געמאַכט זיינס אַ טאָכטער מיט אַ בחור, וועלכער האָט געהאַט דאָס גליק איבערצולעבן דעם לאָדזשער געטאָ. עס איז מיר אויסגעפאַלן דער כבוד צו האַלטן אַ דרשה פאַרן כבוד פון חתן־כלה. מיר איז געווען שווער אויפן האַרצן, נאָכדעם ווי מיין גאַנצע משפחה איז אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ. די ווונדן זענען נאָך געווען פריש און אָפן. אונטער מוזיק־קלאַנגען, האָבן חתן־כלה און דער עולם זיך משמח געווען. דערפאַר בין איך פאַרביי די געגנט און ס'האָבן זיך מיר דערמאָנט די זכרונות פון מיט יאָרן צוריק, באַלד נאָך דער מלחמה.

און אָט בין איך אויף אַוועני סעקרעטאַן, ביים בית־הכנסת „משכנות ישראל". גראָד האָט דער בעל־שחרית מר. טיישידלער געענדיקט זאָגן הלל, לכבוד שבת חנוכה. ווען דער פרעזידענט ר' צבי גאסקא האָט באַמערקט מיך אָנקומען, האָט ער מיר פאַרבעטן צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ. ס'איז געווען אַ נחת רוח מיטצודאַווענען מיט אַזאַ טייערן עולם מתפללים, צווישן עלטערע און אויך פיל ייִנגערע יידן. דער בעל־קורא, וואָס איז אויך בעל־מוסף, איז געווען נאָך גאַר אַ יונגער סימפּאַטישער ישראלי.

נאָכן דאַווענען האָט דער עולם זיך שטאַרק משמח געווען ביי געדעקטע טישן פון פיינעם קידוש, געגעבן פון הרב פראַנקפורטער שליט"א. געשמאַקע יידישע מאכלים און משקאות.

דער בית הכנסת געפינט זיך אין דעם שיינעם הויז פון נדבן באַראָן הירש ז"ל. אין דאָזיקן הויז געפינט זיך די באַרימטע יידישע גימנאַזיע, ווו עס לערנען 750 תלמידים און תלמידות. אין הויף פון דאָזיקן הויז געפינט זיך דער מקום קודש. מיר לייענען אויף די ווענט: מה טובו אוהליך יעקב משכנותיך ישראל.

אָט די שול האָט געגרינדעט אַ פּרומער ייד, ר' צבי גאסקא. דער חנוכת הבית איז געפראַוועט געוואָרן אין יאָר 1948. דער ייד גיט זיך זייט דעמאָלט אָפּ מיט דער שול בלב ונפש.

— באַלד נאָך דער מלחמה — דערציילט מיר ר' צבי גאסקא — זענען

אַ סך יידן געווען נע ונד, אַרומגעדרייט זיך ווי אויפן עולם התוהו. מיר האָבן געהאָלפן אויפשטעלן אָט די חרוב געוואָרענע בית תפילה. עס האָבן אָנגעהויבן קומען יידן אין מקום קדוש. איצט ציילן מיר, ברוך השם, אַן ערך זעקס מניינים. די מתפללים זענען רק שומרי־שבת. צווישן די מתפללים זענען פאַראַן פיל יונגע אינטעלעקטואַלן אפילו. זיי זענען ממשיך יידישע טראַדיציעס. כאָטש זיי האָבן אינטעלעקטואַלע באַשעפטיקונגען, קומען זיי אין בית תפילה, זעצן זיך אַוועק לערנען. ווי איר זעט, ר' ייד, איז אונזער שול נישט אַזוי גרויס. ווען עס קומען אָבער די ימים נוראים, מאַכן מיר אויף די טירן, וויזאַווי דעם ארון קדוש, און עס אַנטפּלעקט זיך אַ גרויסער זאַל. ראש השנה און יום כיפּור האָבן מיר צוויי שליחי ציבור, מר. טיישידלער און מר. פּאָלאַק. דער בעל תקוע איז צבי גאסקא אַליין. דאָס — זאָגט ער — איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד. מיר האָבן אויך פאַר די פרויען אַן עזרת נשים.

די השגחה ליגט אויף די פאָלגנדיקע גבאים: פּרעזידענט גאסקא, קאַסירער לעאָן האָפּשטיין, בוך־פירער איז אליעזר פּיילטער. הרב דוד גאָלדשטיין שליט״א לערנט מיט אונז אַ שיעור, נאָך קבלת שבת. צומאָרגנס לערנט מיט זיי מר. שיינער פון 8 ביז האַלב צען תלמוד און חומש. אויך ביי שלש סעודות לערנט מען תורה. זיי זאַמלען געלט פאַרן מגבית ביי עלית התורה. דאָ נישט לאַנג האָבן זיי איבערגעגעבן פאַרן קרן קימת איבער 3000 פראַנק. עס ווערט אויך געזאַמלט פאַר מאיר בעל הנס. די קוויטירונגען הענגען אין אַ ספּעציעל רעמל, צווישן אַלע מעלדונגען.

די אַלע התחייבותן ווערן ערנסט אויסגעפירט דורכן פּרעזידענט גופא. אויפן אייגענעם חשבון האָט ער אויסגעשטאַט די ישיבה אין ברינואַ. אויך אַנדערע אינסטיטוציעס, ווי: מגבית, ליובאַוויטשער, בית רבקה און אור יוסף, ווערן געשטיצט פון זיינע אייגענע באַשטייערונגען. דער בית הכנסת האָט אַן אייגענע סוכה. צו שמחת תורה טיילט מען שיינע מתנות די תלמידים און תלמידות פון דער גימנאַזיע באַראָן הירש. פּסח צייט טיילט מען פאַר נויטבאַדערפטיקע יידן, אין מזומן, עסנוואַרג. מר. טיישידלער זאַמלט צווישן די מתפללים פאַר דער יידישער צייטונג. זיי האָבן אויך אַן אייגענע סאָסיעטע ביים בית הכנסת, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1932 דורך מר. גאסקא. זיי ציילן 50 מיטגלידער און האָבן אַן אייגענעם קאַוואַ. פּרעזידענט פון דער סאָסיעטע איז מר. טיישידלער, פּרעזידענט־סאַניטאַר מר. גאסקא. די סאָסיעטע זאַמלט אויך פאַרן מגבית.

## דער חנוכת הבית פון בית הכנסת דע מאָנמארטר „תלמוד תורה", 80 רי דודאוויל.

אין שיינעם, עסטעטישן בית הכנסת האָבן מיר שוין געטראָפן אַ היפּשע צאָל מתפּללים און מתפּללות. צוביסלעך האָט זיך דער היכל איבערגעפּולט. אַן ערך 500 מענטשן, סיי מענער, סיי פרויען. דער חזן פּינקוס נעמט אונז אויף בכבוד גדול. ער איז אָנגעטאָן אין ווייס־ציכטיקע בגדים, ווי אין יום־כיפּור — אין אַ קיטל; אָבער היינט איז עס לכבוד דעם חנוכת הבית.

דער היכל איז פֿאַרגאָסן פון ליכט, עס וואַרפן זיך אין די אויגן די העל־בלויע קאָלירן, דער סימבאָל פון מדינת ישראל. די מנורות בלישטשען יום־טובדיק. עס הענגען אויך לוסטער־לאָמפּן און גיבן צו אַן אמתע פייערלעכ־קייט. אַלעמענס בליקן זענען געוואָנדן צו זיי, וואָרעם ביי די לוסטערעס גע־פינט זיך אַ לופטשיק, אין וועלכן עס איז איינקאַדרירט אַן עלעקטרישער ווענטילאַטאָר. דורך די אָפענע לופטשיקעס דרינגט אַריין הימלישע לויטער־קייט, צום חנוך פון דער גרויסער שמחה, לכבוד דער תורה.

עס ווערט באַלד זייער שטיל, און מיר זעען פאַרן אָרון קודש דעם חזן פּינקוס, אַרום אים — אַ פּאָר צענדליק כאָריסטן. זיי זענען גרייט אויפצונע־מען דעם חשובן גאַסט, אויף וועלכן מען וואַרט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם — דאָס איז דער הרב זשאיס שליט"א.

מיר דערהערן די פרייַלעכע טענער פון ברוך הבא. עס באַגריסט דער־נאָך דער פּרעזידענט אידעסעס דעם חשובן גאַסט און דעם עולם. אין אַ פּאַ־טעטישער רעדע דערמאָנט ער די זכרונות פון לעצטן וועלט־קריג, ווען פיל פון די מתפּללים זענען אַוועק פרייוויליק פאַרטיידיקן פראַנקרייך קעגן דעם נאַציִשן פאַשיזם. דאָס זענען געווען יידן פון רוסלאַנד, פון פּוילן, פון רומע־ניע. אָט די יידן, ריכטיקער, די שארית הפּליטה נאָך אונזער חורבן, זענען אַוועק צונויפנעמען פאָנדן, געשאַפן אַ גרויסע סומע, כדי איבערצובויען די שול.

אזוי איז אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן דער שיינער היכל פון דאָזיקן בית־הכנסת. דער עולם האָט שטאַרק אַפּלאָדירט. אָבער אַ שטימע האָט אויסגע־רופן אין דער מיט פון די אַפּלאָדיסמענטן:

— אין אַ בית הכנסת?

דער רב הראשי איז פאַרבעטן געוואָרן פאַרן עמוד. ער האָט גערעדט

וועגן צוריק־אויפלעבן פון אונזער יהדות, אַ דאַנק דעם אָנקומען פון די צפון־אַפריקאַנער ברידער און שוועסטער, פון וועלכע אויך ער אַליין שטאַמט. איך באַגריס — האָט ער געזאָגט — דעם חזן פּינקוס, וואָס כאָטש ער איז אַן אשכנזישער ייד, האָט ער פאַרשטאַנען איינצופירן אין דער שול דעם ספרדישן נוסח, גראָד ווי מדינת ישראל האָט עס געטאָן מיטן מאָדערנעם עברית, כדי צו פאַראייניקן דאָס צוזאַמענלעבן פון אַלע יידן. אַזוי אַרום וועט אַנטשטיין אַן אמתע האַרמאָניע פון אונזער גאַנץ פאָלק, לעולם ועד.

דער רב בענטשט פראַנקרייך מיט אַ תפילה, דערנאָך — מיט אַ תפילה אין עברית פאַר מדינת ישראל.

— זאָל דאָ דערמאָנט ווערן — זאָגט הרב זשאיס — אַז אונזערע שוועסטער און ברידער, אין אַ צאָל פון 6 מיליאָן, זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן דורכן דייטשן „קולטור־פאָלק”, און דאָס האָבן די רוצחים געטאָן אין סאַמע 20־טן יאָרהונדערט.

לסוף פּירט אויס הרב זשאַיס:

— די אַלע מנורות פון דער סינאַגאָגע מיט זייער פייערלעך ליכט זאָלן דערגרייכן צום ליכט פון מדינת ישראל, אַ סימבאָל פון אונזער צוגעבונדנ־קייט צו איר. מיר האָפן אויך, אַז די גרויסע צאָל קינדערלעך, וואָס באַגלייטן די עלטערן, וועלן זיין דער המשך פון אונזער אייביקן קיום.

דער חזן פּינקוס רופט אויף דעם מתפלל העגריק קליין צו פּתיחת הארון, לכבוד דעם אַריינפירן די ספרי־תורה, וואָס אַלע גבאים בראש מיט הרב זשאיס, טראָגן אים אַנטקעגן.

— זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה! — רופן אַלע אויס.

די צאָל פון ספרי־תורה זענען 20, קיין עין הרע. עס איז געווען אַ פייערלעכער מאָמענט און ער האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן עולם מיט פּיע־טעט און פרייד. דער חזן פּינקוס מיט זיין כאָר האָט אויסגעפירט עטלעכע תפילות:

זה היום עשה אדוני נגילה ונשמחה בו,
אנא אדוני, הושיעה נא.

צום פאַרענדיקן דעם חנוכת הבית, האָט דער חזן געמאַכט אַן אל מלא רחמים פאַר די געפאַלענע מתפללים פון דער שול. דאַן האָט ה' אויסטריאַק און דער וויצע־פּרעזידענט לאַפּידוס אויסגערופן צום עולם מתפללים זיי זאָלן

זיך באַשטייערן פאַר דעם נייעם בית־הכנסת; און תיכף איז געשאַפן געוואָרן אַ שיינע סומע פון 2 מיליאָן אַלטע פראַנק.

מיר געזעגענען זיך מיטן חשובן חזן פינקוס און מיט די מתפללים מיט אַ — להתראות!

## אַ באַזוך אין אַ דאָפּלטער פּאַריזער בית הכנסת

אין דער פּאַריזער מארעי־געגנט פאַלן מיר אַריין אין אַ וועלט פון לעגענדעס און היסטאָרישע דערמאָנונגען, וואָס ציען זיך פון יאָר 1626 און אפשר נאָך פריער. די לופט אַליין ווירקט דאָרט אָנרעגנדיק, מיט די אַלטע געביען, יידישע געוועלבלעך אין די שמאָלע גאַסן. אין דער דאָזיקער געגנט האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ דאָפּלטער בית־הכנסת, אין סאַמע האַרץ פון פּלאַס דע וואָזש.

עס איז זייער טשיקאַווע — איר קענט אַרומקרייזן די אַלע לאַבירינט־גאַלעריעס פון פּלאַס, פאַרביי דעם וויקטאָר הוגאָ מוזיי, און נישט זען קיין שום סימן פון אַ שול. און אפשר איז עס דערפאַר, ווייל אין יענע יאָרן האָבן זיך יידישע בתי תפילה נישט באַדאַרפט צופיל וואַרפן אין די אויגן פון דער נישט־יידישער וועלט? איר מוזט אַליין זוכן, ווו די שול געפינט זיך, ווייל אַמאָל איז דער פּלאַס דע וואָזש געווען איינגעטיילט אין 36 פּאַוויליאָנען, און דאָרט האָט פּולסירט דאָס גרעסטע עלעגאַנט־אַריסטאָקראַטישע לעבן פון דער הויפּט־שטאָט פּאַריז. פיל פּאַוויליאָנען זענען היינט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מוזייען. אַזוי למשל — דער פּאַוויליאָן פון דער מאַרקיזין דע סעוויניע, און אויך פון דעם פּאָעט וויקטאָר הוגאָ.

דער פּאַוויליאָן נומער 14 איז נישט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קיין מוזעאום. פּרייטיק פאַרנאַכט, ווען איר וועט אַריינגיין אין טויער נומער 14 פון פּלאַס דע וואָזש, קענט איר הערן דאָס קול פון בעל תפילה מקבל שבת זיין. דער רב, לישע־ליכטענשטיין, האָט זייער אַ וואַרעמע שטימע. ער איז באַגלייט דורך אַ כאָר פון יידישע ייִנגלעך און מיידלעך, זעלטן גוט איינגעשטודירט דורכן רב, וועלכער איז אויך אַ חזן.

די דאָזיקע שול איז אַן אמתער היכל פון קונסט, מיט וווּנדערבאַרע וויטראַזשן אין מולטיקאָלירן — העל, בלוי־ווייס, טונקל־גרינע הימל־קאָלירן.

די גבאים זענען באַקאַנטע, אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, ווי דער חשובער פּרעזידענט וויקטאָר סאַמסאָן, און דער חשובער באַנזשאַמען באַנדי, וועלכער איז קולטור־פּרעזידענט, און ועל כולם — אַ חשובער אָפיציר פון רע־זערוו. בעת דער מלחמה איז ער געווען קאָמיסאַר פון געהיימען דינסט פון דער „רעזיסטאַנס" אין דער געגנט פון טולוז.

אויך די אַנדערע גבאים נעמען אַן אַקטיוון אנטייל אין דער שול. די שול איז אינגאַנצן אַלט אַכט יאָר, און האָט שוין אַרום זיך אַ גאַנצע געשיכטע.

די צווייטע שול געפינט זיך אין זעלביקן הויז נומער 14, אין דעם טויער רעכטס, אַרויפצוגייען אַ האַלבן שטאָק. אויב איר ווייסט נישט, קענט איר זיך נישט אָריענטירן. ווייל עס איז קיין שום סימן נישטאָ וואָס זאָל ווייזן, אַז דאָ איז אַ שול. איר גייט אַריין אין דעם טויער, אַ האַלבן שטאָק הויך, און איר געפינט זיך אין דער מאַיעסטעטישער שול. איר ארכיטעקטאָנישע קאָנ־סטרוקציע איז אַן אוניקום.

אויב איך בין זיך נישט טועה, שטאַמט זי נאָך פון יאָר 1855. איז עס די עלטסטע יידישע שול? היינט צו טאָג זענען די מתפללים רק צפון־אַפרי־קאַנער יידן. זי האָט אַן ערך 200 פּלעצער, צוזאַמען מיט דער ווייבער־שול, און עס איז זעלטן צו געפינען אַ פרייען פּלאַץ אום שבת. חוץ די יוגנט, וואָס באַגלייט מיט דרך ארץ זייערע עלטערן און אַ היפּשע צאָל קינדער, קיין עין הרע.

אָט די היסטאָרישע שול האָט אויך אַ גרופּע גבאים, אונטער דער הש־גחה פון הרב הראשי דר. הלוי, אַ צוגערייזטער פון רומעניע, און דער זעל־בער רב האָט אויך די השגחה איבער דער נייער שול. די שול איז אויטאָנאָם.

איצט קומען מיר צום קרן היסוד פון דער נייער שול. דאָס איז געווען בעתן טרויעריקן עקזאָד פון אונזערע ברידער און שוועסטער פון צפון־אַפריקע, ווען זיי זענען געקומען קיין פראַנקרייך מאַסנוויז, אַנטלאָפן פון זייערע אַלטע היימען אין אַלזשיריע. די אַשכנזים זענען באַלד מאַיאָריזירט געוואָרן. די 250 אשכנזישע מתפללים האָבן געפּרוווט דינגען אַ לאָקאַל, אָבער סוף כל סוף האָבן זיי איינגעזען, אַז ס'איז נישט קיין תכלית, און באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דער קאָנסיסטאָריע מיט אַ מעמאָראַנדום און אַ פּלאַן וועגן איבערבויען דעם ערשטן שטאָק פון פּאַוויליאָן נומער 14. די קאָנסיסטאָריע האָט אָנערקענט די גערעכטע פאָדערונג און אַסיגנירט אַ היפּשע סומע געלט.

די רעשט געלט האָבן באַדאַרפט שאַפן די חשובע גבאים. עס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ הערלעכער היכל.

עס האָט גענומען אַ שטיקל צייט און עס איז געבוירן געוואָרן אַ שיינע שול, אין דער זעלבער דירה, 14 פּלאַס דע וואָזש, אין הויז פון דער אַלטער היסטאָרישער שול, וועלכע שטאַמט, ווי געזאָגט, פון יאָר 1885 און איר הויפּט־איינגאַנג איז אויף רי דע טורנעל.

איר ווערט באַהערשט מיט אַ געפיל פון גאַסטפאַרכטיקייט, ווען איר קומט אַריין אין קליינעם בית־הכנסת. מיט גרויס דרך ארץ קומען די מתפּל־לים שבת צום דאַווענען. עס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ רעפאָרמירטער שול, אָבער אין דער אמתן איז עס גאָר עפּעס אַנדערש. דער רב לישע־ליכטענשטיין האָט איינגעשטעלט אַן אָרדענונג און דיסציפּלין אין דער שול, אין צוזאַמענ־אַרבעט מיט דער גאַנצער גבאימשאַפט.

איצט וואָס שייך דער דערציאונג פון די קינדער. יעדעס קינד, סיי יינגלעך, סיי מיידלעך, ווערט גערופן איבערצוזעצן אַ קאַפּיטל פון די תפילות, בקול רם. אַ פיינע איניציאַטיוו. די קרוב הונדערט יינגלעך און מיידלעך לער־נען רעליגיע, עברית, עס פאַרנעמען זיך מיט זיי קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגן, צוויי מאָל אין דער וואָך, מאָנטיק און דאָנערשטיק פאַרמיטאָג. אויך באַטיי־ליקן זיך די קינדער אין דער יידישער סקויטן־באַוועגונג. יעדן דינסטיק אָוונט קומען פאַר לעקציעס פון תנ"ך און תלמוד.

די אַדמיניסטראַציע האָט זיך געשטעלט זייער וויכטיקע אויפגאַבן; און דער פּרעזידענט וויקטאָר סאמסאָן האָט אַ סך ענערגיע אַרויסגעוויזן. זיי האָבן צו זייער רשות אַ ביבליאָטעק, אַ לערן־זאַל פאַר רעפעראַטן און פאַר שמחות. מיט איין וואָרט, די אַשכנזישע אָנפירונג ווייזט אַרויס פיל איניציאַטיוו. זיי האָבן שוין צו פאַרצייכענען 14 חתונות, 17 בר־מצוות דורך די 8 אָר עק־זיסטענץ.

מיר ווינטשן זיי: כן ירבו!

## בית הכנסת „עדת ישראל", 32 רי באַפּרוּאַ, פּאַריז 11

ווייטע זכרונות האָבן אויפגעטויכט אין מיר. דאָס איז געווען מיט עטלע־כע און פערציק יאָר צוריק, ווען פון וואַרשע איז געקומען צופאָרן קיין פּאַריז

ר׳ דוד בן אַביש, דער חסידישער ייד, מיט זיין אישה חיהלע. געקומען זענען זיי צו זייערע קינדער, אַלטע תושבים אין פּאַריז, נאָך פון פאַר דער מלחמה 1914. ר׳ דוד בן אביש מיט זיין אישה זענען געווען פון די גליקלעכע עלטערן. זיי האָבן געהאַט די זכיה צו זיין ווידער מיט זייערע ליבע קינדער און אייניקלעך. ווען ר׳ דוד בן אביש האָט זיך באַקענט אַביסל מיט פּאַריז, האָט ער געזאָגט בזה הלשון צו זיינע בני בית:

— כאָטש מיר זענען גליקלעך זיך צו געפינען צוזאַמען מיט אייך, אָבער איצט, מיינע ליבע קינדער, מוזט איר אונז מוחל זיין, וואָס מיר פאַרלאָזן פון אייך — מיר מוזן אויך האָבן אַן אייגענע היים. וואָרעם מיר קענען אייך מער נישט מטריח זיין, כאָטש איר גיט אונז פון כל טוב. איר ווייסט דאָך, אַז פון תמיד אָן זענען מיר אָפּגעהיטענע יידן, פאַרצוזעצן אונזער אַלטע געוווינהייט, מוזן מיר האָבן אַן אייגענע כשרע היים און מיט גאָטס הילף וועלן מיר אויך אין דער נייער געגנט זיכער אויסגעפינען אַ מקום קדוש.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. אויף 32 רי באַפּרואַ האָבן מיר אָנגעטראָפן דעם מקום קדוש, מיט דער הילף פון זייגע צוויי יינגערע טעכטער; ס׳איז געווען דווקא נישט ווייט פון זייער היים. ר׳ דוד בן אביש האָט פיל מיטגעהאָלפן ביים איינאָרדענען דעם בית הכנסת און האָט איבערגעלעבט די נאַצישע גזלנים ימח״ש. ווען ס׳איז געקומען סוכות, האָט ר׳ דוד בן אביש אויפגעשטעלט אַן אייגענע סוכה. דאָס איז געווען א חידוש ביי אים אין דער שול.

מיט אַזעלכע ווייטע זכרונות זענען מיר איבערגעטרעטן די שוועל פון דעם מקום קדוש. מיר האָבן זיך ביים דאַווענען באַקענט מיטן חשובן פּרעזידענט פון דער שול, דר. אברהם נאַפּטאַליס, ווי אויך מיט די וויצע־פּרעזידענטן: אלחנן ראָדבאַרט, אברהם סטעג, און מיטן גענעראַל־סעקרעטאַר מנחם וואַרפמאַן. מיר האָבן אויך גלייך באַמערקט זיצן פון דער לינקער זייט אָרון קדוש דעם חשובן רעליגיעזן זשורנאַליסט שלום קלינגער, רעדאַקטאָר פון „אונזער וועג״. איך האָב אים דערציילט, אַז דער דאָזיקער בית הכנסת איז באַדינט געווען פון דעם חסידישן וואַרשעווער ייד, ר׳ דוד בן אביש, מיט צענדליקער יאָרן צוריק.

דעם דאָזיקן שבת האָבן מיר געדאַוונט דאָרט, ווען עס איז גראָד אויסגעפאַלן צו בענטשן ראש חודש כסלו. מיר האָבן געהאַט גרויס תענוג פון דעם הדרת פּנימדיקן ייד, פון שליח ציבור ר׳ מעכל רייז. מען האָט מיט צופרידנ־

קייט געזען אַ היפּשע צאָל יונגעלייט, איינגעהילט אין זייערע טליתים. זיי האָבן געדאַווגט מיט גרויס כוונה. דאָס איז — המשך פון אונזער פאָלק. דער גרייז־גרויער ר׳ שלמהלע ליכטיג האָט געלייענט די פּרשת השבוע. ער איז דער שוויגער־פאָטער פון שלום קליגגער. אויך דאָ זענען פאַראַן אַ היפּשע צאָל תלמידים און תלמידות, וואָס לערנען יהדות, עברית יעדן זונטיק און דאָנערשטיק. עס קומט אַ גרויסן יישר כוח די גבאים פאַרן כבוד פון עלית התורה. עס איז אויך געווען אַ פיינער קידוש, ווי געוויינלעך.

## בית הכנסת שאסלו-לאַבאַ, נוסח אשכנז
## 14, רי שאַסלו-לובאַ, 15-טער אראָנדיסמאַן

דער אייזן־געשמידטער טויער פון דער אָרטאָדאָקסישער בית הכנסת טראָגט דעם חותם פון אַמאָליקע אייזן־שמידער, פון ווייטן 19־טן יאָרהונ־דערט. דער מקום קדוש איז געבויט געוואָרן אין יאָר 1913. אויף דער איני־ציאַטיוו פון באַראָן דע ראָטשילד. די מקורות אירע ציט זי נאָך פון דער אַלטער סינאַגאָגע, אויף אַוועני דע לאַ מאָט־פּיקעי. דער באַראָן ראָט־שילד האָט באַשלאָסן אויפצובויען דעם דאָזיקן היכל, און געבויט האָט אים דער באַרימטער יידישער אַרכיטעקט ראובן כהן. דאָס איז אַן אמתער שע־דעוור.

מיט יראת הכבוד טרעטן מיר איבער דעם היכל און באַגעגענען דעם הרב אברהם גאָלדמאַן, וועלכער האָט שוין היגטער זיך דאָס רבנות פון עט־לעכע שטעט אין פראַנקרייך. אין באָרדאָ איז ער געווען הויפּט־ראַבינער. שפּעטער — אין דער גרויסער שול אין פּאַריז, אויף רי זשיליען לאַקרואַ. אָבער אין 1966 נעמט הרב גאָלדמאַן איבער דאָס רבנות פון דעם אָרטאָדאָקסישן מקום קדוש.

הרב גאָלדמאַן איז נאָך זייער יונג, סך הכל 41 יאָר אַלט, עד מאה ועשרים, אָבער מיט דערפאַרונגען און קענטעגישן פון דער באַרימטער ישי־בה וואקלין. ער דערציילט אונז וועגן דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע מלחמה־צייט אין פראַנקרייך. זיי אייגענע משפּחה האָט געהאַט גרויסע פאַר־לוסטן.

— היינט צו טאָג זענען מיר, ברוך השם, 5 נפשות, מיט מיין פרוי און

3 קינדער. וואָס שייך דעם בית הכנסת, ווערט זי' אָנגעפירט פון פּאָלגנדע גבאים: פּרעזידענט ראובן זשאַב. וויצע־פּרעזידענט זשאַן פיליפ לעווי. טרע־זאָריע — מ. א. בענאַטאַר. סעקרעטאַר — האַרי קאַסעל. מיטגלידער: גענע־ראַל דוד מוניך, פּראָפעסאָר ווייל, פּראָפ. לעווי און נאָך אַנדערע. שליח ציבור איז משה בענהאַמאָן. דער בית הכנסת האָט 400 באַצאָלטע פּלעצער אַ קיי־לעכדיק יאָר. אויך אַ בכבודיקע עזרת נשים. יעדן שבת האָבן מיר 8 מני־נים ב״ה. אָבער בעת די ימים נוראים איז דער בית הכנסת צו קליין פאַר דער גריוסער צאָל מפּללים. די טירן ווערן אויפגעמאַכט און דער עולם פאַרנעמט פּלאַץ אפילו אויפן הויף, וועלכער איז אַרומגענומען מיטן אייזן־געשמידטן פּלויט.

עס איז אויך פאַראַן אַ בית מדרש ביי דער שול פאַר ספרדישע מתפּל־לים. זיי זענען אין אַ היפּשער צאָל. עס איז פאַראַן א יוגנט־סעקציע, וועלכע רופט זיך התקוה־תקותינו. יעדן שבת קומען זיי זיך צונויף אויף אַ מסיבה. אַ תלמוד־תורה מיט 80 תלמידים און תלמידות, פון 6 ביז 14 יאָר. זייער לימוד איז: תפילות, תנ״ך, עברית און יידישע געשיכטע.

הרב גאָלדמאַן האָט אויך די אויפזיכט איבער אַלע תלמוד תורה פון פּאַריז. עס קומען אַריין נדרים פאַרן מגבית, פאַר קרן קימת און אויך, פאַר־שטייט זיך, פאַר ישראל. זייט דער מלחמה פון די 6 טעג האָבן זיי געהאַט צו פאַרצייכענען עטלעכע חתונות פון צווישן די מתפּללים, וואָס האָבן עולה גע־ווען קיין ישראל. כן ירבו.

מיר דאַנקען דעם הרב אברהם גאָלדמאַן מיט אַ: כל טוב!

## בית־הכנסת, נוסח אשכנזי, פון ווענסען סט. מאַנדעי, 30 רי צעלין ראַבער

מיט אַ צייט צוריק האָבן מיר באַקומען אַן איינלאַדונג צו באַזוכן דעם בית הכנסת פון ווענסען, וואָס איז על פּי נס ניצול געוואָרן פון די נאַציס. מיר האָבן די איינלאַדונג אָנגענומען מיט פאַרגעניגן. כאָטש ווענסען געפינט זיך אויסער פּאַריז, איז אָבער כדאי מתפּלל צו זיין דאָרט אַ שבת און עס לוינט זיך דער מהלך וועגס. מען מוז, פאַרשטייט זיך, צוליב שבת, גיין צופוס. ווי זאָגט אַ פראַנצויזיש ווערטל: „נאָבלעס אָבליזש״.

מיר האָבן געשפּאַנט דורך דעם באַרימטן מאַרטירער־וועג, וואָס האָט געפירט צו דער גילאָטינע פון דער באַסטיליע, ביזן פּלאַס נאַסיאָן. דאָ, אויף דעם פּלאַץ, האָט מען געקעפּט מענטשן, וואָס האָבן ווידערשפּענדיקט אין קעניג מאָנאַרך. שפּעטער — אין די גזירות פון מאַקסימיליאַן ראָבעספּיער, געבוירן אין אַראַס (נאָרד־פראַנקרייך). פון זיין באַרוף אַן אַדוואָקאַט, דער קאָנווענציאָנאַל, וואָס האָט געהערשט מיט טעראָר אין „קאָמיטעט פון סאַלי־פּיבליק". זיין האַנדלונג לגבי די קעגנער פון דער רעפּובליק איז געווען אַן אכזריותדיקע. ראָבעספּיער האָט אויך באַשאַפן דעם קולט אַרום זיין פּערזאָן. ביז ער איז געשטירצט געוואָרן דעם 9־טן טערמידאר פון צווייטן יאָר פון דער רעוואָלוציע, ס'הייסט, דעם 27־טן יולי 1794. שפּעטער איז ער גופא אויך גילאָטינירט געוואָרן. בעת זיין הערשאַפט האָט ער געלאָזט אומברענגען זייער פיל אומשולדיקע קרבנות, און צווישן זיי — הערבערט און דאַנטאָן.

מיט אַזעלכע מחשבות בין איך באַהערשט געווען, גייענדיק צופוס ביזן ווייטן ווענסען, צו דער בית הכנסת.

אַביסל געשיכטע פון דער שול: זי איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1907 דורכן באַרימטן אַרכיטעקט טאַנדו, אויפן באַדן פון דער יידישער קאָנסיסטאָריע פון פּאַריז, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון הער דאַניעל אסוריס אימפּאַלע. דער זעלביקער נדבן האָט אויך געלאָזט אויפבויען אַ בית הכנסת אין דער שטאָט באיאָן.

מיר האָבן געהאַט אַ זכות אין דעם שבת, וואָרום עס זענען געפּראַוועט געוואָרן דריי בר־מצוות און אויפרופנס. עס איז געווען אַ פייערלעכקייט און אַ גרויסע פרייד ביי די מתפּללים. זיי האָבן הייס באַגריסט די עלטערן. עס איז געווען אַ נחת צו הערן לייענען די קינדער פון דער פרשה השבוע. עס איז ביי דער געלעגנהייט אויך באַגריסט געוואָרן דער רבי זייערער, וועלכער האָט צוגעגרייט די קינדער צו דער בר־מצווה.

דער רב פון בית הכנסת, ר' יצחק קאַפּטאַס, אַן אָפּשטאַמיקער פון גריכנלאַנד, האָט געהאַלטן אַ פיינע דרשה. ער פאַרטרעט היינט דעם רב הראשי שליט"א אייסישקי, אונטער דער השגחה פון פאָלגנדע גבאים: פּרעזידענט מ. גאָלדשמיד, וויצע־פּרעזידענט מר. גלאָובערג און מר. גועז. קאָנסיסטאָריע־דעלעגאַט מ. ר. לאעב, שליח ציבור א. קליין, סעקרעטאַר טרעזאָריע מר. אַ טוימאַן. אַדמיניסטראַטאָרן א. לאַשקאַר, ס. מאיארא, ל. ראָזנבערג,

י. סאוער, מ. סאושעט, זש. ווין, ווערנער סאַלמאָן. מר. זש. דרייפוס איז צווייטער שליח ציבור.

ביי דער שול איז פאַראַן אַ בית המדרש פאַר ספרדים, וועלכע זענען אין אַ היפשע צאָל. אויך איז פאַראַן אַ פרויען־שול, אַ תלמוד־תורה, ווו עס לערנען 120 קינדערלעך, ווערן אונטעריכט אין יהדות און עברית, אונטער דער לייטונג פון גוטע פעדאַגאָגן. עס ווערט געלערנט משנה יעדן דינסטיק אָוונט. שבת נאָכמיטאָג לערנט מען תלמוד און חומש.

נאָכן דאַווענען איז געוווען צוגעגרייט אַ שיינער קידוש לכבוד די בר־מצווה־יינגלעך און דעם חתן־בחור. מען זאַמלט אויך פאַר ישראל ביי עלית התורה און פאַרן קרן קימת לישראל. די שול האָט אויך אַ יוגנט־עליה קיין ישראל ב״ה. כן ירבו.

## בית הכנסת „נצח ישראל" 5 רי סט. אנאסטאס, פאריז 3

עס איז פאַר אונדז אַ כבוד יעדעס מאָל, ווען מיר באַטייליקן זיך אין די תפילות, שבתים און יום־טובים, אין דער עסטעטיש־איינגעאָרדנטער שול. עס באַדאַרף זיין אַ חוב פאַר יעדן נאַציאָנאַל־געשטימטן ייד, וועלכער וווינט אין שכנות פון דער שול, צו קומען דאַווענען שבתים און יום־טובים.

אין דריטן אראָנדיסמאַן וווינען יידן אין קאָמפּאַקטע מאסן, מיט שיינע פּרנסות, ב״ה. פאַרוואָס וואַרטן ביז די ימים נוראים? עס איז כדאי זיך צו באַהעפטן מיט דער וואַרעמער סביבה, איבערגעגעבענע מיט לייב ונפש צו אינזער פאָלק. זיי דאַרפן קומען אין דעם מקום קדוש „נצח ישראל". דאָס דאַווענען איז אַזוי היימיש, און ביי די מתפללים שאָפט זיך דער אָנדענק פון די אַמאָליקע יונגע יאָרן, ווען מיר זענען געווען קינדער, אונטער אונזערע עלטערנס השגחה, עס דאַרף בלייבן אַ זכר לדורות, דאָס דערמאָנען די אייגענע עלטערן ז״ל. ווי מיר האָבן עס געטאָן ביים מזכיר נשמות זיין די צווייטע טעג פסח .

דער בית הכנסת האָט נאָך מעלות טובות. אַזוי האָט מען דעם כבוד צו הערן דאַווענען אַזאַ שליח ציבור ווי שלמה פרידריך כמעט יעדן ראש חודש. אויך אַנדערע שליחי ציבור דאַווענען מיט פיל טעם, ווי דער חשובער פּאַרי־

זער תושב ר׳ מרדכי ווישניאק, וועלכער איז אַלעמען באַקאַנט פון דעם מנין בעת די ימים נוראים אין „האָטעל מאָדערן״.

דער מקום קדוש איז געגרינדעט געוואָרן דורך מר. משה בראַווערמאַן, געוועזענער פּרעזידענט פון „אמיקאל ד׳אָדעסא״. דער חנוכת הבית איז פאָר־געקומען אין חודש סעפּטעמבער 1962. די שול שטייט אונטער דער השגחה פון הרב נתנאל שמוקלער שליט״א. ער איז מהנה דעם עולם מתפללים מיט אינטערעסאַנטע קאָמענטאַרן וועגן דער פּרשת השבוע, יעדן שבת, און בכלל מיט דברי תורה. פּרעזידענט פון דער שול איז ר׳ אַברהם ליפּשיץ, וועלכער גיט זיך אָפּ מיט דער שול בלב ונפש. וויצע־פּרעזידענט איז מר. פּאָל ווייס, וועלכער האָט געהאַט דעם כבוד צו באַצירן דעם מקום קדוש מיט פיין־עסטעטישע פּרוכתן, אויסגעהאַפטענע מיט גאָלד־פעדים, מיט פסוקים פון די תפילות, מיטגעהאָלפן פון זיין אשת חיל, גברת ווייס.

די חשובע גבאים זענען פאָלגנדע: ווישניאַק, אַלטער ראָזענבוים, בנימין פאַרביאַזש. דריי מנינים זענען פאַראַן סטאַביל, חוץ בעת די ימים נור־אים, ווען די שול איז תמיד איבערפולט מיט יידן אָן עין הרע. אפילו די עזרת נשים איז אויך פול אין די יום־טובים. יעדן שבת אין דער פרי ווערט געלערנט חומש, די פּרשת השבוע, אַ בלאַט גמרא. אויך איז פאַראַן ביי דער שול אַ קרייז פון דערוואַקסענע מיידלעך, וועלכע לערנען יהדות, תנ״ך, עטלעכע טעג אין וואָך, אונטער דער השגחה פון די ליובאַוויטשער תלמידים. יעדן שבת און יום־טוב ווערט געגעבן אַ קידוש, מען פּראַוועט שלש סעודות. דער שמש יאָסל־וואָלף גרומפעלד (אַ אונגאַרישער ייד) אינפאָרמירט וועגן די חתונות, בר־מצווה, וועגן מסיבות. מען מוז דערמאָנען אויך די וויכטיקע איניציאַטיוו פון חשובן פּרעזידענט אברהם ליפּשיץ, וועלכער האָט איינגעאָרדנט אַ מנין ביי דער משפחה רעזניק, נאָך זייער נפטר מרדכי רעזניק ז״ל, בעת דער שבעה פון דער גאַנצער וואָך.

עס ווערט אויך געזאַמלט פיל פאַר ישראל און פאַר פאַרשיידענע מגביות.

— אַלע יידן, מתפללים פון דער שול — זאָגט דער פּרעזידענט — לייענען טאָג־טעגלעך די יידישע צייטונג און אינטערעסירן זיך מיט יידישע ענינים, בפרט מיט מדינת ישראל.

מיר דאַנקען לסוף דעם חשובן פּרעזידענט ר׳ אברהם ליפּשיץ פאַר זיינע אינטערעסאַנטע אויפקלערונגען. מיר זאָגן אים מיט דרך ארץ:

— להתראות!

## בית הכנסת „אוהל אברהם״, נוסח אשכנז
## 31 רי מאָנטעווידעאָ, פּאַריז 16

אין דער שול אוהל אברהם זענען מיר אויפגענומען געוואָרן דורכן סע־קרעטאַר מר. הערסאללי היידינגספעלד. ער האָט אונז פאַרבעטן אין ביורא, נאָך אַ קורצן שמועס, האָט ער אונז געבעטן בייצוווינען צו קבלת שבת, וואָס מיר האָבן מיט כבוד אָנגענומען.

מיר האָבן געהאַט אַן אמתן נחת רוח פונעם ספּעציפיש־עלזאַסישן מקבל שבת זיין. וואָרעם די מתפללים בעטן בקול רם, זיי זאָגן נאָך די פסוקים דעם שליח־ציבור, פון לכו נרננה ביזן סוף. דאַן קומט ערשט דער טראַדיציאָנעלער קידוש, און אויך די יונגע קינדער איילן זיך צו געניסן פונעם באַטעמטן יש־ראל־וויין. טאַקע וואָס שייך יוגנטלעכע, האָבן מיר מיט אַ סך צופרידנקייט געזען אַ היפּשע צאָל פון זיי באַגלייטן זייערע עלטערן אין שול צו קבלת שבת. נאָכן דאַווענען, מישן זיי זיך אויס צווישן עולם, צו ווינטשן שבת־שלום, אָדער ווי זיי זאָגן אויפן עלזאַסער אופן: גוט־שבת.

דער יונגער רב פאַרטרעט דעם איצטיקן רב, דעם הדרת־פּנימדיקן אב־רהם שוואַרץ, וועלכער האָט עולה געווען מיט זיינע בני בית קיין ישראל. דאָס ווינטשן שבת־שלום איז אַן אַלטע טראַדיציע, דאָס האַנט־דריקן. אָבער ביי די ספרדישע יידן, להיפוך, קושט מען זיך אפילו נאָך עלית התורה.

די שול „אוהל אברהם״ איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1906 דורך די פערזענלעכקייטן: די ברידער טעדעסקאָ און אַנדערע חשובע יידן. די שול איז אויך אַן המשך פון דער שול אויף אַוועני מאַלאַקאָף, וועלכע איז געווען אונטער דער לייטונג פון רב לאַנגער ז״ל. די שול געפינט זיך צווישן צוויי שיינע הייזער. אַזוי אַרום איז זי אפשר על פּי נס ניצול געוואָרן בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע. אָבער היינט צו טאָג, אַ דאַנק דעם רעמאָנט אין מאָדער־נעם סטיל, ווי די סימבאָלישע אָרנאַמענטן, זעען מיר לעמפּלעך אין פאָרם פון ספר תורהלעך. זיי וואַרפן זייערע ליכטער אין יעדן ווינקעלע פון מקום קדוש. וואַזאַנען אין יעדער זייט פון אָרון קדוש, שיינען ווי פאַקלען. אויך אַרום דעם שולחן ביים לייענען די תורה, שטייען די פאַקל־וואַזאַנען.

די מתפללים זענען פול מיט יראת הכבוד פאַר זייער בית הכנסת. זיי זעען אין דעם מקום קדוש אַ המשך פאַר זייערע קינדער, זייער צוגעבונדקייט צו יהדות.

די מתפללים ציילן אַן ערך 15 מנינים, אַ חוץ ימים נוראים, ווען עס ציִען אַהער קליין און גרויס.

די גאַלעריע אַרום דעם היכל פֿאַרכאַפּט דאָס אויג. אויבן איז די עזרת נשים. עס קומען פֿיל פֿרויען צום דאַווענען, אפֿילו צו קבלת שבת קומען זיי, צוזאַמען מיט זייערע בני בית.

דער רעפּרעזאַנטיווער ראַט פֿון דער מאָנטיוועדעאָ־שול איז פֿאָלגנדי־קער: ראשון, ואחרון אחרון — הרב דניאל גאָטליב שליט״א, פּרעזידענט איז זש. ל. מאַמאָר, די גבאים זענען: פּ. באַטוא, ר. בענהאמו, מ. בינדער, אַ. בלאָק, טה. האַאַז, פּ. האנוא, ס. קלאַפּפּיש, כ. ה. ווייל, שליח ציבור — מ. מ. דירי־זינסקי און הויפּט־סעקרעטאַר איז שאללי היידינגספעלד, וועלכן דער גאַנ־צער אמסאמל פֿון דער שול האָבן געפֿייערט זיין 25־יאָריקע טעטיקייט פֿון דער מאָנטיווידעאָ־סינאַגאָגע. שמש איז שמעון לעווין.

מען דאַווענט אין דער שול יעדן פֿרימאָרגן מיט מנין. ביי דער שול איז פֿאַראַן אַ תלמוד תורה מיט 150 קינדער, יינגלעך און מיידלעך, וועלכע לער־נען יהדות און עברית, אונטערן אויפֿזיכט פֿון גוטע פּעדאַגאָגן.

גאַנץ באַזונדער איז פֿאַראַן אַן אולפּן, אַזוי ווי אין ליצעאום, איינגע־טיילט אין 4 קלאַסן, מיטן אונטעריכט פֿון עברית. אויך פֿאַר מגבית ווערט אַ סך געשאַפֿן, און אַלץ גייט כמעט פֿאַר ישראל, פֿאַרן קרן קימת, מגן דוד אדום, קרן היסוד. עס ווערן דאָ געפֿייערט אַלע טראַדיציאָנעלע יום־טובים, פּורים, חנוכה. אַ ביולעטין פֿאַרצייכנט יעדע געשעעניש פֿון דער שול, ווי: געבורטן, תנאים, חתונות, אָדער חס ושלום — לוויות. עס זענען שוין פֿאַראַן עולים קיין ישראל. דער אַנסאַמבל בילדעט אַ שיין ווערק ביי דער מאָנטיווידעאָ־סינאַגאָגע. און מיר זאָגן: כן ירבו!

## בית הכנסת פליישמאַן, נוסח ספרד
## 18 רי דעז עקוף — פּאַריז 4

מיר האָבן צוערשט געמיינט אַז די „פליישמאַן־שול" איז אַן אשכנזישע, אָבער דאָס איז געווען אַמאָל, נאָך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס יידישע „פּלעצל" איז נאָך געווען קאָמפּאַקט באַוווינט פֿון מזרח־אייראָ־פּעאישע יידן. עס האָבן דערביי אויפֿגעטויכט זכרונות פֿון אַמאָל: ווען אַ לאָ־

דזשער ייד, אַ גערער חסיד ר׳ וואָלף האָט באַזוכט זיינע קינדער אין פּאַריז; און מיין וויניקייט האָט געהאַט דעם כבוד צו באַגלייטן דעם גערער חסיד דאַווענען אין אַ שבת אין דער דאָזיקער שול.

דעמאָלט איז דער בית הכנסת געווען אונטער דער השגחה פון הרב ר׳ ישראל פראַנקפורטער ז״ל, אָבער צוליב אַ חקירה ודרישה מיט אַ גרינדער פון דער שול, האָבן דאָס רוב מתפללים, מיטן רב בראש, באַשלאָסן צו שאַפן אַ צווייטן מקום קדוש, נישט ווייט פון דער פליישמאַן־שול, וועלכע עקזיס־טירט נאָך עד היום. דער מקום קדוש רופט זיך פראַנקפורטער־שול און גע־פינט זיך אויף די בורג־טיבורג. דער פּרעזידענט איז דאָרט ר׳ דוד לערנער.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו דער פליישמאַן־שול. ביים דאַווענען האָבן מיר פעסטגעשטעלט מיט פאַרגעניגן, מיט וואָסער התלהבות די ספרדישע יידן זענען מתפלל. אויך איז ווערט צו באַמערקן אַז זיי ווערן תמיד באַגלייט פון זייערע בני בית.

זייענדיק צווישן דעם שיינעם עולם ספרדישע יידן, וועלכע בעטן מיט אַזויפיל כוונה, האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר אַ האַרבע שאלה: ווי קומט עס, וואָס ביי די אשכנזישע יידן איז נישט פאַראַן אַזאַ איבערגעגעבנקייט אויך מיטצוברענגען אין שול אַריין זייערע קינדער צום דאַווענען? אָבער דאָס וויל נישט זאָגן אז די אשכנזים זענען ווינציקער אויפריכטיקע ערלעכע יידן, מיט איבערגעגעבנקייט צום פאָלק און צו מדינת ישראל.

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער גרינדונג פון דער שול פליישמאַן: די גרינ־דונג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1930, נאָך אַן אומגליק וואָס האָט פּאַסירט ביי דער משפחה פליישמאַן, וועלכע האָט באַשלאָסן צו פאַראייביקן זייער זונס נאָמען מיט דער שול. פאַרשטייט זיך, אַז דעמאָלט איז די שול געווען אַן אשכנזישע, אָבער נאָך דער מלחמה האָבן די ספרדישע יידן פאַרטראָטן דאָס אָרט די דעפּאָרטירטע אשכנישע יידן.

היינט צו טאָג ציילן זיי אַן ערך פינף מנינים. ביי דער שול איז פאַראַן אַ תלמוד תורה, ווו עס לערנען 30 קינדער, מיידלעך און יינגלעך, אָנגע־פירט דורך קוואַליפיצירטע לערער. דער אונטעריכט איז יהדות און עברית.

ר׳ משה בעדמאַן איז רב, פרעזידענט איז בן אמון אפרים, וויצע־פּרעזי־דענטן זענען: בן שושא און בן קאַליפאַר סילוועןָ. גבאים: עלבאַז בן ימין, אדא משה, בן שינאַם זשאַרזש, אלקי אלעמי און אטלאמי עדמאַן. סעקרעטאַר טרעזאָריע איז מר׳ קאַליפאַ ראַנעי. שליח ציבור איז: האלאמי לעאָן.

עס ווערט געזאַמלט צווישן די מתפללים געלט פאַר ישראל און פאַרשי־דענע רעליגיעזע אינסטיטוציעס. די עליה קיין ישראל איז אַ באַפרידיקנ־דיקע, ס׳רוב יוגנטלעכע.

מיר האָבן אין דער שול געפונען נר־תמיד׳ס פון די אַמאָליקע אשכנזי־שע מתפללים, שיינע אויסצוגן פון תפילות פון אַמאָליקן רב ר׳ ישראל פראַנקפורטער, ווי: בואכם לשלום און צאתכם לשלום. מיר האָבן זיי גע־וואונטשן: כן ירבו!

## דער בית הכנסת בית״ר פאַר ימים נוראים

מיר געדענקען אַלע, אַז ווען עס פלעגן זיך דערנעענטערן די ימים נור־אים, ווי יידן האָבן זיך מיט פּאַרכטיקייט און ערנסטע כוונות געגרייט צום יום־הדין. אַזוי איז געווען אין אונזערע אַמאָליקע שטעט און שטעטלעך. עפּעס ענלעכס האָבן מיר פונדעסטוועגן אַריבערגעבראַכט אַהער, אין יידישן פּאַריז. עס פילן זיך אָן, קיין עין הרע, אַלע בתי תפילות און אַלע „שטיבלעך״.

דער בית הכנסת בית״ר איז געשאַפן געוואָרן אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון חשובן פּאַריזער תושב ר׳ מרדכי ווישניאַק, אין יאָר 1948. דאָס פּאַסיקע אָרט האָט ער געפונען דווקא אין סאַמע האַרץ פון פּאַריז, פּלאַס דע לאַ רע־פּובליק, אין די זאַלן פון „האָטעל מאָדערן״. כאָטש אַרום דעם פּלאַץ זענען פאַראַן נישט ווייניק בתי תפילה צו די ימים נוראים. עס קומען זייער אַ סך מתפללים אין דעם בית הכנסת בית״ר, בכבודיקע פּאַריזער יידן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג; עס קומען אויך שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער. ביז אַן ערך 200 מתפללים. אויך אַן עזרת נשים איז איינגעאָרדנט אין אַ זייטיקן זאַל. יידן קומען מיט זייערע משפחות זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר.

— דאָס דאַווענען ביי אונז — זאָגט דער גרינדער פון בית״ר ר׳ מרדכי ווישניאַק — איז לויטן אשכנזישן נוסח, אַזוי ווי מיר זענען געוווינט געווען אין דער אַלטער היים. מיר האָבן זייער אַ גוטן שליח ציבור, ר׳ שלמה פרי־דריך, וועלכער איז פון אַלעמען געשעצט, הן אַלס ציוניסטישער עסקן און אַלס פּרעזידענט פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. וואָס שייך זיין דאַווענען, איז עס אַן אמתער נחת־רוח און אַ גרויס תענוג אים צו הערן. ער פירט אויס

די תפילות צוזאַמען מיט די משוררים, גוט איינגעשטודירט און זענען קענער פון נגינה. טיף גערירט ווערט דער עולם, ווען ער זאָגט די תפילות לכבוד מדינת ישראל, פאַר אונזערע חיילי צה״ל אום ראש השנה.

גראָד איז עס אויסגעפאַלן פאַרן שופר־בלאָזן, נאָך איידער מען האָט געזאָגט למנצח לבני קרח מזמור. די מתפללים האָבן נאָכגעפאָלגט מיט אַ סך ישוב־הדעת יעדע טאָנאַציע פון שליח ציבור. יום כיפור, סיי צו כל נדרי, סיי צומאַרגנס, ביי יזכור, איז דער זאַל צו קליין אַריינצונעמען אַלע מתפללים.

ביי דער עלית התורה זענען די מתפללים מנדר מיט אַ ברייטער האַנט פאַר מגביות, פאַר מדינת ישראל.

נאָך יעדן דאווענען ווערט תמיד געגרייט אַ שיינער קידוש. דער עולם טרינקט לחיים און ווינטשט זיך אַ גוט יאָר, אַ זיכערן שלום פאַר מדינת ישראל, עד לעולם ועד. מיר ענדיקן מיט „חזק ואמץ״.

## אין אַ בית הכנסת פון יידיש־טערקישן נוסח

דורך דער אַלטער רי דע לאַ ראָקעט האָבן זיך די פּאַריזער בירגער אין די טעג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געלאָזן חמרימוויז שטורעמען די באַסטיליע. דאָ טרעטן מיר אויף די שפּורן פון דער געשיכטע פון פראַנקרייך. די דאָזיקע גאַס איז אַ שמאָלע, ווי אַ סך אַנדערע גאַסן פון אַלטן פּאַריז, כדי צו קענען באַהערשן די ברויזנדיקע מאַסן אין צייטן פון אויפרודערונג, ווי עס האָבן באַגרינדעט היסטאָריקער.

איז אָט אין דער גאַס לאַ ראָקעט, נומער 86־84, צווישן חרובע הייזקעס, האָבן יידן, אָפּשטאַמיקע פון טערקיי, אויפגעבויט אַ שיינע שול אין יאָר 1967; אָבער די שול איז אייגנטלעך אַ נאָכפאָלגערין פון דער שול פון רי פּאָפּענקור, אין דער זעלבער געגנט פון 11־טן אַראָנדיסמאַן.

ווען מיר גייען אַריין אין דעם אייזן־געשמידטן טויער, דערזעען מיר גלייך רעכטס אַן איינגעמויערטע גראַניט־מצבה, מיט העברעאישע אותיות: זכור ולא תשכח. דער טעקסט, אין פראַנצויזיש, דערציילט, אַז אין די יאָרן פון 45־1940 זענען דעפּאָרטירט געוואָרן יידן צום אומקום. כבוד זייער אָנדענק. אויף דער לינקער זייט — אויך אַ גראַניט־מצבה, לכבוד די יידישע

פרייוויליקע פוןביידע וועלט־מלחמות, 1914־18 און 1939־45. נאָכדעם מאַכן מיר אויף די טיר פון דער ערשטער האַלע, אין קאָרידאָר, און מיר לייענען די נעמען פון טאָוול, אין גאָלד־שריפט. אלי ברודא, דער נדבן פון דער סי־נאַגאָגע, אויף רעכטס. פון דער צווייטער זייט, לייענען מיר די נעמען פון די גרינדער פון דער שול. דאָס זענען: מר. בהר שלמה כהן, מר. קמאל בע־נעזרא, און מר. מורענו ברוך.

מיר מאַכן אויף די טיר פון דער הויפּט־האַלע און אונזער בליק פאַלט צו דער מזרח־וואַנט, און מיר לייענען די באַגילדטע אויפשריפטן, די נעמען פון 13 יידישע גאונים, פון וועלכע מיר ברענגען בלויז עטלעכע. דאָס זענען: מר. חסדאי אבן שפרוט, וועלכער האָט געשריבן אַ גרויס פילאָזאָפיש ווערק. ער איז געבוירן אין יאָר 915, געשטאָרבן אין יאָר 990. דער צווייטער גאון איז רב שמואל הנגיד, געלעבט אין די יאָרן 993־1056. דער דריטער גאון מר אברהם אבן עזרא, געלעבט אין די יאָרן 1032־1167. דער פערטער — דער גרויסער פּאָעט יהודה הלוי, געלעבט אין די יאָרן 1086־1141. דער פינפטער גאון איז רב משה מימוניד — דער רמב״ם, געלעבט אין די יאָרן 1135־1204. דאָס זענען די גדולי הדור פון דער גאָלדענער שפּאַנישער תקופה.

באַטראַכט די אַלע וויכטיקע און הייליקע מאָנומענטן, באַהעפטן מיר זיך מיטן עולם מתפללים, צווישן זיי אַ סך יוגנט, קיין עין הרע. אויפן ערשטן שטאָק איז דער עזרת נשים. פיל פרויען קומען דאווענען, צוגלייך מיט זייערע מענער.

מיר האָבן געהאַט דעם כבוד זיך אונטערצוהאַלטן מיטן חשובן רב מר. מזרחי, וועלכער איז אויך חזן. די תפילות ווערן געזאָגט בשותפות, יעדער אַ קאַפּיטל, דורך צוויי חזנים.

די גבאים פון דער שול זענען אין אַ היפּשער צאָל. זיי זענען פול מיט פּיעטעט פאַר די מתפללים. אַ געוויסע טייל פון די מתפללים מאַכן באַזונדערע העויות; כאָטש ס׳איז אַ זעלטנקייט אין ספרדישן נוסח, נאָר ווי עס ווייזט אויס, האָט דער חסידיזם אויך געהאַט אַ געוויסע השפעה אויף די טערקישע יידן. דער רב מזרחי ווייזט אָן אויף דער חשיבות פון זייערע טראַדיציעס, וועלכע זיי זעצן פאָר.

— מיר זענען צוגעבונדן — זאָגט ער — צו מדינת ישראל בלב ונפש.

די יוגנט אונזערע איז תמיד מיט אונז, ווי איר זעט עס ביים דאַוונען. עס באַ־מערקט זיך טאָקע: ביי דער הויכער מוסף־שמונה־עשרה, ווען דער חזן גייט זאָגן: יברכך, לויפן גלייך צו די בנים צו זייערע פאָטערס, וועלכע דעקן זיי צו מיטן טלית און ער בענטשט זיינע קינדער. (אויך ביי אונז, אשכנזים, איז פאַראַן אַזאַ טראַדיציע, אָבער בלויז ערב יום כיפור, פאַר כל נדרי, ווען דער פאָטער בענטשט זיינע בני בית און די געווייינען דערגייען עד שערי השמים).

נאָך אַ שיינע טראַדיציע האָבן מיר געזען: נאָכן דאַווענען, ביים אַרויסגיין פון בית הכנסת, ווערט געטיילט די מתפללים פעקעלעך מיט זיסע מאַנדלען, דורך דער משפחה, וואָס האָט געפּראַוועט אַ שמחה אין משך פון דער וואָך, און זיי זענען אויפגערופן געוואָרן צו קריאת התורה.

לסוף מאַכט דער רב קידוש און דער גאַנצער עולם, ווי אויך די נשים פון דער גאַלעריע זאָגן נאָך בקול רם: אמן! ס׳איז צו באַגריסן זייער צוגע־בונדנקייט צום יהדות, סיי פון די עלטערן, סיי פון דער יוגנט, וועלכע קו־מען יעדן טאָג, נאָכן קלאַס, אין שול לערנען יהדות און עברית.

עס איז אַ פאַרגעניגן צו זען, ווי די יוגנט זייערע זעצט פאָר און איז דער נאַטירלעכער המשך פון יידישקייט. דער רב האָט מיר פאַרזיכערט: עם ישראל חי!

## די בית הכנסת פון יידיש־פּאָרטוגעזישן נוסח

אין דעם פּרייטיק־צונאַכטס, צו קבלת שבת, אין דער פּאָרטוגעזישער שול, האָבן מיר געהאַט אַ שטיקל סיורפּריז; וואָרעם גראָד איז פאָרגעקומען אַ צערעמאָניע לכבוד דעם זיג אין ווערדען. מיר האָבן געהערט אַ פּאַטעטישע רעדע פון חשובן רב פּ. צבי באוער. ער האָט גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון דעם זיג איבער די דייטשע אַרמייען, און וועגן דער מסירת נפש פון די העראָישע קעמפער פאַר דער פרייהייט פון דער רעפּובליק.

די פּענער האָבן געפלאַטערט איבערן פאַרזאַמלטן עולם, געוועזענע פראָנט־קעמפער. צווישן די איינגעלאַדענע געסט וועלכע האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן האָט זיך אויך געפונען דער רב הראשי, יעקב קאַפּלאַן. עס איז

פאָרגעקומען אַ דעפילאַדע, אָפּצוגעבן כבוד און שבת־שלום די חשובע רבנים אויפן ישראלדיקן אופן. עלטערע יידן האָבן געקושט די האַנט פון הרב הראשי יעקב קאַפּלאַן. אַזאַ איז די טראַדיציע ביי די ספרדישע יידן, עד היום.

נאָך די ווינטשעוואַניעס, האָט דער חשובער רב צבי באוער אונז אויפ־גענומען, און דערציילט וועגן זיין שול.

אָבער פאַר אַלעם — וועגן די תפילות, אויסגעפירט דורכן גוטן חזן מר. מאססע. ער איז באַגלייט געוועז פון צוויי בר־מצווה־בחורימלעך ביז עלית התורה. די תפילות ווערן געזאָגט שטייענדיק. קיין יוגנט פעלט נישט ביי די ספרדישע יידן, סיי צו קבלת שבת, סיי צום דאַווענען צומאָרגנס. גראָד דעם דאָזיקן שבת האָט מען געבענטשט ראש חודש אדר, און די שול איז געווען איבערפולט מיט מתפללים.

— דאָס האָט איר אַליין געקענט זען — זאָגט מיר דער רב באוער.

אַצינד וואָס שייך דעם יחוס פון דעם בית הכנסת. זי איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1877 דורכן באַרימטן אַרכיטעקט לערואַ דע באַנוויל. דער סטיל איז באמת אַן אוניקום. 800 זיץ־פּלעצער. די שול געפינט זיך אויף 28 רי ביפאָלט, פּאַריז 9. אָבער פּאַקטיש איז די שול די נאָכפאָלגערין פון דער באַרימטער פּאָרטוגעזישער שול פון רי לאַמאַרטין, וועלכע האָט גאָר אַ גרויסע היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט. וואָרעם די שול פון רי לאַמאַרטין איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אויפגענומען די שפּאַנישע אנוסים. זיי זענען געקומען פון באָרדאָ, אַנטלויפנדיק פון די קריסטלעך־שפּאַנישע איב־אינקוויזיציע־געזעצן לגבי יידן. ערשט דאָ, אין פּאַריז, האָבן זיי אָראָפּגעוואָרפן די שענדלעכע קייט, וואָס האָט זיי געבונדן געצוווּנגענערהייט מיטן קריסטנ־טום.

די שול אויף רי לאַמאַרטין איז געווען דער ערשטער מקום מקלט און מקום קדוש, וועלכע האָט זיי צוריק פאַרבונדן מיטן גורל פון זייער פאָלק. זיי האָבן פון דעמאָלט אָן זייערע קינדער דערצויגן אין גייסט פון יהדות.

— דאָס איז די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט פון דער שול אויף רי בי־פאָלט — זאָגט דער חשובער רב צבי באוער — ער גיט צו: — מיט דער שול פירן אָן גבאים, צווישן זיי: מר. מאַרסעל מאיר, ראָזשע דע סאדיא, וועלכע זענען פּרעזידענטן, און מר. סאמועל לאטעס איז סעקרעטאַר רעפּאָר־טער, מר. אבולקער און פּראָפעסאָר העגרי באַרוך זענען אדמיניסטראַ־

טאָרן, און נאָך אַנדערע. די שול פֿאַרמאָגט אויך אַ תלמוד תורה פֿון 80 תלמי־דים און תלמידות. זיי לערנען יעדן זונטיק און דאָנערשטיק אין דער פֿרי יהדות און עברית. עס איז אויך פֿאַראַן אַ גוט אײַנשטודירטער כאָר, אָנגעפֿירט דורך מר. סאַריאַ.

לסוף זאָגט דער חשובער רב צבי באַוער:

— אַלע אונזערע מתפּללים זענען בלב ונפש פֿאַר ישׂראל.

מיר געזעגענען זיך מיטן רב צבי באַוער מיט אַ האַרציקן יישר כּוח און — להתראות.

## די עלטסטע פּאַריזער סינאַגאָגע, רי נאָטרע דאַם דע נאַזאַרעט

די עלטסטע בית הכּנסת פֿון פּאַריז איז געבויט געוואָרן פֿון פּאַרנט, כּמעט אָן שום סימן פֿון אַ סינאַגאָגע. אָבער ווען מיר פֿאַרהייבן דעם בליק, דערזעען מיר ערשט דעם סימבאָל פֿון די לוחות, די צען געבאָטן. אונטער זיי — די רונדיקע פֿענצטערלעך, אין ביזאַנטינישן סטיל.

די ערשטע סינאַגאָגע האָט נאַפּאָלעאָן דער ערשטער באַוויליקט צו לאָזן בויען, אָבער זי זאָל זײַן אַרײַנגערוקט צווישן אַנדערע הײַזער, זי זאָל זיך נישט אָנזען פֿון דרויסן. ערשט פֿיל שפּעטער האָט מען צוגעבויט דעם האָל, די מאַיעסטעטישע טויערן, וועלכע ווערן ברייט אויפֿגעמאַכט בעת די יום־טובֿים, אָדער בעת אַ חתונה־שׂמחה, און בלומען באַצירן דעם וועג צום מקום קדוש.

ווי געזאָגט, איז די שול אויף רי נאָטר דאַם דע נאַזאַרעט געבויט געוואָרן מיט דער דערלויבעניש און לויטן דעקרעט פֿון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, אין יאָר 1808, דורך דער קאָנסיסטאָריע. אַ מאַרמאָר־טאָוול אויף דער מויער דערציילט וועגן דער דאָזיקער געשעעניש.

אין דער דאָזיקער שול קומען מתפּללים פֿון אַרום דעם פּלאַס רע־פּובליק, און פֿון כּמעט אַלע פֿיר אַראָנדיסמאַנען פֿון דער געגנט. די יידן זענען שטאַרק צוגעבונדן צו דער שול. עס קומען דאָ אָפֿט פֿאַר חתונות, בר מצוות, און פֿיל טרערן פֿון פֿרייד און נחת פֿאַרגיסן יידישע טאַטע־

מאַמע, ווען זייערע קינדער ווערן געפירט צו דער חופה, אָדער צו אַ בר מצווה, אין אַ מזלדיקער שעה.

אויף וויפל מיין זכרון דינט מיר, האָט די דאָזיקע שול זייט די לעצטע 50 יאָר אויפגענומען ביי זיך אַלע נוסחאות, סיי דעם אשכנזישן, סיי דעם ספרדישן. דאָס מיינט — איין פאָלק, איין תורה.

דאָס שטרייכן טאַקע אונטער די גבאים פון דער שול: נאָך קיינמאָל איז נישט געווען אַזאַ גרויסער צופלוס פון מתפללים, ווי היינט צו טאָג. וואָס עס איז נאָך פריידיקער, איז דער פאַקט, וואָס מען זעט אין דער שול אַזוי פיל יונגע מתפללים, און דאָס נישט בלויז אין די שבתים און יום־טובים, נאָר אפילו אויך אין דער וואָכן. עס ווערט געדאַוונט אין דער שול אויף די נאָטר דאָם דע נאַזאַרעט צוויי מאָל אין טאָג.

אין דער שול איז אויך פאַראַן אַ חדר; ער איז ספּעציעל געשאַפן געוואָרן, אויפן ווונטש פון די עלטערן, וואָס ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג, ווי אויך לערנען עברית. דער חדר איז טעטיק יעדן זונטיק און דאָנערשטיק, אינגאַנצן אומזיסט.

בעת דער אָקופּאַציע זענען פיל פון די מתפללים דעפּאָרטירט געוואָרן און אומגעקומען אין אוישוויץ. אויף דער מערב־וואַנט פון דער שול קען מען לייענען די נעמען פון די נאַצי־קרבנות. דער טאָוול איז ווי אַ נר תמיד, פאַר די קדושים און טהורים פון אָט דער עלטסטער יידישער שול אין פּאַריז.

